אַרבעטער רינג ביבליאָטעק

Pogrom

# פּאָגראָם געשיכטע

(1919—1920)

באַנד 1

# די אוקראַאינישע שחיטה אין 1919

— פון —

פּראָפעסאָר אליא חפץ

אַרויסגעגעבען פון דער
עדיוקיישאָנאל קאָמיטע פון אַרבעטער רינג

# אינהאלט







# פאָרוואָרט

דאָס ביילּיגענדע בוך איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען אויפ'ן גרונד פון דעם מאַטעריאַל, וואָס איז געקליבען געוואָרען דורך די באַפולמעכטיגטע פונ'ם אַל־אוקראַינישען הילפס־קאָמיטעט פאַר פּאָגראָם־קרבנות, אונטער דער אויפזיכט פון רויטען־קרייץ, פון וועלכען איך בין געווען דער פאָרזיצענדער. די דערמאָנטע אָרגאַ־ניזאַציע האָט געהאַט אַלס ציל ניט נאָר צו געבען מאַטעריעלע הילף צו די ליידענדע, מעדיצינישע הילף פאַר די פאַרוואונדעטע און צוקאַליעטשעטע, זאָרגען פאַר די אומגליקליכע פּאָגראָם־יתומים, נאָר אויך צו אונטערזוכען די געשעהענישען, וואָס זיינען פאָרגע־קומען אין אוקראַינאַ, און אָנווייזען דער אויסערדיגער וועלט זייער ריכטיגען כאַראַקטער. אום אָט די לעצטע אויפגאַבען צו דערפילען, האָבען די פאַרטרעטער פון דער אויבען־דערמאָנטער אָרגאַניזאַציע געמוזט מאַכען זייערע אונטערזוכונגען אויף די באַטרעפענדע ער־טער, לויט אַן איינהייטליכער פאָרם, וואָס איז באַשטימט געוואָרען פון דער צענטראַלער אינפאָרמאַציאָנס־אָפּטיילונג פון הילפס־קאָ־מיטעט אין קיעוו: 1) פאַרהערען די עדות — ניט נאָר די קרבנות, נאָר אויך זייטיגע מענשען, איבערהויפּט אַזעלכע, וואָס האָבען פאַרטראָטען אָפּיציעלע, געזעלשאַפטליכע אָדער רעגירונגס־שטעלען; 2) זאַמלען אַלע מאַטעריאַלען, ווי אויפרופען, פּראָקלאַמאַציעס, רע־זאָלוציעס א. אַז. וו., ווי אויך פאָטאָגראַפישע בילדער פון קרבנות און פּאָגראָם־סצענעס.

אין די גרעסערע אוקראַינער שטעט, ווי קיעוו, יעקאַטערינאָ־סלאַוו און אַנדערע, וואו עס האָבען זיך צענויפגעקליבען טויזענטער פליכטלינגען פון די פּאָגראָמירטע שטעט און שטעטלעך, זיינען פון דעם הילפס־קאָמיטעט אָרגאַניזירט געוואָרען ספּעציעלע ביוראָס,

וואו עס זיינען אויפגענומען געוואָרען דאָס עדות־זאָגען און אָפּי־ציעלע ערקלערונגען מצד די אָנגעלאָפענע וועגען די געשעהענישען אין זייערע היים־שטעט.

אין פאל פון גרעסערע פּאָגראָמען, מיט א מער קאָמפּליצירטען כאראקטער, זיינען פון אונזערע באפולמעכטיגטע אָרגאניזירט גע־וואָרען ספּעציעלע בעראטונגען, אין וועלכע עס האָבען זיך באטיי־ליגט אלע געזעלשאפטליכע און פארטיי־טוער פון די באטרעפענדע ערטער. ביי אָט די בעראטונגען זיינען דיסקוטירט געוואָרען די איינצעלהייטען פון די טרויעריגע געשעהענישען, ווי אויך באטראכט געוואָרען די אמת'ע אורזאכען פון די פּאָגראָמען. די אָפיציעלע פּראָטאָקאָלען זיינען אונטערגעשריבען געוואָרען פון אלע די, וואָס האָבען זיך באטייליגט. (אזא באריכט פון געזעלשאפטליכע און פארטיי־טוער וועגען אומאנער פּאָגראָם ווערט געגעבען אין דעם בוך אונטער קאפּיטעל 3.)

דאָס גאנצע מאטעריאל וועגען די פּאָגראָמען איז פון די ער־טער צוגעשיקט געוואָרען צו דער צענטראלער אינפאָרמאציאָנס־אָפּטיילונג, וואו מ'האָט עס אדורכשטודירט, ארויסגעוואָרפען אלעס, וואָס האָט אויף וועלכען ס'איז אופן געטראָגען א צווייפעלהאפטען כאראקטער, און סיסטעמאטיזירט אלעס וויכטיגעס און אָביעק־טיוועס.

אין זעהר וויכטיגע אויסנאַם־פאלען האָט דער צענטראל־קאָ־מיטעט פון דער הילפס־אָרגאניזאציע געשיקט ספּעציעלע עקס־פּערטען מיט גרויסע יורידישע און אונטערזוכונגס־פעהיגקייטען צו אונטערזוכען אויפ'ן שטעל די געשעהענישען, כדי צוזאמענצושטע־לען אויפ'ן אָרט וועגען דעם א דעטאליזירטען און גרינדליכען באריכט. אזא אונטערזוכונגס־עקספּערט פלעגט דורכקוקען דאָס שוין־אָנגעזאמעלטע מאטעריאל, עס דערגאנצען, ווען נייטיג, מיט ניי־עדות־אויסזאָגונגען און דאָקומענטען, וואָס האָבען א דירעקטע שייכות צו די פּאסירונגען. דאָס גאנצע אונטערזוכונגס־מאטעריאל איז סאָרטירט און צעטיילט געוואָרען אין בענדער, ווי פאר גע־ריכטליכע צוועקען. אין דעם באריכט, וואָס איז צוזאמענגעשטעלט געוואָרען אויפ'ן גרונד פון דעם אונטערזוכונגס־מאטעריאל, פלעגט מען ביי וויכטיגע באווייזען אָנגעבען דעם באנד און אָרט, וואו זיי געפינען זיך. אויף אזא אופן זיינען דערשינען די באריכטען פון

דעם גוט־באַקאַנטען אדוואָקאַט, דעם פאַרטיידיגער אין דעם האָ־מעל'ער פּאָגראָם־פּראָצעס, אַרנאָלד הילערזאָן. זיין באַריכט וועגען פּראָסקוראָווער פּאָגראָם וועלען די לעזער געפינען אין צווייטען קאַפּיטעל פון דעם בוך. (דאָס אונטערזוכונגס־מאַטעריאַל פאַר־נעמט עטליכע בענד מיט מערערע הונדערט זייטען; אין די וויכ־טיגערע שטעלען פון באַריכט ווערען אָנגעגעבען די נומערן פון באַנד און זייט.)

אַלס אָרגאַניזאַציע פון דעם רויטען־קרייץ האָט דער הילפס־קאָמיטעט ניט פאַרפאָלגט קיין פּאָליטישע טענדענצען; ער האָט געשטרעבט, אויפ'ן געביט פון אינפאָרמאַציע, צו זאַמלען, אויס־שליסליך, אַבסאָלוט אָביעקטיווען מאַטעריאַל, וואָס קאָן פון אַלע זייטען באַלייכטען די געשעהענישען.

די אוקראַינער פאַרוויקעלטע סיטואַציע מיט מערערע אוקראַי־נער מלחמה־פראָנטען, ווי אויך די גאַנצע סביבה פון בירגער־קריג, האָבען ניט געגעבען אונזערע באַפולמעכטיגטע די מעגליכקייט צו זאַמלען דאָס גאַנצע מאַטעריאַל פון אַלע פּאָגראָמען. מיר מוזען אָבער זאָגען, אַז דאָס מאַטעריאַל, וואָס עס איז געלונגען צוזאַמענ־צוקלייבען מיט דעם סכנות־נפשות פון די פאַרטרעטער פון הילפס־קאָמיטעט, איז פאָלשטענדיג גענוג צו באַלייכטען די אידישע טראַ־געדיע אין אוקראַינע אין יאָר 1919, און צו מאַכען דערפון אַ ווי־סענשאַפטליך־באַגרינדעטען סאָציאַל־פּאָליטישען אַנאַליז.

אויפ'ן גרונד פון דעם גאַנצען מאַטעריאַל, וואָס איך האָב געהאַט אין מיין רשות, האָב איך אָנגעשריבען אָט דעם בוך, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר מיינע פּערזענליכע אָנזיכטען און שלוסען דערפון, לויט די טראַגישע, שטורעמדיגע אוקראַינישע פּאַ־סירונגען, וואָס האָבען זיך אָפּגעשפּילט פאַר מיינע אויגען.

די וויכטיגסטע דאָקומענטען זיינען אריינגעשטעלט אין די פּאַסענדע שטעלען פון בוך. אין דער אידישער אויסגאַבע זיינען, ליידער, צוליב טעכנישע אורזאַכען, ניט אַלע דאָקומענטען איינגע־שלאָסען; — די, וואָס אינטערעסירען זיך מיט אַלע איינצעלהייטען פון די אוקראַינער שחיטות, זאָלען זיך ווענדען צו דער ענגלישער אויסגאַבע, וואו אַלץ געפינט זיך אין אַ ספּעציעלער ביילאַגע.

עס איז שוין אוועק מער ווי אַ יאָר זייט עס האָבען זיך אָפּ־געשפּילט די קאָשמאַרישע פּאַסירונגען, וואָס ווערען געשילדערט דאָ

אין בוך. צום אומגליק, האָבען זיי זיך ניט געענדיגט מיט'ן טרויעריגען יאָר 1919; צום שרעק און שוידער פון דעם בעסערן טייל פון דער מענשהייט זיינען ענליכע שחיטות אויף אידען פאָר־געקומען אין יאָר 1920 אין פילע לענדער און געגענדען חוץ אוקראַינע — און נאָך זייער בלוטיגען פאָטענציאַל האָבען זיי איבערשטיגען די געשעהענישען פון פריערדיגען יאָר. אין אוקראַי־נע גופא האָט אין יאָר 1920 די רעאקציע פאָרגעזעצט איר בלו־טיגע און שענדליכע אָרגיע. די טענדענץ פון דער פּאָליטישער רעאקציע, וואָס ווערט אָנגעמערקט אין דעם בוך — דאָס שאַפען פון אידישע שחיטות אלס מיטעל פאר דעם פּאָליטישען קאמף — דריקט זיך אויך אויס אין די פאסירונגען פון דעם יאָר 1920.

צום שלוס פון מיין פאָרוואָרט וויל איך אויסדריקען מיין טיפען דאנק און געפיל פון אויפריכטיגער צוגעבונדענקייט צו די פערזאָנען, וועמעס מיטארבעטונג אין דעם אַל־אוקראַינישען הילפס־קאָמיטעט האָט מיר געגעבען גייסטיגע באפרידיגונג א דאנק אונ־זער הילפס־טעטיגקייט צו גונסטען די אומגליקליכסטע פון אומ־גליקליכע, און וועמעס קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונג פון אַלע כחות און זעלבסטאָפּפער אין דער זאמלונג פון דעם אינפאָרמאַציאָנס־מאַטעריאַל האָט מיר געגעבען די מעגליכקייט אָנצושרייבען דעם בוך.

פון די נעהענטערע חברים מיינע וויל איך דאָ אָנרופען די פאָלגענדע: דר. פ. י. ראָזענטאַל, (ליטעראַרישער נאָמען אנמאַן), דר. פ. י. לאנדער, אינזשינער ל. וו. פרענקעל, ש. י. חפץ, דר. ל. נ. העלער, אדוואָקאַט י. הילערזאָן, און יצחק גיטערמאַן.

אליא חפץ.

ניו־יאָרק, 31־טען דעצעמבער, 1920.

ב

# די סאָציאַל-פּאָליטישע אורזאַכען פון דער אידען-שחיטה אין אוקראַינע אין 1919

די שרעקליכע אידען־שחיטה פון 1919, וואָס האָט ארומגע־כאַפּט און זיך פארשפרייט איבער גאַנץ אוקראַינע, פון איין עק ביז'ן צווייטען — קאָן ניט אוועקגעשטעלט ווערען אין איין ריי מיט די פּאָגראָמען פון די אכציגער יאָרען און פון דעם ערשטען יאָרצענדליג פון אונזער יאָרהונדערט. זי שטייט אין גאַנצען באַזונדער, ווי נאָך איר אומגעהייער גרויסער צאָל קרבנות, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט, און דעם ברייטען שטח, וואָס זי האָט פאַר־כאַפּט, אַזוי אויך לויט דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער אירען, לויט איר סאָציאַלען און פּאָליטישען יסוד און לויט די אורזאַכען און קרעפטען, וואָס האָבען אין איר געווירקט.

די דעספּאָטישע, צאַרישע זעלבסטהערשאַפט האָט געשטרעבט אָפּצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון די פאָלקס־מאַסען, וועלכע זיינען אומצופרידען געווען מיט זייער שווערען אומדערטרעגליכען סאָציאַלען און פּאָליטישען מצב, אין א צווייטער זייט, אין דער זייט פון קלענסטען ווידערשטאַנד, אויפרייצענדיג די דערשלאָגענע, פאַרפינסטערטע פאָלקס־מאַסען אויף דעם שעיר לעזאזל, דעם שוצ־לאָזען אידען, ווי אויף דעם איינציגען שולדיגען אין די פאָלקס־צרות און ליידען. אויפ'ן אידען ווערט אָנגעוויזען ווי אויף דעם עקספּלואַטאַטאָר און באַדריקער פון ארבייטענדען פאָלק, ווי אויף א פּיאַווקע, וואָס זויגט אויס פון דעם פּויערטום זיין שווייס און בלוט, וואָס באַרויבט אים פון די פרוכט פון זיין שווערער עקאָ־נאָמישער טעטיגקייט.

שפּעטער, ווען די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע הייבט זיך אויף הויך, ווערט דורך די אגענטען פון צאַריזם דאָס אידישע פּאָלק אַרויסגעשטעלט אין די אויגען פון המון, ווי דער טרעגער און פאַרשפּרייטער פון אומרוהען, אויפרור און „קראַמאָלע", וועלכער הערט ניט אויף צו בונטעווען נעגען דעם קייזער און פאָטערלאַנד. די פּאָגראָמען געגען אידען פאַלען אמאָל צענויף מיט די מסוכנ'סטע קריטישסטע מאָמענטען, וועלכע די מלוכה־אָרדנונג לעבט איבער, און געהען נאָך זייער פאַרנעם און אינטענסיווּיטעט, לויט זייער „פּאָגראָמנעם־פּאָטענציאַל" אַלעמאָל פּאַראַלעל דער רעוואָלוציאָנע־רער כוואַליע, דעם אויפשוואונג אָדער מפּלה פון דער רעוואָלוציע.

די דריי פּאָגראָמען־כוואַליעס: אין אָנפאַנג פון די 80־ער יאָרען, אין די ערשטע יאָרען פון אונזער יאָרהונדערט פאַר דער ערשטער רעוואָלוציע, די יאָרען פון 1903 ביז 1905, און די כוואַליע, וואָס קומט אוממיטעלבאַר נאָך דער רעוואָלוציע (ענדע 1905 און 1906) אַנטשפּרעכען נאָך זייער אַמפּליטאַציע: די ער־שטע — דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די אינטעליגענטישע אָרגאַניזאַציעס, די אַזוי־גערופענע „פּאָלקיסטישע" (נאַראָדניטשע־סקע) — „ערד און פרייהייט", „פּאָלקס־פרייהייט"; די צווייטע — דער אָנגעשטרענגטער פולער מיט רעוואָלוציאָנערען דראַנג אַטמאָ־ספּערע, מיט קאָלאָסאַלע שטרייקען אויף דרום־רוסלאַנד און פּוי־ערשע אומרוהען און פאַרכאַפּונגען פון ערד; און די לעצטע — דער קראַך פון דער ערשטער רעוואָלוציע און די "באַרוהיגונגס"־עפּאָכע.

די פּאָגראָמען פון די אכציגער יאָרען זיינען געווענדעט, הויפּטזעכליך, צום צעראַבירען דעם אידישען פאַרמעגען. אידישע האָב און גוטס ווערט צעראַבירט. מען לאָזט אַרויס די פעדערען פון די קישענס, די מעבעל ווערט צעבראָכען, ווערטפולע חפצים און געלט נעמען די ראַבירער צו פאַר זיך. עס טרעפען פיל פאַלען פון מאַנס זיין פרויען, פון שטאַרקען צעשלאָגען מענער, נאָר אַלץ "מיט חסד", קיין טויט־קלעפּ איז ניט צו באַמערקען.

די פּאָגראָמען אין קישינעוו (1903), האָמעל (1903), זשיטאָ־מיר (אַפּריל, 1905) טראָגען שוין אַ בלוטיגען כאַראַקטער. זיי ווערען באַגלייט דורך הריגות פון אידען, מען ציילט שוין אַן צענדליגער קרבנות.

די פּאָגראָם־כוואַליע נאָך דער רעוואָלוציע (1905־1906) פלאַ־קערט זיך פאַנאַנדער אויף אַ גאַנץ גרויסען שטח. דער אַלגע־מיינער סכום פון די קרבנות דערגרייכט ביז 1000. ווי עס האָט זיך נאכהער אויפגעקלערט ביים געריכטליכען פאַנאַנדערקלייבען די פּאָגראָם־געשעהענישען, האָט זיך אומעטום ניט נאָר געפילט, נאָר גאַנץ בולט און אָפען ארויסגעזעהן די אָרגאַניזאַטאָרישע טע־טיגקייט פון די אַגענטען פון דער אדמיניסטראַטיווער מאַכט, פון אַלע ראַנגען, פון דער העכערער, מיטעלער און נידעריגער.

דורך דער פּאַרלאַמענט־קאָמיסיע פון דער ערשטער רייכס־דומע, פון די אויפדעקונגען פון געוועזענעם געהילף־מיניסטער פון אינערען, פירסט אורוסאָוו; און פון דעם אויסזאָגען פון חדר פון דעם געוועזענעם מלוכה־דירעקטאָר פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, לאָפּוכין, ווערט באַשטעטיגט דאָס, וואָס אַלע האָבען אַזוי אויך געוואוסט פּאָראויס: אַז אַלע ברעגעס פון די פּאָגראָם־פּעדים גע־פינען זיך אין די הענט פון די העכסטע פאָרשטעהער פון דער מלוכה־מאַכט, פון דעם אַלמעכטינען מיניסטער פאַר אינערליכע ענינים און דעם מלוכה־דירעקטאָר פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט — דאָרט ווערען באַשטימט די פונקטען, וואו עס זאָלען פּאָרקומען די פּאָגראָמען; דאָרט ווערט אָנגעצייכענט, ווי אַזוי עס דאַרף זיך פאַנאַנדערשפּילען די פּאָגראָם־דראַמע, און די פאָרשטעהער פון דער מאַכט אויף די ערטער ניט מען פון דאָרטען די געהעריגע אינסטרוקציעס.

די פּאָגראָמען פון צאַרישען פּעריאָד קומען פאָר כמעט אויס־שליסליך אין דרום, אין אוקראַינע, און ספּעציעל אין אוקראַינישען שטאַט. די אוקראַינישע גרויסע שטעט, ווי קיעוו, אָדעס, יעקאַ־טערינאָסלאַוו, מיט זייער הייליגען, קאָכיגען טעמפּ אין עקאָנאָ־מישען לעבען, מיט זייערע קאָלאָסאַלע רייכקייטען, מיט זייער שטאַרק־דיפערענצירטער באַפעלקערונג, צווישען וועלכע די קלאַ־סען־געגענזאַצען זיינען זעהר פאַרשאַרפט, די באַציהונגען העכסט אָנגעשטרענגטע, — די גרויסע שטעט מיט זייער אומצאָליגען פּעבעל, מיט פינסטערע, דערשלאָגענע, אומבאַוואוסטזיניגע, הונ־געריגע מאַסען — האָבען פּאָרגעשטעלט דעם דאַנקבאַרסטען באָדען פאַר אַן אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע. אייניגע שיכטען פון פּאָלקס־דעק פון שטאָט זיינען ספּעציעל געניגט צו עקסצעסען און אומ־

רוהען (ווי למשל די גאַסען־מענשען, טרעגער, פּאָרט־אַרבייטער און אַנדערע).

דאָס באַאַמטענטום און די אינטעליגענץ (לערער, גייסטליכע און אַפּילו די פּראָפעסור) פון די דרום'דיגע שטעט איז כמעט דורכאויס שוואַרץ־מאה'דיג. די צענטראַלע מלוכה־מאַכט האָט שטרענג נאָכגעקוקט, אַז אַלע, וואָס האָבען די מינדעסטע שייכות צו מלוכה־דינסט, זאָלען זיין פּולקום „צופאַרלעסיגע", זיכערע, ד. ה., זיין צוגעפּאַסט צו דער עקסט־רעאַקציאָנערער פּאָליטיק פון דער צענטראַלער מאַכט און זיי זאָלען זי כשר, אין רעאַקציאָנערען גייסט און גוסט, דורכפירען אויף די ערטער.

די פּאָגראָמען אין צאַרישען פעריאָד זיינען אַן ערשיינונג אויסשליסליך אַ שטאָטישע; דעם אוקראַינישען דאָרף האָט עס ניט באַרירט. עס בויאַנעט, ראַבירט, פאַרגוואַלטיגט נאָר דער שטאָטישער פעבעל, דער אָפּוואורף פון שטאָט־דעק. די פּאָגראָם־אַרענאַ איז נאָר די שטאָט און די מער באַדייטענדע שטעטלעך.

גאַנץ אַנדערש איז די שחיטה פון 1919 — אין איר שפּילט די ערשטע ראָלע דער אוקראַינישער דאָרף, די אוקראַינער פּויערים־מאַסע, — ווי אין דער פאָרם פון די אוקראַינער מיליטערישע פּאַר־טיזאַנער אַרמייען, אַזוי אויך אין די האַלב אָדער גאַנץ אָרגאַני־זירטע אויפשטאַנדיגע צעבונטעוועטע באַנדעס.

די פּאָגראָם־כוואַליע נעהט פון דאָרף צום שטאָט, כאַפּט אַרום מיט קאָנצענטרישע קרייזען דאָס גאַנצע לאַנד — אין צענטער גע־פינט זיך דער דאָרף, פון אים געהט אַרויס דער אימפּולס, דער דראַנג צו דער שחיטה, ער גיט דעם הויפּט־טאָן, ווייזט די ריכט־ליניען פון דער פּאָגראָם־באַוועגונג; די ראָלע פון דעם שטאָטישען פעבעל איז שוין פון צווייטער וויכטיגקייט: ער איז נאָר אַ נעבען־זאַך, און איז נאָר אַ שוואַכערער מיטהעלפער פון דאָרף, אַן אויס־פירער פון זיין ווילען.

די גרויסע שטעט, ווי אָדעס, קיעוו, ביז'ן אָנקומען פון דע־ניקין, מיידט אויס די כוואַליע, וועלכע האָט פאַרפלייצט איבער 700 פּונקטען און האָט פאַרניכטעט כמעט די גאַנצע אידישע באַ־פעלקערונג פון אוקראַינער דאָרף און שטעטעל.

ניט דעם ערשטען מאָל קומט אויס דעם אוקראַינער אידענטום איבערצולעבען די פּאָגראָם־שרעקען און קאָשמאַרען. צוויי מאָל

שוין אין דער געשיכטע פון אוקראַינע איז די אידישע באַפעלקע־רונג אויסגעקוילעט געוואָרען מיט אַ שרעקליכער אימה'דיגער אכזריות; דאָס זיינען געווען די פעריאָדען פון אוקראַינישען שטורעם און דראַנג, דער אויפשטאַנד פון דער פויערימשער הייד־דאַמאַטשינע געגען זייערע באַדריקער, געגען די פוילישע פריצים און דער מלוכה־מאַכט.

די אידען באַזעצען זיך אין אוקראַינע צו ענדע פון דעם 10־טען יאָרהונדערט. אויסוואַנדערער פון ליטע און פוילען, גע־פינען זיי דאָ אומבאַפעלקערטע ברייטע וויסטערייען און אַ ניט־געדיכטע דאָרף־באַפעלקערונג. ביסלעכווייז וואַקסען אויס שטעט, פריצימשע שלעסער און שטעטלעך. די פוילישע שליאַכטע האָט צוגעצויגען צו דער קאָלאָניזירונג צוגלייך מיט דער קליינער שליאַ־כעטסטוואָ און פאַראָבקעס (כאָלאָפּעס) אויך די אידען, ווי אַ קלאַס פון סוחרים, אונטערנעמער און בעלי־מלאכות. אין גיכען, אַ דאַנק דעם אונטערנעמונגס־גייסט און פעהיגקייט פון די אידען, לעבט שטאַרק אויף די עקאָנאָמישע טעטיגקייט. אין זייערע הענט קאָנ־צענטרירען זיך די פאַרשידענאַרטיגע געווערבע צווייגען, די פראָ־דוקציע פון סעליטרע און פּאָטאַש, דער פיש־פאַנג, דער חיות־פאַנג און די בראַנפען־ברויערייִ און אויסשענק. נאָר אַ אומבאַדייטענ־דער קליינער טייל אידענטום איז רייך. לויט די אָנגאַבען פון בערשאַדסקי, ווערען די האַנדעלס־ און קרעדיט־אָפּעראַציעס פון ס'רוב אידען געפירט נאָר אין ווייניגע רובעלס, פיל־פיל איז אין צענדליגער רובעלס, און שטייגען קיינמאָל ניט אַרויף העכער פון קליינע הלואות צו שכנ'ישע פויערים, שטאָטישע קליינבירגער און טאַטאַרען; נאָכמער, די אָפּעראַציעס פירען די אידען מיט דעם געלט, וואָס זיי אַליין האָבען אנטליען ביי דער קריסטליכער רייד־כער באַפעלקערונג (גלחים, פריצים, שטאָטישע בירגער).

ניט זעלטען דאַרפען זיי פאַר'משכונ'ען שטוב־זאַכען, אַפילו די לעצטע קליידער, אום צו קריגען די נייטיגע הלואה'לע ביים פריץ, מיט וועלכער, איבערלייענדיג עס די אָרימע קריסטען, זיי וועלען קאָנען צונויפשלאָגען זייער שוואַכע ביטערע חיונה. צי עס זיינען געווען וועלכע עס איז מיסברויכען אָדער פאַרברעכענס מצד דער אידישער מאַסע צו דער קריסטליכער באַפעלקערונג?

ווי עס ווייזט אָן דער אוקראַינישער געשיכטע־שרייבער איוואַן פראַנקאָ אויף מקורים, וועלכע זיינען נאָר נאָענט צו כמעלניצקי'ס עפּאָכע, ווערט דאָרט קיין זאַך ניט דערמאָנט וועגן דעם, וואָס מען האָט שפּעטער די אידען פאָרגעוואָרפען: ארענדירען קלויס־טערס.

„מיסברויכען מצד די אידען — זאָגט פראַנקאָ — אויף וויפיל זיי זיינען יאָ געווען, טרעטען אָפּ אויפ'ן הינטערפלאַן אין פאַרגלייך מיט די פאַרברעכענס מצד דער פוילישער רעגירונג און פוילישע מיליטער־לייט."

אָבער די ברייטע שיכטען פון דעם קאָזאַקענטום האָבען זיך ניט געקאָנט פאַנאַנדערקלייבען אין דער פראַגע, ווער עס איז מער שולדיג אין זייער קנעכטשאַפט, אין זייער אונטערדריקטקייט. די אויפגעשטאַנענע אוקראַינע, מיט כמעלניצקי'ן בראש, וואַרפט אראָפּ פון זיך די שווערע קייטען פון פּאָליטישען און עקאָנאָמישען יאָך, אָפּווישענדיג פון דער ערד די פּריצים צוזאַמען מיט זייערע פאַר־מיטלער — די ארענדאַטאָרען און פאַקטאָרען, די אידען.

די געשעהענישען פון 1648־1658 מיט זייערע העלדען — קריוואָנאָס, האָנעי, מאָראָזענקאָ, טימאָפיי (א זון פון באָגדאַן כמעל־ניצקי), קאַלאַדע און אנדערע, האָבען געקאָסט דעם אידענטום, לויט דער ניט־גוזמאות'דיגער, זעהר פאָרזיכטיגער אויסרעכענונג פון שבתי כהן, ביז 100,000 לעבענס (די דאַמאָלסטיגע געשיכטס־כראָניקען רעדען וועגען א האַלבען מיליאָן). עס זיינען צעפּאָ־נראָמירט געוואָרען עטליכע הונדערט אידישע ישובים.

הונדערט יאָר שפּעטער כאַפּט ווידער ארום אוקראַינע א כוואַ־ליע פון אויפשטאַנד. לויט איר ווילדקייט און אוממענשליכע אכזריות שטעהט די „היידאַמאַטשינע" ניט אָפּ פון די קאָזאַקישע בונטען פון באָגדאַן כמעלניצקי'ס צייטען. דער נאַנצער אָנגעקלי־בענער צאָרן, אויפרעגונג און האַס געגען דעם עקאָנאָמישען און פּאָליטישען יאָך (די איינפירונג פון פּאַנשטשיזנע, די רדיפות אויף זייער רעליגיע, די אכזריות ווי מצד די אגענטען פון דער מלוכה־מאַכט, אזוי אויך מצד די פּריצים), האָט זיך אויסגעגאָסען אין דער באַוועגונג:

ווי ערב דער כמעלניטשינע, אזוי אויך מיט הונדערט יאָר

שפעטער, איז אין אוקראַינע טעטיג דער אידישער ארענדאַטאָר, דער אומפּאַרבייטליכער באַגלייטער פונ׳ם פּריץ, דער אויספירער און דורכפירער פון זיין ווילען בנוגע דעם דאָרף. דאָס רופט ארויס, פאַרשטענדליך, נעגען די אידען א האַס פון דער פויערים־מאַסע.

דער אויפשטאַנד פון 1734, אונטער דער פירערשאַפט פון גריווע, איז געגאַנגען אונטער דעם לאָזונג: „עס איז געגעבען גע־וואָרען פרייהייט צו ראַבירען די זשידעס און טויטען די ליאַכעס (זידעלוואָרט פאַר פּאָליאַקען).“ אין די פערציגער יאָרען פון דעם־זעלבען 18־טען יאָרהונדערט, האָט „דער אַטאַמאַן און גרויסער העטמאַן פון היידאַמאַקישען חיל“ וואַסקאָ וואַשצילאָ, אָפען אָנגע־וויזען אין זיין אויפרוף, אז זיין ציל איז די פאַרניכטונג פון אידי־שען פאָלק און די באַשיצונג פון קריסטענטום. „באַוועגט דורך אייפער צום היילינגען קריסטליכען גלויבען — זאָגט ער — און כדי נאָטס צאָרן פאַר די אלע בייזע מעשים זאָל זיך ניט אויסגיסען אויך אויף די קעפּ פון אומשולדיגע, האָב איך מיר באַשלאָסען, אויף וויפיל עס וועלען מיר דערלויבען מיינע קרעפטען, צוזאַמען יד אחת מיט אנדערע קעמפער, וועלכע ליבען דאָס קריסטענטום, אויסצוראָטען דעם פאַרשאָלטענעם אידישען פאָלק, און שוין מיט גאָטס הילף האָב איך אויסגעשאָכטען די זשידעס אין די סטאַראָ־סטווען (אדמיניסטראַטיווע צוטיילונגען) קריטשעווער און פּראָ־פּאַיעווער; און כאָטש די זשידעס האָבען זיך באַמיט ארויסצו־שטעלען נעגען מיר רעגירונגס־מיליטער, דאָך האָט דער גערעכטי־גער גאָט מיך אָפּגעהיט אין אלע פאַלען. האָפענדיג אויף גאָטס חסד און לייטזעלינקייט, וועל איך ענדיגען מיין געטליכע שליחות אין היילינגען קאַמף נעגען די אומגלויביגע.“

דער שרעקליכסטער פאַר׳ן אוקראַינישען אידענטום איז דער 1767־טען יאָר — דער אויפשטאַנד פון זשעלטיטשקאָ און גאָנטאַ — ער איז געווען באַצייכענט מיט דער שרעקליכער שחיטה אין אומאַן. די אידען האָט מען אויסגעמאָרדעט אויך אין פאַסטאָוו, גראַנאָוו, זשיוואַטאָוו, טולטשין און דאַשעוו.

נאָך די עדות פון מענשען, וועלכע האָבען עס דאָן איבערגע־לעבט, איז אין דער היידאַמאַטשינע אומגעקומען פון 50 ביז 60

טויזענד אידען.*) עס זיינען פאַראיבער נאָך 150 יאָר. דער אוקראַינישער דאָרף האָט זיך באַרוהיגט, האָט געפונען זיין גלייכ־געוויכט. פיל אָנשטרענגונג און מיה האָט געקאָסט דעם אוקראַי־נישען אידענטום ווידער אויפצושטעלען זיין עקאָנאָמישען וואויל־שטאַנד. דער דאָרף האָט אַליין געטראָפען זיך איבערהויפּט מיט'ן אידישען מעקלער. מיט די אידישע פּרימע מאַסען, מיט דעם אי־דישען בעל־מלאכה האָט דאָס פּויערטום באַגעגענט זיך זעלטען, מיט'ן אידישען אַרבייטער גאָרניט. אין די באַגריפען און פאָר־שטעלונגען פון פּויערטום האָט דער איד, ווי פריהער, נאָך אַלץ פאַרנומען דעם אָרט פון אַ פאַרמיטלער צווישען אים, דעם אַר־בייטענדען, האָראָפּאַשנעם פאָלק פון איין זייט און די פּאַנעס, די פּריצים און די שטאָטישע רייכע לײדיג־געהער פון דער צווייטער. דערביי איז דער איד פיל נענטער צו די לעצטע, איידער צום פּוי־ערטום.

די געשיכטליכע אומסימפּאַטיע צו די אידען איז פאַרבליבען; אָבער קיין שנאה איז ניטאָ; אַ גוטמוטיגע, אָבער דאָך פון אויבען אַראָפּ באַציהונג ווי צו אַ פרעמדען, אַ ביטול־באַציהונג פון אַ קלו־גען, אויסגערעכענטען, כיטרען אוקראַינישען פּויער צו אַ שטאָ־טישען אידען אַ פאַרמיטלער. צווישען דעם אידענטום און דעם אוקראַינישען דאָרף האָבען זיך איינגעשטעלט פריידליכע גוט־שכנות־דיגע באַציהונגען, וועלכע זיינען ניט צעשטערט געוואָרען אין משך פון די שטורעמדיגע געשעהעניששען פון די לעצטע צוויי יאָרהונ־דערטער פון דער רוסישער ווירקליכקייט.

אַלע געליטענע אידען פון דער גרויסער צאָל אוקראַינישע שטעט און שטעטלעך, וועמעס גאַנצער פאַרמעגען און ס'רוב נאָנטסטע און ליבסטע עס זיינען אומגעקומען אין דעם גרויסען חורבן פון 1919, דערציילען אין איין קול וועגען דעם פרידליכען, גוט־שכנות־דיגען און פריינדליכען צוזאַמענלעבען פון אוקראַינישען פויערטום און דער אידישער באַפעלקערונג פון די שטעט און שטעטלעך.

---

*) די ציפער וועגען די פּאָגראָמען פון כמעלניטשינע און הײדאַ־מאַטשינע זיינען גענומען פון דער „געשיכטע פון אידען אין רוסלאַנד“, 1טער באַנד, מאָסקווע, 1914.

אָט די פרידליכע נוטע באַציהונגען האָבען זיך אין אַ געוויסער מאָס איבערגעפירט אין דער צייט פון דער העטמאַנשטשינע און דער דייטשער אָקופּאַציע.

די שטאָטישע און שטעטלשע באַפעלקערונג, ווי די קריסט־ליכע אַזוי אויך די אידישע, האָט באַוויזען פאַר דער צייט שטאַרק זיך צו באַרייכערען. דאָס איז געוועזען אַ פעריאָד פון ווילדער אומגעצוימטער און מיט קיין זאַך ניט באַגרענעצטער ספּעקולאַציע מיט סחורות און געלט, פון קאָנטראַבאַנד־האַנדעל מיט סאָוויעט־רוסלאַנד, פון קאָנטראַבאַנדנעם אריבערפאָרען דעם נייטראַלען ערד־פּאַס.

דאָס פויערטום אָבער, אַלס אַזעלכער, האָט ניט געקאָנט אַזוי באַדייטענד פאַרגרעסערען זיין וואוילשטאַנד. זייערע פּראָדוקטען פלעגט מען אָפּנעמען פון זיי איבער געוואַלט, אויף נידעריג־טאַק־סירטע פּרייזען, אום עס ארויסצופירען קיין דייטשלאַנד.

אויפ'ן באָדען פון אָט די פאַרגרעסערטע, גוזמא'דיגע קלאַנגען וועגען דער „אידישער רייכקייט“, אַנטוויקעלט זיך אין פויערטום אַ קנאה און אויך אַ שטאַרקער באַגער צו באַקומען די שטאָטישע פּראָדוקטען (מאַנופאַקטור, שיך), וועלכע פעלען לחלוטין אין אוקראַינישען דאָרף און וועלכע זיינען לויט די קלאַנגען פאַראַן אין איבערפלוס ביים שטאָטישען און שטעטלשען אידענטום.

די אַנטי־אידישע שטימונג ווערט שטאַרקער אין דאָרף מיט'ן אָנקומען פון דער ראַטען־מאַכט קיין אוקראַינע. די מאַכט איז אין דער מיינונג פון דאָרף אַ געקומענע, אַ פרעמדע, אַ מאָסקאַ־לישע, אירע קאָמוניסטישע טענדענצען זיינען אים פרעמד און אפילו פיינדליך, ווי אַ באַזיצענדען, פאַרמעגליכען פויער. חוץ דעם, טרעט די ראַטען־מאַכט ארוים בנוגע דעם פויער, וועלכער האָט שוין פאַרכאַפּט די פּריצישע ערד, וואָס ער האָט פאַררעכענט פאַר זיין אומבאַשטרייטבאַרען הייליגען אייגענטום, וועלכען קיי־נער קאָן אים ניט אָפּנעמען, — געגען אים טרעט ארוים די ראַטען־מאַכט, ווי אַ פּיסקאַלע מאַכט, וואָס רעקווירירט ביי אים ברויט און אַנדערע לאַנדווירטשאַפטליכע פּראָדוקטען נאָך באַשטימטע „האַרטע“ פּרייזען און באַצאָלט אים פאַר די פּראָדוקטען מיט ווערטלאָזע אוננוציגע פּאַפּירלעך.

צווישען דעם אוקראַינישען דאָרף און די ראַטען הייבט זיך אָן א לאַנגער פאַר'עקשנ'טער, שווערער קאַמף.

די ראַטען־סיסטעם האָט צום ערשטען מאָל באוויזען דעם אוקראַינישען דאָרף אַ איד, אַ באַאַמטען, אַ פאָרשטעהער פון דער מלוכה־מאַכט.

ביי דער צאַרישער מאַכט האָט ער אַזעלכעס ניט געזעהן. דאַן האָבען אידען קיין מלוכה און געזעלשאַפטליכע שטעלעס ניט פאַר־נומען; פאַר דער צייטווייליגער רעגירונג פון קערענסקי איז די גאַנצע מאַכט אין אוקראַינע פאַקטיש געווען אין די הענט פון דער „צענטראַלער ראַדע“, ביי וועלכער אַלע שטעלעס אויף די ערטער האָבען פאַרנומען אוקראַינער, געוויינליך פאָרשטעהער פון דער אָרטיגער באַפעלקערונג. ביי דער ראַטען־מאַכט אָבער זיינען, ווי אין צענטער, אַזוי אויף די ערטער צווישען די פאָרשטעהער פון דער מאַכט, געווען אויך אידען; אין די שטעטלעך, וואו די איבער־וויגענדע מערהייט פון דער באַפעלקערונג איז אַ אידישע, געפינט זיך אין די עקזעקוטיווע קאָמיטעטען ניט קיין קנאַפּע צאָל אידען. שוין דער פאַקט אליין, אַז צוגלייך מיט דעם אידען דעם מעקלער עקזיסטירט אַ איד אַ באַאַמטער, אַ פאָרשטעהער פון דער מלוכה־מאַכט, רופט אַרויס אין אוקראַינישען פויער אַ געפיל פון שנאה. דער אוקראַינישער פויער איז בכלל געניינגט אַלע זינד פון דער נייער מאַכט בנוגע אים, — און אַזעלכע זיינען דאָ אַ סך (רעקווי־זיציע, מאָביליזאַציע, די „טשרעזוויטשאַיקעס“ און וייערע צעשי־סונגען, א. ד. ג.), — אַרויפצוטראָגען אויפ'ן קאָנטאָ פון די אידי־שע קאָמיסאַרען און איבער זיי אויפ'ן חשבון פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג פונ'ם גאַנצען שטעטעל אָדער שטאָט.

דער איד, אויף וועלכען דער פויער איז געוואוינט צו קוקען פון אויבען אַראָפּ, מיט פאַראַכטונג, ווערט פּלוצלונג זיינער אַ מושל, אַ מאַכט, אַ באַפעלער, וועלכער האָט רעכט צו פאַראָרדנען איבער אים, און ער מוז זיך באַציהען צו אים מיט רעספּעקט. דער־צו איז דער איד געוואָרען אַ פאָרשטעהער פון אַ מאַכט אַ פרעמ־דער און געהאַסטער פון דאָרף. דער פויער הייבט אָן מיט חשד זיך צו באַציהען צו דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג, וועלכע ער פאַררעכענט פאַר אומבאַדינגטע אָנהענגער פון דעם ראַטען־

רעזשים, וואָס גיט זיי די מעגליכקייט צו ווערען מושלים איבער דער גאַנצער קריסטליכער באַפעלקערונג.

טיף אין זיין באַוואוסטזיין שניידט זיך אריין דער געדאַנק, אַז די אידישע נאַציע שטרעבט צו הערשען איבער אים. אין דער צייט פון די פּאָגראָמען רייסט זיך דער געדאַנק ארויס אין די אויסרופען פון די מערדער: „וואָס, עס האָט זיך אייך פארוואָלט געוועלטיגען איבער אונז?“

דער היסטאָרישער, טיף איינגעוואָרצעלטער טראַדיציאָנעלער געפיל פון חשד און אומצוטרוי צו די אידען וואַכט אויף מיט אַ שטאַרקער קראַפט און ערנערט זיך, ווערט נאָך שטאַרקער, מחמת די פריהער דערמאָנטע מאָמענטען פון סאָציאַל־פּאָליטישען כאַראַקטער.

דאָך, צווישען דעם ניט פולקום פאָרמירטען און אַדורכגעטראַכטען געפיל פון קנאה, פאַראַכטונג און אפילו האַס, און די אַקטועלע מעשים, וועלכע האָבען זיך אויסגעגאָסען אין דער פאָרם פון דער שרעקליכער שחיטה פון אוקראַינישען אידענטום,— געפינט זיך אַ גרויסער טיפער טהום, איבערצוגעהן וועלכען עס איז נייטיג געווען, אַז אַן אויסערליכע קראַפט זאָל צווינגען דאָס פויערטום בייצוקומען דעם אייגענעם מאָראַלען און אַנדערע ווידערשטאַנדס־געפילען, וועלכע האָבען פרעוואַלירט ביי דעם פרידליכען אוקראַינישען פויער. עס איז נייטיג געווען אַ קראַפט, וואָס זאָל ארויסרופען פון די טיפענישען פון זיין נשמה די אומקלאָרע אינסטינקטען צום צעשטערען און דעם בייזען ווילען, זיין פסיכאָלאָגישע גענייגטקייט צו געוואַלט־מעשים געגען אידען, און צוגעבען דעם גאַנצען אומקלאָרען קאָמפּלעקס פון געפילען און שטימונגען אַ באַשטימטע פּאָליטישע פאָרם; אריינבויערען עס אין דעם פויערשען מוח דורך אַ לאַנג־דויערענדער אַגיטאַציע, וואָס איז קלאָר און אָפען געווענדעט געגען אידען. עס איז נייטיג געווען אַקטועל צו באַשולדיגען דאָס אידענטום אַלס אַזעלכעס, אַלס אַ גאַנצעס, אין עקספּלואַטאַציע, אין ספּעקולאַציע און נאָך אַזעלכע עבירות פון „בורזשואַזנאָסט“, און אין דער זעלבער צייט זיי באַשולדיגען אַלס אָנהענגער פון דער ראַטען־מאַכט, אין קאָמוניזם. עס איז נייטיג געווען צו געבען דער פויערימשער, צעשוואומענער מאַסע אַ באַשטימטען לאָזונג, אַן אָרגאַניזאַטאָרישען שטויס, אַ קלאָר פאָרמו־

לירטען ציל און אויסגעאַרבייטען טעטיגקייטס־פּלאַן. אונטער דער ווירקונג פון אָט דער קראַפט האָט די פּויערימשע מאַסע, גלייך ווי אַ שנייי־לאַווינע, זיך אַ קייקעל געטאָן אַלץ האַסטיגער און האַס־טיגער, פאַרגרעסערענדיג זיך אַלץ מער און מער, פאַרכאַפּענדיג אַלץ מיט זיך און באַגראָבענדיג אונטער זיך צענדליגער טויזענטער לעבענס פון דעם אוקראַיינישען אידענטום.

אָט די קראַפט, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ טרויעריגע פאַטאַלע ראָלע אין דער געשיכטע פון אוקראַיינישען אידענטום, די קראַפט, וואָס האָט די ערשטע זיך באַנוצט אין אונזער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע מיט אידען־שחיטות אַלס אַ מיטעל פון פּאָליטישען קאַמף נעגען איר געגנער, דער ראַטען־מאַכט, — אָט דאָס זיינען די שפּעטערדיגע פאָרשטעהער און פּאָליטישע פירער פון דער אוקראַי־נער פאָלקס־רעפּובליק. די פריהער אָנגעצייכענטע שטימונג פון אוקראַינישען פּויערטום האָבען זיי אויסגענוצט לטובת זייערע צילען; זיי האָבען די ערשטע דורכגעטראָטען דעם בלוטיגען וועג, מיט וועלכען עס איז שפּעטער געגאַנגען די אַלרוסישע רעאַקציע, דער דעניקינישער רעזשים און די פרייוויליגע אַרמיי. ניט מיט אַמאָל, נאָר ביסלעכווייז, טריט ביי טריט, הייבען זיי אָן צו באַ־נוצען זיך אין קריטישע פאַר זיי מאָמענטען מיט אידען־פּאָגראָמען. פון אָנפאַנג פרואווט מען מיט דראָהונגען „ווירקען" אויף די אידען, מען שרעקט זיי מיט'ן אָנקומענדען פאָלקס־צאָרן, אויב די אידען וועלען ניט איינהאַלטען זייערע קאָמוניסטען, און דערנאָך קומט אָן די שרעקליכע אויספירונג אין דער ווירקליכקייט פון די צוזאָגע־נישען, — צוערשט אין פאָרם פון ניט־אָרגאַניזירטע עקסצעסען און אַרויסטרעטונגען, און דערנאָך, אין די קריטישסטע פאַר זייער ממשלה מאָמענטען, אין פאָרם פון אומאויפהערליכע, אָרגאַניזירטע שחיטות און שרעקליכע פאַרוויסטונגען. און זייענדיג שוין אָפּגע־שטויסען דורך דער ראַטען־מאַכט צו די גרעניצען פון אוקראַינע, האָט די אוקראַינישע פאָלקס־רעפּובליק, אין דער פּערזאָן פון דער דירעקטאָריע און אירע פאַראַנטוואָרטליכע אַגענטען, שוין פון די הענט ניט אַרויסגעלאָזען דעם בלוטיגען מיטעל פון אידען־שחיטות, וואָס האָט זיי געזאָלט גאַראַנטירען זייער נצחון.

די געשיכטע פון די אידישע פּאָגראָמען אין אוקראַינע איז ענג צונויפגעבונדען און צונויפגעפלאָכטען מיט דער געשיכטע פון

אוקראַינע׳ס פּאָליטישען קאַמף, און דיביידע קאָנען ניט זיין אָפּ־נעטיילט איינס פון צווייטען. דעריבער איז נייטיג אָנצומערקען די הויפּט־מאָמענטען פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אוקראַי־נע און דייטליך צו מאַכען דעם פאַנאַנדערגעהן זיך און דעם ריס צווישען דער אוקראַינישער פּאָלקס־באַוועגונג און די אידישע סאָ־ציאַליסטישע פּאַרטייען. אָט דער ריס, וועלכער איז צונויפגע־פלאָכטען, ווי מיר וועלען עס באַלד זעהן, מיט מיליטערישע מפּלות, האָט אין זיך שוין פאַרבאַהאַלטען דעם קערענדעל פון די קומענדע בלוטיגע געשעהענישען.

די מערץ־רעוואָלוציע האָט אוועקגעשטעלט אין דער גאַנצער שאַרפקייט און גרויס די פּראָבלעמען פון רוסישען לעבען, צווישען זיי אויך די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם. די צאַרישע זעלבסטהערשאַפט האָט געהאַלטען אין קנעכטשאַפט אַלע פעלקער, וואָס זיינען געווען אין די פאַרשידענע טיילען פון דער אימפּעריע, האָט אומ׳ברחמנות׳־דיג גע׳רודפ׳ט זיי, דערדריקט זייערע עלעמענטאַרסטע קולטור־נאַ־ציאָנאַלע שטרעבונגען. יעדע שטרעבונג צו דער באַשיידענסטער נעגענט־אויטאָנאָמיע פלעגט באַטראַכט ווערען ווי א מרידה, א בונט נעגען דער אויבערשטער מאַכט, און פלעגט דערדריקט ווערען, אַרויסגעריסען ווערען מיט׳ן שורש.

נאָך דער רעוואָלוציע, ווען דער שטאָלענער רייף פון נאַציאָ־נאַלע אונטערדריקונגען פּלאַצט, הייבען זיך אויף אין באַזונדערע טיילען פון דער געוועזענער אימפּעריע שטאַרקע נאַציאָנאַלע באַ־וועגונגען, די צענטריפוגאַלע כחות לאָזען זיך שטאַרק פילען; דער נאַציאָנאַלער מאָמענט ווערט בולט און שאַרף אַרויסגערוקט, איבערהויפּט אין די באַדייטענדערע ראַנד־געגענטען, ווי פינלאַנד, קאַווקאַז און אויך אוקראַינע.

די צייטווייליגע רעגירונג זאָגט זיך אָפּ צו שטעלען אויפ׳ן סדר־היום די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם און איר לייזען. די רעגירונג איז אָפּהענגיג פון דער רוסישער בורזשואַזיע, הויפּטזעכליך פון דער פאַרטרעטערין פון דער בורזשואַזיע, דער קאַדעטישער פּאַרטיי, וואָס שטרעבט צו אַן „איינינען שטאַרקען און גרויסען רוסלאַנד“, און זי האָט מורא, אַז סוף כל סוף זאָלען זיך די ראַנד־געגענטען ניט אָפּטיילען, וויל ניט מיט איר נאָכגעבען די סעפּאַראַטיסטישע שטרעבונגען פון די קלענערע פעלקער אָפּשוואַכען די עקאָנאָמישע

מאַכט פון דער גרויס־רוסישער בורזשואַזיע, אָפּשוואַכען רוסלאַנד אין אַזאַ שווערען מאָמענט, אין צייט פון דער אַלוועלטליכער אימ־פּעריאַליסטישער מלחמה; און דעריבער טראַגט מען אַריבער די אַנטשיידונג פון דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם ביז'ן „צוזאַמענרופען פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג“, וואָס האָט זיך אָפּגערוקט אַלץ ווייטער און ווייטער.

שטורמיג רייסט זיך די נאַציאָנאַלע באַוועגונג פאָראויס, אירע כוואַליעס גרייפען אַלץ העכער און העכער. די צייטווייליגע רע־גירונג ווערט אָפּטימאַל געשטעלט פאַר געשעהענע פאַקטען און זי מוז זיי אָנערקענען, זי ווערט אַלץ מער און מער נאָכגיביג.

אין אוקראַינע בילדעט זיך אַ רעפּרעזענטירענדער אָרגאַן, די צענטראַלע ראַדע, צונויפגעשטעלט פון די סאָציאַליסטישע פאַר־טייען. די צענטראַלע ראַדע פירט אָן מיט'ן גאַנצען לעבען פון אוקראַינע און רוקט אַרויס פון זיך דעם נאַציאָנאַלען סעקרעטאַ־ריאַט, ווי אַן אָרגאַן פון עקזעקוטיווער מאַכט.

אויף איינצושטעלען פרידליכע באַציהונגען צווישען דער צייט־ווייליגער רעגירונג און דער צענטראַלער ראַדע קומט פון פּעטראָ־גראַד קיין קיעוו דער מיניסטער צערעטעלי, וועמען עס גיט זיך אויך צייטווייליג איין שליסען צו שלום צווישען די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון אוקראַינע מיט די פּאָרזיכטיגע, פאַרהאַלטענדע טענדענצען פון דער צייטווייליגער רעגירונג. די לעצטע אָנערקענט די רעכט פון אוקראַינע אויף ברייטע, ווייט־געהענדע אויטאָנאָמיע. אַ פעדעראַטיווע קאָנסטרוקציע פון רוסלאַנד וואַרפט די צייטווייי־ליגע רעגירונג אָפּ.

די צענטראַלע ראַדע שטיצט זיך אויף אַ גרויסער איבערוויי־גענדער מערהייט פון אוקראַינישען דאָרף, אויף דער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ פון די שטעט און אויף געוויסע שיכטען פון שטאָ־טישען קליינבירגערטום; זי ווערט אַ באַדייטענדע פּאָליטישע קראַפט, פאַרטיידיגט איר זעלבסטשטענדיגקייט פון דער צייטוויי־ליגער רעגירונג, און די לעצטע פאַרלירט יעדע השפעה און באַדיי־טונג אין לעבען פון אוקראַינע.

די אוקראַינער גרויס־בורזשואַזיע, וועלכע איז אַ פרעמד־גע־באָרענע (רוסישע, אידישע, פּוילישע), איז געווען פרעמד דער צענ־טראַלער ראַדע און האָט זיך באַצויגען צו איר פיינדליך, זעהענדיג

אין איר אַ קראַפט, וואָס צעשטערט די גאַנצקייט פון דער „ראָסייער מלוכה“.

ניט צודריקענדיג די גרויס־בורזשואַזיע אין געביט פון סאָציאַלער פּאָליטיק, האָט די צענטראַלע ראַדע זיך בכלל מיט איר ווייניג געדעכענט און איז, ניט האָבענדיג אויף זיך די השפּעה פון דער בורזשואַזיע, געווען אַנטשלאָסענער און קאָנזעקווענטער אין אַזעלכע קארדינאַלע פראַגען פון דער רעוואָלוציע, ווי אין דער אַגראַר־פראַגע און אין דער פראַגע פון שלום, איידער די רוסישע צייטווייליגע רעגירונג.

די צענטראַלע ראַדע האָט זיך ניט געשטיצט אויף דער אַר־בייטער־באַפעלקערונג פון די שטעט; די שטאָטישע אַרבייטער־מאַסע האָט ניט געהאַט קיין שטאַרקען צוטרוי צו דער ראַדע, ווייל זי האָט אין איר געזעהן אַ פאָרשטעהערשאַפט פון מיטעלען פויערטום פון אוקראַינישען דאָרף; די אַרבייטער־מאַסע איז געווען פרעמד דער ראַדע אויך נאַציאָנאַל, ווייל זי האָט זיך רעקרוטירט פון רוסען, פּאָליאַקען און אידען. די אוקראַינישע ראַטען פון אַר־בייטער־דעפּוטאַטען זיינען לויט זייער אַלגעמיינער פּאָזיציע גע־שטאַנען נעהענטער צום אַלרוסישען צענטראַלען קאָמיטעט פון די אַרבייטער־ראַטען, ווי צו דער אוקראַינער צענטראַלער ראַדע.

פונדעסטוועגען שטיצט די אַרבייטער־מאַסע בכלל און די אידישע בפרט די צענטראַלע ראַדע אין אירע שטרעבונגען צו נאַ־ציאָנאַלער אַוטאָנאָמיע, וועלכע זאָל געבען די מעגליכקייט פון אַלזייטיגער פרייער קולטורעלער און סאָציאַלער אַנטוויקלונג פון די כחות אין לאַנד, ניט איבעררייסענדיג דערביי מיט דער אַל־רוסישער רעוואָלוציע.

די אידישע אַרבייטער־פּאַרטיי „בונד“ האָט אָפטמאָל גע־שפּילט די ראָלע פון אַ פאַרמיטלערין צווישען דער אוקראַינער נאַציאָנאַלער באַוועגונג און דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער דע־מאָקראַטיע. די אידישע בעלי־מלאכות און אַרבייטער האָבען זיך געשראָקען פאַר די סאָציאַליסטישע עקסטרעמיטעטען. זיי האָבען אין דער צענטראַלער ראַדע געזעהן אַ פעסטערע קראַפט, וואָס איז לויט איר געבוי אַ פּאָליטיש־דעמאָקראַטישע מאַכט, און באַ־וואָרענט די קולטורעלע אינטערעסען פון די נאַציאָנאַלע מינדער־

הייטען מיט'ן געזעץ וועגען נאַציאָנאַלער קולטורעלער אווטאָנאָמיע.

די פאָרשטעהער פון די אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען געהען אריין אין נאַציאָנאַלען סעקרעטאריאַט (דער מיניסטאָרען־ראַט פון דער צענטראַלער ראַדע).

די אָפּנייגונג פון דער צענטראַלער ראַדע אין דער ריכטונג פון סעפּאַראַטיזם, פון אָפּטיילען זיך פון רוסלאַנד, פאַרוואַנדעלט די אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין אַן אָפּאָזיציע; דער „בונד" האַלט זיך אָפּ פון שטימען ביים באַטראַכטען דעם 3־טען אוניווערסאַל, וועלכער עפענט ברייט די טירען פאַר די ווייטגע־הענדסטע סעפּאַראַטיסטישע טענדענצען פון דער אוקראַינער באַ־וועגונג, און ער רופט באַלד אָפּ זיין פאָרשטעהער פון נאַציאָנאַלען סעקרעטאַריאַט.

נאָר באַזונדערס האָבען זיך פאַרשאַרפט די באַציהונגען צווי־שען די אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און דער צענטראַלער ראַדע ביים דורכפירען דעם 4־טען אוניווערסאַל, וועלכער האָט דערקלערט די „סאַמאָסטינאָסט" פון אוקראַינע, ד. ה. די אומאָפּ־הענגיגקייט אין דעם פולקומען ריס מיט ראַטען־רוסלאַנד.

דער 4־טער אוניווערסאַל איז, אין תוך גערעדט, אַרויסגערופען געוואָרען דורך דעם דרוק פון דייטשען אימפּעריאַליזם אויף ראַטען־רוסלאַנד און זיין אָנגריף אויף רוסלאַנד'ס טעריטאָריע; דער אוני־ווערסאַל האָט באַדייט פאַר אוקראַינע אַ סעפּאַראַטען שלום מיט דייטשלאַנד אויפ'ן חשבון פון רוסלאַנד און צוזאַמען אויך אַן אָפּצאַמונג פון דער „ראַטען־געפאַר".

דער אוניווערסאַל איז פיינדליך אויפגענומען געוואָרען פון דעם אוקראַינישען פּראָלעטאַריאַט, — פאַר אים, דעם פּראָלעטאַ־ריאַט, איז דער ריס מיט רוסלאַנד געווען ניט אָננעמבאַר (עקאָ־נאָמיש, פּאָליטיש, מאָראַליש); חוץ דעם האָט ער, ניט אָן רעכט, אין דעם 4־טען אוניווערסאַל דערפילט אַ שטאַרקען בייג נאָך רעכטס, צו דער זייט פון דער רעאַקציע (אַ בונד מיט די דייי־טשען) און אַ רעאַלע סכנה פון אַ רעאַקציאָנערען קורס אין דער אינערליכער פּאָליטיק פון לאַנד.

די קליינבירגערליכע קרייזען פון אוקראַינער שטאַט זיינען געווען קעגען אוניווערסאַל, ווייל זיי האָבען זיך אָפּגעשראָקען פאַר די עקאָנאָמישע פּערספּעקטיווען פון דעם ריס מיט רוסלאַנד און

אויך פון דעם בונד מיט'ן רעאקציאָנערען דייטשען אימפּעריאַליזם ; דער שרעק פאר'ן באָלשעוויזם האָט געליימט זייער אַקטיוויטעט, דאָך האָבען זיי זיך אָפען ארויסגעזאָגט קעגען דער נייער ריכטונג פון דער נאציאָנאַלער באוועגונג.

דער 4־טער אוניווערסאַל האָט אָפּגעשטויסען פון זיך די סאָ־ציאַליסטישע פארטייען פון אוקראַאינישען שטאַט. די צענטראַלע ראַדע שטיצט זיך נאָר אויף א גרויסען שיכט פון פארמעגליכען און מיטעלען פויערטום, וואָס איז ווייניג פארבונדען מיט דער רוסישער רעוואָלוציע, און וואָס האָט צייטווייליג ניט קיין ערנסטע, וויכטיגע עקאָנאָמישע אינטערעסען ניט צו דער דורך דער מלחמה פּאַראָרימטער, אויסגעשעפּטער שטאָט בכלל און ניט צו דער רוס־לאַנדישער ראַטען־שטאָט בפרט.

ביים פארהאַנדלען דעם 4־טען אוניווערסאַל אין דער צענט־ראַלער ראַדע זאָגען זיך די אידישע ארבייטער־פּארטייען ארויס געגען אים. ווען אויף דער טריבונע באווייזט זיך דער באוואוס־טער ארבייטער־טוער ליבער, אויפטרעטענדיג אין נאָמען פון „בונד“, רופט שוין דאָס אליין ארויס א שטורעם פון אויפרעגונג, — מען האַלט אים פאר א צענטראַליסט, א געגנער פון דער אוקראַאינישער נאציאָנאַלער באוועגונג. דער „בונד“ שטימט געגען אוניווערסאַל ; די „פאראייניגטע אידישע סאָציאַליסטישע פארטיי“ און די „פּועלי־ציון“ שטימען ניט געגען, נאָר האַלטען זיך אָפּ פון שטימען. דער אוניווערסאַל רופט ארויס אויך פון זייער זייט א שאַרפע קריטיק.

גלייך נאָכ'ן פּראָקלאַמירען דעם 4־טען אוניווערסאַל שטעלט זיך אין די ארבייטער־ראַטען די פראַגע וועגען דערקלערען א פּאָליטישען שטרייק.

אָבער די אידישע סאָציאַליסטישע פּארטייען, טראָץ דעם, וואָס זיי זיינען געגען דעם 4־טען אוניווערסאַל, שטעלען זיך פעסט אויפ'ן באָדען פון דער אוקראַאינישער אומאָפּהענגיגקייט, וועלענדיג פארבלייבען אַן אַנטשלאָסענע אָבער ניט קיין רעוואָלוציאָנערע אָפּאָזיציע. אין זייערע קרייזען רופט ארויס די פראַגע וועגען שטרייק גרויסע שוואַנקונגען און רייבונגען, א באַדייטענדער טייל איז געגען שטרייק, דער לינקער פּליגעל זאָגט זיך ניט ארויס געגען, נאָר לייגט פאָר באַגרענצען דעם שטרייק מיט א באַשטימטען טערמין.

צו דער צייט באַווייזען זיך די ערשטע דראָהונגען צו די אידען מצד די אוקראַינער, — מיט זיי מיינט מען אָנצושרעקען די וואַקלענדע עלעמענטען פון אידענטום מיט דער מעגליכער נקמה מצד די אויפגעבראַכטע, דערצאָרנטע פּאָלקסמאַסען, וואָס זיינען באַליידיגט אין זייערע בעסטע נאַציאָנאַלע געפילען.

פון דער טריבונע פון צענטראַלער ראַדע האָט איינער פון די לינקע פאָרשטעהער פון דער אוקראַינישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, מאַרטאָס (שפּעטער דער פאָרזיצענדער פון מיניסטאָרען־ראַט), זיך געווענדעט צו די אידישע דעפּוטאַטען: „נעכטען איז איינער פון אייערע אַרויסגעטראָטען אין אַרבייטער־ראַט מיט דער אויפפאָדע־רונג פאַר אַ שטרייק. שפּילט ניט קיין צווייזייטיגע ראָלע; זאָגט אָפען וואָס איר ווילט. האַלט אָפּ אייערע פון אַזעלכע אַרויסטרע־טונגען, — מיר פילען, אַז אין גיכען וועלען מיר מער ניט זיין בכח איינצוהאַלטען דעם צאָרן און האַס פון אונזער פאָלק.“

עס קריכט אַרויס פון איר באַהעלטעניש אויך די נאַציאָנאַ־ליסטישע אַגיטאַציע, וועלכע האָט געדאַרפט צונויפבינדען מיט אַן אַלגעמיינער אַנטי־אידישער שטימונג די מיליטערישע טיילען, וואָס האָבען זיך געפונען אויף דער טעריטאָריע פון אוקראַינע.

דער גענעראַל־שטרייק ברעכט אויס, קליינע גרופּקעס אַר־בייטער טרעטען אַרויס מיט געוועזר געגען דער צענטראַלער ראַדע, ניט זייענדיג אונטערשטיצט פון די ברייטע אַרבייטער־מאַסען. דער שטרייק געלינגט ניט און ענדיגט זיך. פון דרויסען ווערט קיעוו אין דערזעלביגער צייט באַשאָסען פון דער באָלשעוויסטישער רויטער־גוואַרדיע, וועלכער עס גיט זיך איין צו פאַרכאַפּען די שטאָט.

די צענטראַלע ראַדע קלייבט זיך איבער פון קיעוו אין זשיטאָ־מיר. די אידישע דעפּוטאַטען בלייבען אין קיעוו.

קיעוו איז אין די הענט פון די באָלשעוויקעס. די אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און זייערע פאָרשטעהער אין דער צענ־טראַלער ראַדע שטעלען זיך צו די באָלשעוויקעס אין אַ שאַרפער אָפּאָזיציע. אין קאַמף מיט די באָלשעוויקעס דריקען די אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אויס די שטימונג פון דער אידישער אַרבייטער־מאַסע, שטרייכען אונטער ניט נאָר זייער נעגאַטיווע שטעלונג צו דער אָקטאָבער־איבערקערעניש, נאָר שטעלען זיך אויף

אין דערזעלבער צייט אויף א פּאָזיציע פון א זעלבסטשטענדיגער אוקראַינע, אָנערקענענדיג, אַז די ראַטען־מאַכט דריקט ניט אויס און איז ניט צוגעפּאַסט צו די שטימונגען און פאַרהעלטענישען פון די אוקראַינישע מאַסען, נאָר אַן אָנגעקומענע פון דרויסען, א פרעמדע, עראָבערישע מאַכט.

די צענטראַלע ראַדע אין זשיטאָמיר פירט א נאַציאָנאַליסטישע און רעאקציאָנערע פּאָליטיק. זי גיט אַרויס א נייעם געזעץ וועגען רעכט פון מלוכה־בירגערשאַפט, וועלכער נעמט אָפּ די בירגערשאַפט־רעכט ביי ברייטע רוסישע און אידישע מאַסען.

אין דערזעלבער צייט פאַרשפּרייטען זיך אין זשיטאָמיר לעגענדען וועגען דעם, אַז די אידען אין קיעוו האָבען געשאָסען אין רוקען פון אוקראַינישען מיליטער, בעת עס האָט זיך פון קיעוו צוריקגעצויגען, — א קאָפּירטע בילד פון די בלבולים פון אלטען רוסישען שניט. די אוקראַינישע אַרמיי טרעט אָפּ איילענדיג; די קריגס־מפּלות קומען איינע נאָך דער צווייטער, — דער צעמענטירענדער מיטעל, וואָס זאָל פאַרפעסטיגען די אַרמיי, איז די אַגיטאַציע געגען די מאָסקאַלעס און הויפּטזעכליך געגען די אידען. די רעגירונגס־אַגענטען פאַרשפּרייטען ענערגיש צווישען די מאַסען דעם בלבול וועגען אידישען פאַרראַט.

די אַנטי־אידישע אַגיטאַציע שטאַרקט זיך, ווען די צענטראַלע ראַדע, מיט דער הילף פון דייטשען שווערד, פאַרנעמט צוריק אוקראַינע, — האָט מען דאָך געדאַרפט געפינען א שולדיגען אין דער נאַציאָנאַלער שאַנד, אויף וועלכען מען זאָל קענען אָפּווענדען דעם גאַנצען גאַל, צאָרן און האַס פון דעם מיליטער און פון דער פּויערים־מאַסע.

פאַר א שולדיגען ווייס מען שוין וועמען צו נעמען — קיין בעסערען קאָן מען ניט געפינען ווי די אידישע מאַסען: זיי, די אידישע מאַסען, זיינען דאָס די שולדיגע אין דעם אָנקומען פון די דייטשען, ווי אויך אין דער באָלשעוויסטישער ממשלה. און ווען פּעטליורא בראש פון אַן אומבאַדייטענדען היידאַמאַקישען אָטריאַד, הינטער וועלכען עס ציען זיך די לאַנגע, לאַנגע קאָלאָנעס פון גוט־באַוואָפענטען, דיסציפּלינירטען דייטשען מיליטער, רייט אַריין אויפ׳ן ווייסען פערד אין קיעוו — ברענען זיינע סאָלדאַטען מיט האַס און דורשט נאָך נקמה צו די אידישע מאַסען.

דער דעלעגאַציע פון די מיטגלידער פון דער צענטראַלער ראַדע, וועלכע איז טיילווייז באַשטאַנען פון פאָרשטעהער פון דער אוקראַינישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען באַגעגענען די אוקראַינישע אַרמיי, — האָט די מיליטערישע אָנפירערשאַפט רוהיג, קאַלטבלוטיג און אויסדריקליך געזאָגט: „זאָגט אייערע אידען, אַז מיר וועלען זיי אַלעמען אויסקוילענען“, און צו ראַפּעס׳ן: „מיר ווייסען דיינע רעדעס. מיר וועלען דיך געפינען און טייטען צוזאַמען מיט דיינע חברים.“

עס הייבען זיך אָן עקסצעסען געגען אידען, איינצעלנע הריגות, הויפּטזעכליך פון אידישע אַרבייטער.

ביים אומקערען זיך פון דער צענטראַלער ראַדע פון זשיטאָמיר קיין קיעוו, טרעטען די אידישע פאָרשטעהער ווידער אַריין אַהין, נאָר זיי באַגעגענט מען דאָרט שאַרף־פיינדליך און באַדראָהענדיג. געגען זיי ווערען אַרויסגעשטעלט אומגעלומפּערטע באַשולדיגונגען אין באָלשעוויזם. זיי צו פאַרטיידיגען טרעטען אַרויס נאָר די אוקראַינישע פאָרשטעהער, וואָס זיינען פאַרבליבען אין קיעוו פאַר דער צייט פון באָלשעוויסטישער הערשאַפט. די עקסצעסען געגען אידען הערען אַ לאַנגע צייט ניט אויף.

דער פאָרזיצער פון דער צענטראַלער ראַדע, פּראָפעסאָר גרושעווסקי, באַמיט זיך שטאַרק עס אָפּצושטעלען און ווענדט זיך אומצייליגע מאָל צו די מיליטער־טיילען און צו די אַטאַמאַנעס; פון דער טריבונע פון דער צענטראַלער ראַדע רופט ער אָפט צו געמיינזאַמער טעטיגקייט, אָנווייזענדיג אויפ׳ן שווערען מצב פון לאַנד.

אונטער דעם דרוק פון דער צענטראַלער ראַדע און אַ דאַנק דער אַלגעמיינער פּאָליטישער סיטואַציע (די אָנוועזענהייט פון די דייטשען, וואָס פאָדערען אָרדענונג און געזעצליכקייט) קומט עס ניט צו קיין מאַסען־פּאָגראָמען. דאָ טרעט אַרויס דאָס כאַראַקטעריסטישסטע אין די אוקראַינער פּאָגראָמען: זיי ווערען מיט אַמאָל אָפּגעשטעלט, אָפּגעהאַקט אין איין מאָמענט, ווען זיי ווייזען זיך אַרויס פאַר פּאָליטיש אומניטיג פאַר זייערע אויטאָרען און באַשאַפער. אין דער זעלבער צייט ווערט די פּאָגראָמען־פּראָפּאַגאַנדע געפירט אינטענסיוו און שטאַרק, די

פאָגראָמען־שטימונג אין דער אוקראַינישער אַרמייִ ווערט טיף און ערנסט איינגעוואָרצעלט, זיי גלויבען אויפריכטיג, אַז די אידען זיינען שולדיג, ווי אין באָלשעוויזם, אַזוי אויך אין דער חרפה, וואָס דאָס פאָטערלאַנד לעבט איצט איבער, — און דאָך איז די צאָל קרבנות געווען אַ מינימאַלע. די מיליטערישע אָנפירער, וואָס האָבען ארויסגערופען און מיט כל־ערליי מיטלען פאַרפעסטיגט די פאָגראָם־שטימונגען, צוליב די פריער אָנגעוויזענע אורזאַכען, דער־לאָזען ניט צו קיין אָפענעם פאָגראָם; דער עיקר — זיי רופען ניט צו אים.

ד י דייטשע מיליטערישע אָקופּאַציאָנס־מאַכט הייבט זיך אָן צו לאָזען פילען: אין אירע אינטערעסען איז אויסצונוצען דעם „ברויט־שלום" אין דער ברייטסטער מאָס; אוקראַינע דאַרף געבען די מעגליכקייט מיט איר ברויט און מיט די איבעריגע לאַנדווירט־שאַפטליכע פּראָדוקטען פאָרטצוזעצען די מלחמה אויף מערב, און פון דאָרף ווערט אַוועקגענומען גאָר דאָס ברויט, — אָפט מיט דער מאַכט פון געווער. דער דאָרף דערפילט באַלד דעם טעם פון דעם יונקערשען פאַרוואַלטונגס־סיסטעם; דער צענטראַלער ראַדע ווערט קלאָר איר גרויסער פּאָליטישער טעות; די פאָרשטעהער פון דער אוקראַינישער אָפּאָזיציע הערען מיט צופרידענהייט די רעדעס פון דער אידישער אָפּאָזיציע געגען די אָקופּאַנטען. אָבער די צענטראַלע ראַדע האָט שוין דאָס איריגע אָפּגעטאָן, איר ראָלע איז אָפּגע־שפּילט און מיט דער הילף פון דייטשע באַיאָנעטען ווערט זי צע־טריבען.

די אָקופּאַנטען ווילען פאַרדעקען זייער ממשלה איבער דער פאַרקנעכטעטער אוקראַינע מיט אַ פייגען־בלאַט פון דער העטמאַנ־שטשינע.

דורך דער דייטשער מיליטערישער פּאַרטייִ ווערט אינסצענירט אַ צוזאַמענפאָר פון רייכען פויערשען ערד־באַזיץ און כלומר'שט פון מיטעלען פויערטום, וועלכע דערקלערט פאַר דעם הויפּט פון דער אוקראַינישער מלוכה דעם ביז דאַן קיינעם ניט באַקאַנטען פּאָל־קאָווניק פון דער צארישער אַרמייִ, וואָס האָט נאָכדעם געדינט אין דער אוקראַינישער אַרמייִ — פּאַוועל סקאָראָפּאַדסקי, אַ יורש פון אַן אַלטער העטמאַנישער משפּחה.

דער העטמאַן איז אַ געהאָרכזאַמע געצייג אין די הענט פון די

אָקופּאַנטען, אַן אונטערטעניגער אויספירער פון זייער ווילען און פאַרלאַנגען. ווי אין שטאָט, אַזוי נאָך מער אין דאָרף, הערשען ווילקיר און ווייסער טעראָר, — שטראָף־עקספּעדיציעס, עקזעקוציעס, רעקוויזיציעס, און קאָנטריבוציעס אויף שריט און טריט.

די שנאה צו דער אָקופּאַציאָנס־מאַכט און איר אויסערליכער אויסדרוק — דער הערמאַנשטשינע — וואַקסט מיט יעדען טאָג, ווי אין דאָרף, אַזוי אויך אין שטאָט. פון דער אַנדער זייט — די נידערלאַגעס פון די דייטשען אויפ׳ן מערב־פראָנט און דער וואוקס פון אומצופרידענהייט און אָפּאָזיציאָנעלער שטימונג צווישען די דייטשע סאָלדאַטען — שוואַכען אָפּ די אָקופּאַציאָנס־מאַכט און ווייזען סימנים פון זייער באַלדיגען סוף.

אין אוקראַינישען דאָרף הערען ניט אויף די בונטען; זיי ווערען אכזריות׳דיג דערשטיקט פון דעם העטמאַנס ארמיי און די דייטשע מיליטערישע שטראָף־אָפּטיילונגען.

אין שטאָט קומען פאָר געהיימע באַראַטונגען צווישען די אוקראַינישע לינקע און די אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

קיין פולע גאָענטקייט — שוין ניט רעדענדיג וועגען אייניגקייט — איז צווישען זיי ניטאָ; די מיינונגס־פאַרשידענהייטען זיינען טיף, דער אומצוטרוי באַדייטענד. דאָך דערנענטערט זיי דער אַלגעמיינער פיינד און די נויטווענדיגקייט צו ווערען זיך קעגען אים.

אָבער דער צונויפגעהן זיך און די נאָענטקייט האַלטען ניט לאַנג אָן. דער פיינד איז געבראָכען, באַזיגט. די אוקראַינישע פּאָליטישע פאַרטייען, וואָס האָבען אָרגאַניזירט אַ נייע נאַציאָנאַלע מאַכט, דעם דירעקטאָריום, שטויסען זיך ווידער שאַרף צונויף מיט דער ראַטען־מאַכט און אין פאַר׳עקשנ׳טען הארטען געראנגעל, לאָזען זיי ווידער אין גאַנג מיט פולער קראַפט דעם אַלטען גיפטיגען מיטעל — די אַנטי־אידישע אַגיטאַציע, וואָס האָט געבראַכט צו שרעקליכע פאָלגען — צו דער אידען־שחיטה אין אוקראַינע.

.2

## די דירעקטאָריע און די אידישע פּאָגראָמען

דעם 9־טען נאָוועמבער 1918 האָט אויסגעבראָכען די רעוואָ־לוציע אין דייטשלאנד. דאָס האָט זיך באלד אָפּגערופען אויף דער דייטש־אָקופּירטער אוקראינע און האָט געפירט צו שארפע פּאָליטישע קריזיסען, און פריער פון אלץ צו אן אויפשטאנד געגען דער העטמאנשטשינע.

דעם 2־טען נאָוועמבער האָט די פלענאר־זיצונג פון צענטראַ־פראָפ. (צענטראל־ביוראָ פון די אוקראינישע פּראָפעסיאָנעלע פאר־איינען) אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וועגען דערקלערען אַן אלגעמיינעם פּאָליטישען שטרייק. עס האָט זיך סטיכיש אויפגעהויבען אן אויפ־שטאנד־באוועגונג אין דאָנעצער קוילען־ראיאָן, אומעטום, פון וואַ־נען עס זיינען אָפּגעטראָטען די עסטרייכישע מיליטער־אָפּטיילונגען.

דעם 15־טען נאָוועמבער ברעכט אויס די מרידה אין קיעווער גובערניע גופא, אין טאראשטשער ראיאָן. אומעטום בילדען זיך פארטיזאנישע מיליטער־טיילען אונטער דער אָנפירונג פון מאכנאָ, גריגאָריעוו און אנדערע. בראש פון דער באוועגונג שטעלט זיך די „דירעקטאָריע", אָן דער שפּיץ פון וועלכער עס שטעהט פּעטליורא. יעקאטערינאָסלאוו, כארקאָוו, אָדעס געהען איבער צו דער דירעק־טאָריע און דעם 11־טען דעצעמבער ווערט פארנומען קיעוו.

פּעטליוראס אויפשטאנד איז געגאנגען ניט נאָר אונטער'ן נאַ־ציאָנאלען פלאג, נאָר פיל מער אונטער'ן סאָציאליסטישען און טיילווייז באָלשעוויסטישען. די ראדיקאלע לאָזונגען פון שטאט האָבען אויסגעדריקט די אלגעמיינע שטימונג; זיי האָבען פאר־

קערפּערט אין זיך די שטרעבונגען פון דאָרף צו פאַרכאַפּען די ערד; זיי האָבען אונטערשטיצט, ווי דאָס פאַרמעגליכע פּויערטום אונטער דער אָנפירונג פון די סאָציאַליסטען־„סאַמאָסטיניקעס“, אזוי אויך דאָס מיטעלע פּויערטום אונטער דער אָנפירערשאַפט פון די לינקע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. דער שטאָטישער פּראָלעטאַריאַט איז געוועזן גענייגט צום באָלשעוויזם.

פּעטליורא איז אריינגעקומען אין קיעוו, ווי אַ נאַציאָנאַלער העלד, נאָר הינטער אים איז נאָכגעגאַנגען זיין שאָטען — די באָלשעוויסטישע ראַטען־מאַכט. שוין אין מיטען נאָוועמבער פאַרמירט זיך אין קורסק אַן אוקראַאינישע ראַטען־רעגירונג און זי טרעט אַרויס געגען דער דירעקטאָריע.

זיך באַוועגענדיג פון צפון צו דרום, האָבען באָלשעוויקעס פאַרנומען האָמעל, גלוכאָוו, סומע, וואַליוקי, כאַרקאָוו, יעקאַטערינאָסלאַוו און, אין ענדע, דעם 2־טען פעברואַר, קיעוו. דערביי האָט די רויטע אַרמיי פאַרנומען כאַרקאָוו נאָך איידער פּעטליורא איז אריינגעטראָטען אין קיעוו.

די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע פון דער דירעקטאָריע איז אויך געוועזן זעהר אַ שווערע. די אונטערהאַנדלונגען אירע דורך דעם גענעראַל גרעקאָוו מיט דער אַנטאַנטע און רומעניען, וועלכע זיינען געפירט געוואָרען אין אָדעס, האָבען ניט געבראַכט צו קיינע רעזולטאַטען. די אַנטאַנטע שטיצט אונטער דעם פּרינציפּ פון אַן איינהייטליכען, אומטיילבארען רוסלאַנד. זי שטיצט דעניקינען.

צווישען דער דירעקטאָריעס אַרמיי הייבט זיך אָן אַן אומצופרידענהייט. לויט זייער צוזאַמענשטעל צעפאַלט זיך די אַרמיי אויף צוויי באַשטאַנד־טיילען — די רעגולערע אַרמיי און די אויפשטאַנדיגע. דאָס רוב פון פּעטליוראַס אַרמיי, ווען ער האָט פאַרנומען אין דעצעמבער 1918 קיעוו, האָבען צונויפגעשטעלט די פּויערים־אויפשטאַנדיגע. זייענדיג ראַדיקאַל געשטימט צוליב די לאַנגדויערנדע פּאַרטיזאַנישע קאַמפען מיט די דייטשען און מיט דעם העטמאַן, האָט זי מיט זיך פאָרגעשטעלט אין דעם מאָמענט אַ גוט־דיסציפּלינירטע מאַסע, וואָס האָט כמעט אָן אויסנאַמען דורכגעמאַכט די אימפּעריאַליסטישע וועלט־מלחמה. פּאָליטיש איז עס געוועזן אַ מאַסע ניט קיין שטאַנדהאַפטיגע, וואָס פאַלט זיך כסדר פאַנאַנדער, פאַרטיידיגט די אוקראַאינישע פאָלקס־רעפּובליק ביי יע־

דער געפאר פון רעכטס, נייגט זיך אָבער אָפּ פון דער דירעקטאָריע ביי יעדען אויפשטאנד פון לינקס.

די רעגולערע ארמיי איז געווען אָנגעקליבען, הויפּטזעכליך, אין אָדעס אין דער צייט פון דער אזוי־גערופענער „קריגס־ראדע" אונ־טער דער מיליטערישער און פּאָליטישער אויפזיכט פון די רעאקציאָ־נערסטע עלעמענטען פון דער אוקראינער נאציאָנאלער באוועגונג (דעם סאמאָסטיניק אטאמאן ווערביצקי און דר. לוצענקאָ, וואָס שטאמט פון רייכע פּויערים). געקליבען האָט מען זיי פון צווישען די נאציאָנאל־געשטימטע שטאָטישע נידעריגסטע שיכטען פון דער באפעלקערונג — דאָס זיינען די היידאמאקישע מיליטער־טיילען, צו וועלכע עס האָבען זיך אָנגעשלאָסען די גאליצישע „שלאכט־שיסער", און פון די קריגס־געפאנגענע, וואָס האָבען באקומען אין די דייטשע לאגערען א ספּעציעלע נאציאָנאליסטישע אוקראינישע דערציהונג.

בראש פון דער ארמיי איז געשטאנען א גרופּע רעאקציאָנערען: דער פּאָליטישער פירער איז געווען דר. לוצענקאָ, דער מיליטערישער — קאָנאָוואלאָף, דער עמיסאר פאר דער פּראָווינץ — קאמענקאָ.

די פירער האָבען געהאט פאר זיך א שווערע אויפגאבע צו־נויפצוגיסען, צונויפצעמענטירען אין איין איינהייט די ארמיי, אין וועלכער די מערהייט איז געשטאנען פאר ראדיקאל־סאָציאליסטי־שע לאָזונגען און די מינדערהייט פאר א נאציאָנאליסטיש־מילי־טערישע דיקטאטור. און איינהייטליך און פעסט־איייניג מאכען די ארמיי איז געווען אומבאדינגט נייטיג, אום וואָס דאָס זאָל ניט געהן.

אויף דעם ערשטען פּלאן קריכט ארויס די אנטיסעמיטישע אגיטאציע.

די היידאמאקעס זיינען אזוי אויך אנטיסעמיטיש געשטימט. נאָך פריער, בעת די פרידליכע באציהונגען, פלעגט ניט זעלטען טרעפען, אז זיי פלעגען אָנפאלען אויף איינצעלנע אידען מיט קולות: „שלאָג אידען!" ביי דעם מיליטערישען אָנפירער פון דער דירעקטאָריע־ארמיי, קאָנאָוואלאָף, האָבען זיך געשאפען ספּע־ציעלע אויסגעקליבענע פון צווישען די היידאמאקעס: „סעטשע־וויקעס" און פארטיזאנער אָטריאדען, גוט־דיסציפּלינירטע, פארבונ־דענע דורך איין אלגעמיינער שנאה צו די באָלשעוויקעס און אידען — די אזוי־גערופענע „קורען פון טויט" און באזונדערע טיילען פון

איינצעלנע אַטאַמאַנעס. אַט די אַלע טיילען זיינען געווען צונויפ־געשמידט צווישען זיך דורך אַ לאַנגען געמיינזאַמען קאַמף, די פאַר־געטערונג פון זייער אַטאַמאַן, די געהאָרכזאַמקייט צו זיין ווילען און דורך באַזונדערע פּריווילעגיעס.

„זיי שלאָגען זיך גוט, אָבער דערפאַר האָבען זיי אויך אַ רעכט אַ ביסעל צו רויבען" — אַזוי פלעגט זיך אָפּרופען וועגען זיי די מיליטערישע אָנפירערשאַפט.

די אויפפירונג פון אַט די טיילען פון דער אַרמיי אין דער אַזוי צו זאָגען פרידליכער צווישען־פּאָגראָם צייט און די באַציהונג צו דעם פון זייערע עלטסטע ווערט בולט אַרומגערעדט אין דעם באַריכט, וואָס דער אָנפירער פון דער וואַך אין זשיטאָמיר, אבאַ־ריאוס, האָט אין נאָמען פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג צוגעשטעלט דער „דירעקטאָריע".

אין דעם באַריכט, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרען צווי־שען דעם ערשטען און צווייטען פּאָגראָם, בעט דער אויטאָר אויף אַ זעהר פּאַרזיכטיגען אופן די דירעקטאָריע אַרויסצופירען פון שטאָט די מיליטער־טיילען, וועלכע זיינען דאָרט געווען אין דער צייט פון ערשטען פּאָגראָם. „טיף פאַרדאָרבענע, לײדיגגעהער אין אַ באַשטענדיגער חברותא מיט די אויסוואורפען און גאַסען־לאָ־בוסען פון שטאָט, וואַרפען זיי אַ שרעק און פּחד אויף יעדען איינ־וואוינער. דאָס איז פריער פון אַלץ שייך צו די קאָמענדאַנטישע „הונדערטלעך". די שטאָטישע זעלבסט־פאַרוואַלטונג און די אויס־פאָרשונגס־קאָמיסיע האָבען געהאַט אַ מעגליכקייט זיך פּאָלקאָם צו איבערצייגען, אַז מענשען אין גרויע שינעלען, וועלכע מען האָט פאַרהאַלטען מיט אָנגעראַבעוועטע זאַכען אין די הענט, האָבען זיך אַרויסגעוויזען פון די קאָמענדאַנטישע „הונדערטלעך". ווען מען האָט זיי אַוועקגעפירט אַהין, ווי אַרעסטירטע, צו זייער קאָמאַנדיר, — האָט מען זיי באַלד באַפרייט. קיין וואונדער ניט, וואָס עטליכע פון זיי האָבען געהאַט די חוצפּה צו קומען אין דער שטאָטישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג און אין אויספאָרשונגס־קאָמיסיע און פאָ־דערען די אָנגעראַבירטע זאַכען און געלט צוריק. און ווייל די פאַרברעכער האָבען זיך געהאַלטען אַרויספאָדערענדיג, גלויבענדיג אין זייער אומבאַשטראָפבאַרקייט, — האָט די אויספאָרשונגס־קאָ־מיסיע זיי אָפּגעגעבען די גערויבטע זאַכען. דערנאָך האָט מען די־

זעלבינגע מענשען געזעהן באוואָפּענטע אַרומפּאָרענדיג איבער'ן שטאָט, און זיי האָבען בלי שום ספק פאַרטגעזעצט זייערע ווילדע מעשים."

נאָכ'ן ערשטען פּאָגראָם האָט די שטאָטישע זעלבסט־פאַר־וואלטונג אָרגאניזירט א באוואָפּענטע וואך פון די איינוואוינער (א מין זעלבסטשוץ); דער קאָמענדאנט האָט סאנקציאָנירט די אָרגאניזאציע, אָבער ווי די שטאָטישע זעלבסט־פארוואלטונג איז צוגעטראָטען דורכצופירען איר ארבייט, האָט זי זיך אָנגעשטויסען אויף א גאנצער ריי מיספארשטענדענישען און מניעות. ערשטענס, האָט דער קאָמענדאנט ארויסגעגעבען א באפעל, וואָס פארווערט ווען דאָס זאָל ניט זיין און ביי וועלכע באדינגונגען דאָס זאָל ניט זיין, צו ארעסטירען די קאָזאקען. דער באפעל האָט אָפּגע־נומען די מעגליכקייט צו קעמפען מיט די געוואלטטאטען, וואָס ווערען דורכגעפירט פון מענשען אָנגעטאָנענע אין גרויע שינעלען; פון דער צווייטער זייט זאָגט זיך אָפּ דער קאָמענדאנט ארויסצו־געבען א באפעל, וואָס זאָל אויפקלערען די קאָזאקען וועגען די צילען און אויפגאבען פון דער נאכט־וואך, אומגעאכט אויף די פילע בקשות וועגן דעם פון דער שטאָטישער זעלבסט־פארוואל־טונג. די נאכט־וואך פלעגט אָפט איבערפאלען ווערען פון סאָל־דאטען און אויך פון זייערע עלטערע. פון אָנפאנג אומזיכער, דער־נאָך אַלץ אָפטער און אָפטער הייבט מען איר אָן צו אנטוואָפענען, די לעצטע טעג נעמט די אנטוואָפענונג אָן א סיסטעמאטישען, אַלץ פארכאפּענדען כאראקטער. „פארקערט, די סאָלדאטען, פילענדיג הינטער זיך דעם געזעץ, וואָס פארבאָט וועלכען ניט איז אָנגריף אויף זיי, ווערען פרעכער מיט יעדען טאָג. א באנדע פון אכט מאַן געהט זיך דורך אום 1 א זייגער בייטאָג איבער די הויפט־גאסען און ראבירט אויס ביי אַלעמען, וועמען זי באגעגענט נאָר, דאָס געלט, צירונג און אנדערע חפצים, כלומר'שט אונטער'ן אויס־רייד, אז זיי זוכען געווער. די אָנקלאגע אין דער קאָמענדאנטור מצד דער שטאָטישער זעלבסט־פארוואלטונג בלייבט ניט באענט־פערט, און די באנדיטען ניט באשטראָפט; עס ווערען אָפטער די איבערפאלען אויף די קווארטירען. די סאָלדאטען באנוגענען זיך שוין ניט מיט אנטוואָפענען די נאכט־פאטרולען, מ'נעמט אַלס הוספה דערצו אָפּ פון זיי די זייגערס, די היטלען, די שטיוועל —

װעגען באַלײדיגונגען און אַנטיסעמיטישע אױסגעשרײען בײ יעדען אײנצעלנעם פאַל רעדט מען שױן ניט.״

„די שטאַטישע זעלבסט־פאַרװאַלטונג, — שרײבט װײטער אבאריוס, — האָט, נאָך איר באַריכט װעגען דעם קאָמענדאַנט און דעם קאָרפּוס־קאָמאַנדיר, מער װי מיט שטױנען איבערגעלײענט אין די צײטונגען דעם באַפעל, לױט װעלכען אױף די סאָלדאַטען־פּאַט־רולען װערט אַרױפגעלײגט דער חוב . . . צו דערשיסען אױף אַן אָרט צוזאַמען מיט די ראַבירער אױך די פּערזאָנען, װעלכע דער פּאַטרול װעט אָנערקענען אַלס פײנד פון דער רעפּובליק, װאָס פירען אַ באָלשעװיסטישע פּראָפּאַ־גאַנדע.״

„אָפּגעבענדיג אױף אַזאַ אופן די גאַנצע פרידליכע באַפעלקע־רונג דעם אומבאַגרענעצטען װילקיר פון דער פאַרדאָרבענער, װיל־דער, פרײגעלאָזענער מענגע אין סאָלדאַטען־יוניפאָרם, — האָט דער באַפעל מיט דעם שױן פאַרניכטעט יעדע מעגליכקײט פאַר דער שטאָטישער זעלבסט־פאַרװאַלטונג צו אָרגאַניזירען אַ קאַמף מיט די רױבערײען און געװאַלטטאַטען אין שטאָט.״

אַזױ װערט דאָס מיליטער סיסטעמאַטיש צוגעגרײט צו דער פּאָגראָם־טעטיגקײט. אין די הענט פון די פאַרדאָרבענע סאָלדאַ־טען, אױף זײער אײנזעהן, װערען אָפּגעגעבען דאָס לעבען, די עהרע, דאָס האָב און גוטס פון דער פרידליכער באַפעלקערונג. זײ זײנען די אײנציגע אומבאַשרענקטע בעלי־בתים פון לעבען.

די באַפעלען פון זײערע פירער ערפילען זײ, װערען דאָך די באַפעלען געמאַכט לטובת זײ און ניט געגען. זײ זײנען דיסצי־פּלינירט (ערשט צום סוף, אונטער דער װירקונג פון זײער פּאָגראָם־טעטיגקײט, פאַלען זײ זיך פאַנאַנדער, װערען אײנפאַכע רױבער־באַנדעס). מחמת זײער דיסציפּלינירטקײט טראָגען די פּאָגראָמען אַ באַשטימטען כאַראַקטער פון אױספירען אַ קריגס־באַפעל: זײ הײבען זיך אָן און פאַרענדיגען זיך נאָך אַ געגעבענעם צײכען, — אַמאָל אָן אָפענעם, אַמאָל אַ געהײמען. אַלע פּאָגראָמען, װאָס די רעגולערע אַרמײ־טײלען פון דער דירעקטאָריע האָבען דורכגעפירט, האָט װי פאַראײניגט אײן אַלגעמײנער העכערער פּלאַן און ציל: זײ װערען שטאַרקער הין אין כמות, הין אין איכות, אין זײער אכזריות, אין די מאָמענטען, װען דער דירעקטאָריע באַדראָהט אַ

געפאַר פון לינקס, מצד די באָלשעוויקעס; זיי ווערען אָפּגעשוואַכט אין די מאָמענטען, ווען די באָלשעוויקעס ווערען ארויסגעשטויסען פון אוקראַינע דורך דעניקינען.

די החלטה פון מיניסטאָרען־ראַט פון פּעטליוראַס רעגירונג וועגען אָננעמען ראַדיקאַלע שאַרפע מיטלען געגען די פּאָגראָמען איז אָנגענומען געוואָרען דעם 18־טען אויגוסט. פּעטליוראַס ווענ־דונג צו דער ארמיי וועגען דערזעלבער פראַגע איז פאַרעפענטליכט געוואָרען דעם 28־טען אויגוסט, — צו דעם מאָמענט, ווען די ראַטען־מאַכט איז ארויסגעשטויסען געוואָרען פון אוקראַינע דורך דעניקינס ארמיי, און ווען זיי האָבען איבערגעלעבט די לעצטע טעג פון איינהאַלטען די ממשלה איבער קיעוו.

די פּאָגראָמען פון דער דירעקטאָריע הייבען זיך אָן פון ניי־יאָר 1919 — די יאַנואַר־פּאָגראָמען. זיי קאָנצענטרירען זיך הויפּט־זעכליך אין מזרח־טייל פון וואָלין און קומען פאָר דאָן, ווען פּעט־ליוראַס ארמיי טרעט אָפּ אין קאַמף מיט די באָלשעוויקעס, וואָס רוקען זיך אַלץ ווייטער פון צפון און צפון־מזרח אויף קיעוו. אהער געהערען די פּאָגראָמען אין אָוורוטש (דעם 31־טען דעצעמבער 1918 יאָר) און די פּאָגראָמען אין די נאָענטסטע דערפער: פּאַטאַ־פּאָוויטשי, גאַשעוואַ (דעם 31־טען דעצעמבער 1918).

צוליב דעם כאַראַקטעריסטישען פּנים פון די פּאָגראָמען וועל־לען מיר זיך אָפּשטעלען אויף זיי אויספירליכער.*)

אָוורוטש איז א קרייז־שטאָט פון וואָלינער גובערניע און ציילט א באַפעלקערונג פון ארום 10,000 מאָן, צווישען וועלכע צוויי־דריטעל זיינען אידען. די אידישע באַפעלקערונג איז אין איר מאַסע אַפּאָליטיש; קיין באַוואוסטע רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך פון זייער סביבה ניט ארויסגערוקט. אין פעריאָד פון די צאַרישע פּאָגראָמען האָט אָוורוטש ניט געליטען, נאָר אין דעצעמבער 1917 ביי דער אַלטער ראַדע, אונטער דער ווירקונג פון דער אגיטאַציע פון די פּוילישע פריצים און די געוועזענע רוסישע באַאמטע, האָבען די ארומיגע פּויערים צעראַבירט די געשעפטען. די הייזער האָבען

*) באַמערקונג. אין די ביילאַגעס צו דעם קאַפּיטעל ברענגען מיר דעם גאַנצען באַריכט פון דעם באַוואוסטען אַדוואָקאַט א. הילערסאָן וועגען דעם פּאָגראָם.

זיי ניט אָנגערירט. אונטער דער ווירקונג פון די ווייס־רוסישע באָלשעוויקעס שאפט זיך צווישען די אָוורוטשער פויערים א באָל־שעוויסטישע שטימונג. נאָכ'ן אומוואַרפען די העטמאַנשטשינע זיי־נען בראש פון דער „אָוורוטשער רעפּובליק“ געשטאַנען אַן אוקראַי־נער דמיטריוק און א איד א בונדיסט — פרידמאַן. זיי טרעטען אַרויס מיט שאַרפע פּראָטעסטען געגען די באָלשעוויסטישע שטי־מונגען. דמיטריוקען האָט מען דער'הרג'עט און פרידמאַן איז קוים אַנטלאָפען. די שטאָט פאַרנעמט א „קורען פון טויט“. נאָך אים קומט אָן א פּאַרטיזאַנישע מחנה מיט'ן אַטאַמאַן קאָזיר־זירקא בראש.

אויסהערענדיג די רכילות פון א פּוילישער דעלעגאַציע און פון אַלטע צאַרישע באַאַמטע, וואָס זיינען צו אים געקומען אַלס פאָרשטעהער פון געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס, באַפעלט דער אַטאַמאַן צו אַרעסטירען און ברענגען צו אים דעם שטעטעלשען רב. צוויי א זייגער בייטאָג דעם 26־טען דעצעמבער האָט מען דעם רב אַן אַרעסטירטען געבראַכט אין קאָמענדאַנטור. דאָרט האַלט מען אים אָפּ ביז 10 א זייגער ביינאַכט. דערביי מאַכען זיך די קאָזאַקען אויף זייער אופן לוסטיג איבער אים. ענדליך אום 10 ביינאַכט האָט מען אים אַריינגעפירט צום אַטאַמאַן. דער האָט אים אויפגענומען זעהר גראָב און נאָך א פּניות'דיגען אויספרעגען האָט ער אים געזאָגט: „איך ווייס, אַז דו ביסט א באָלשעוויק, אַז אַלע דיינע זיינען באָלשעוויקעס, אַז אַלע זשידעס זיינען באָל־שעוויקעס. ווייס זשע, אַז איך וועל אַלע אידען פון שטאָט פאַר־טיליגען. קלייב זיי צונויף אין בית־המדרש און זיי זיי מתרה וועגען דעם.“

עס קומען פאָר איינצעלנע פאַלען פון הריגות און רויבערייען. אונטער דעם אָנגריף פון די באָלשעוויקעס, די פויערים פון דאָרף פאַקאַלעווע, איז קאָזיר־זירקא געצוואונגען אָפּצוטרעטען. דעם 31־טען דעצעמבער קעַרט ער זיך אום מיט פאַרשטאַרקטע כחות אין אָוורוטש. נעבען דאָרף פּאַטאַפּאָוויטש, אויפ'ן וועג צו אָוו־רוטש, ווייזט זיך אַרויס, אַז די אייזענבאַן־ליניעס זיינען פאַנאַנ־דערגעשרויפט. עמיצער זאָגט דעם אַטאַמאַן, אַז דאָס איז אידישע אַרבייט. קאָזאַקען רעכענען זיך אויף אַן אָרט אָפּ מיט די אידען: טייטען פון זיי עטליכע און פאַרגוואַלטיגען עטליכע פרויען. פון פּאַטאַפּאָוויטש קומען זיי אין דאָרף געשאַווע און דער'הרג'ענען

דאָרט צוויי זקנים, א מלמד און א שוחט. דעם 31־טען נאָך האל־בען טאָג האָבען זיי זיך אריינגעריסען אין אָוורוטש און אָנגעהויבען ראבירען און טייטען אידען. אָנגעהויבען האָט זיך פון פארגוואל־טיגען 10 אידישע מיידלעך, וועלכע זיי האָבען געכאפט אויפ'ן מארק. דערנאָך האָבען זיי אָנגעהויבען טייטען אלע אידען, וועמען זיי האָבען באגעגענט. דערנאָך האָבען זיך די קאָזאקען קאָמפא־ניעסווייז פאנאנדערגעשאָטען איבער'ן שטאָט, אריין אין די הייזער, צוגענומען געלט און זאכען, די עלטערע אידען געשלאָגען מכות־רצח, די פרויען פארגוואלטיגט, די יונגענט דערמאָרדעט . . . פאר געלט פלעגט מען זיך קאָנען אָפקויפען. אזוי האָט די פאמיליע ראָזענמאַן פאר 12 טויזענט רובעל באקומען א מין „באשיצונגס־בריף, — מען האָט זיי דערקלערט, אז זייער נאָמען האָט מען „שוין פארשריבען אין שטאב" (און ווירקליך, קיינער האָט זיי מער ניט באאומרוהיגט) ; פאר 10,000 רובעל האָט זיך נאָך איינער אָפגע־קויפט פון פאָגראָם. דער פאָגראָם איז אָפגעשטעלט געוואָרען לויט'ן באפעל פון אטאמאַן.

מען טרייבט איבער אידען דעם ווילדעסטען שפאס און חוזק. איינינגע פארהאלטענע אידען האָט קאָזיר־זירקא געצוואונגען צו טאנצען, איינעם פון זיי, א זעהר דיקען, האָט מען דערביי אונטערגעטריבען מיט א קאנטשיק. נאָכדעם האָט ער פון זיי געפאָדערט, זיי זאָלען זינגען אידישע לידער. אז עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז קיינער פון זיי קאָן ניט אויף אויסווייניג קיין לידער, האָט מען זיי אונ־טערגעזאָגט די ווערטער, און זיי האָבען געמוזט זינגען. מען האָט זיי אָנגעטאָן אין לצים־היטלען, זיי געגעבען צו אָנגעצונדענע ליכט אין די הענט און פאנאנדערגעזעצט אויף באזונדערע שטולען. קאָזיר־זירקא און זיינער א חבר זיינען געלעגען אויף די בעטען און זיך געקייקעלט פון געלעכטער אזוי, אז אונטער די געסט איז איינ־געפאלען די בעט . . . די אידען האָט מען געצוואונגען צו ברענגען אין אָרדענונג די בעט, דערביי איז דער גאסט געבליבען אין זיין ליגענדיגען צושטאנד. ווען איינער פון די אידען האָט ניט אויס־געהאלטען דעם אָפשפאָטען און זיך פאנאנדערגעוויינט — האָט מען אים געמעלדעט, אז דערפאר קומט 120 שמיץ.

לויט'ן באפעל פון אטאמאַן האָט מען צונויפגעקליבען די אידען אויפ'ן פלאץ און קאָזיר־זירקא האָט זיי געמעלדעט, אז ער האָט

רעכט צו פאַרניכטען אַלע אידען און ער וועט עס טאַקע טאָן, אויב עס וועט ליידען כאָטש איינער פון זיינע קאָזאַקען. אין פּאָטאָ־פּאָוויטש האָט ער שוין דאָס געטאָן, דערביי האָט ער אייגענהענטיג דערשאָסען אַ איד אַ שפּיאָן. ער ראָט די אידען, אויב צווישען זיי געפינט זיך כאָטש איין באָלשעוויק, זאָלען זיי אים בעסער דערוואַרגען מיט די אייגענע הענט. ווען קאָזיר־זירקאַ האָט פאַרענ־דיגט זיין רעדע, האָבען די אידען אויסגעשריען „הורא!" און „האָך!" דער רב האָט פאָרגעלייגט אַלע אידען צו געבען אַ שבועה פון טרייהייט צו אוקראַינע און זיי זאָלען אויסטיילען פון זייער סביבה אַ מיליטערישע אָפּטיילונג. דער אטאַמאַן האָט געענט־פערט, אַז אין קיין אידישע שבועות, אין קיין אידישע מיליטער נייטיגט ער זיך בכלל ניט. ער דערלויבט די אידען צו אָטעמען מיט אוקראַינעס לופט, אָבער ער פאָדערט, אַז זיי זאָלען געדענקען אָן אַלע זיינע התראות.

פאַר'ן אָפּטרעטען האָט קאָזיר־זירקאַ נאָך צעשאָסען אַ גרופּע פון 34 אידען.

אין דער מעשה אָוורוטש טרעטען פאַר אונז ארויס בולט די יסודות, אויף וועלכע עס ווערען דורכגעפירט די פּאָגראָמען פון פּעטליוראַס מחנות. דאָ זעהען מיר זייער גרונד־פּאָן: זייער אָר־גאַניזירטקייט, די צענטראַלע פיגור פון דעם אטאַמאַן, וועלכער די־ריזשירט מיט'ן פּאָגראָם, דיקטירט דעם מיליטער זיין ווילען. לויט זיינעם אַ וואונק הייבען זיך אָן די פּאָגראָמען, לויט זיין באַפעל הערען זיי אויף. דער לאָזונג איז: „שלאָגט די זשידעס, ווייל זיי זיינען קאָמוניסטען."

דער אָוורוטשער פּאָגראָם טראָגט נאָך אַ פאַרהעלטניסמעסיג־אומשולדיגען כאַראַקטער: ווילדער חוזק מאַכען, רויבעריי, און טיילווייז נאָר פאַרגוואַלטיגונג פון פרויען און ערמאָרדונגען. פאַר געלט קאָן מען זיך אָפּקויפען, — אַ פּריווילעגיע, וואָס מען האָט שפּעטער אָנגענומען ביי די אידען. זיין „מילדקייט" און „ווייכ־קייט" דערקלערען זיך מיט דעם דאַמאָלסטיגען מצב פון דער די־רעקטאָריע, וועלכער איז ניט געווען אין גאַנצען אונטערגעגראָבען פון מיליטערישע מפּלות: צווישען דער אַרמיי ווערט די פּאָגראָם־אַגיטאַציע געפירט. נאָר דעם לאָזונג פון פאַרניכטען און אומ־

ברענגען דאָס גאַנצע אידענטום האָט נאָך דאַן די מיליטערישע אַנפירערשאַפט ניט געגעבען.

אין יאַנואַר 1919 קומט פאָר דער ערשטער פּאָגראָם אין זשיטאָמיר (7־10 יאַנואַר); ער ווערט דורכגעפירט פון פּעטליור־ראָס אָפטרעטענדער אַרמיי. די דירעקטאָריע טרעט אָפּ אונטער'ן אַנדראַנג פון די באָלשעוויקעס. די באַפעלען פון די אַטאַמאַנען נעמען אָן אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון אַ פּאָגראָם־אַגיטאַציע און אַ באַשטימטער אויסדריקליכער פּראָוואָקאַציע בנוגע אידען.

דעם 10־טען יאַנואַר ווערט אין מעזשעבוזש (פּאָדאָליען) אויס־געקלעפּט אַ מודעה פון אַטאַמאַן וואָליינעץ, אין וועלכער עס ווערט געזאָגט: „לויט אַ באַפעל פון דער העכסטער מאַכט פון דער אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק, בין איך מיט מיין „קורען" אָנ־געקומען אין לעטיטשעווער קרייז אום צו העלפען דער אָרטיגער מאַכט אין איר קאַמף מיט די באָלשעוויסטיש־זשידישע באַנדעס, וואָס האָבען צעשטערט די אָרדענונג און רוהיגקייט אין געגענט. אונזער אומבאַוואוסטזיניגע, פינסטערע דאָרפישע באַפעלקערונג, וואָס שטעלט צונויף דאָס רוב פון די באַנדעס, ווערט אָפּגענאַרט פון די פיינד פון אוקראַינע, וועלכע באַקומען דערפאַר גוט באַ־צאָלט. ווי מען גיט איבער, האָט דער אידליאַק, מושלין, וועלכער איז אַ געבוירענער אַ מעזשעבוזשער, וואָס האָט אָרגאַניזירט די באָלשעוויסטישע באַנדעס, באַקומען פון די רוסישע „חברים באָל־שעוויקעס 7 מיליאָן קאַרבאָוואַנצעס."

דעם 20־טען יאַנואַר ווערט אין ביעלאָ־צערקאָוו פאַרשפּרייט אַזאַ אויפרוף פון פּאָלקאָווניק דיאַטשענקאָ: „פון זיכערע קוועלען זיינען צו מיר דערגאַנגען קלאַנגען, אַז די אידישע באַפעלקערונג פון ביעלאָ־צערקאָוו און דעם אויעזד אַגיטירט געגען דער מאַכט פון דער דירעקטאָריע. איך בין מתרה, אַז אויב עס וועט פאָרקומען אַ וועלכע עס איז אַרויסטרעטונג אַלס פועל־יוצא פון אָט דער אַגיטאַציע, וועט די גאַנצע פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַלען אויף דער אידישער באַפעלקערונג, ווי דאָס איז געוועזען דער פאַל מיט זשי־טאָמיר און אַנדערע ערטער אין אוקראַינע."

אין דעם אויפרוף פון דעם אָפיציעלען „אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ פון דער אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק", וואָס איז פאַר־שפּרייט געוואָרען אין קרעמענטשוגער אויעזד, זיינען דאָ פאַל־

גענדע פּראָוואָקאַטאָרישע ציילען: „וואָס איז שייך דער אידי־שער בורזשואזיע, וועט די פיינדליכע פּאָזיציע אירע בנוגע דער אוקראַינישער רעפּובליק איר קיין גוטס ניט ברענגען . . . דער אוקראַינישער פאָלק האָט איצט פריינד, ער האָט אָבער אויך קיין מורא ניט פאַר זיינע פיינד. יעדער וועט באַקומען שכר נאָך די פאַרדינסטען. ס'איז געווינשט, אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל זיך אַרויסזאָגען דייטליך און באַשטימט, אַז עס געהט צוזאַמען מיט דעם אוקראַינישען פאָלק, ווי דאָס האָבען געטאָן די אידען אויף דער טעריטאָריע פון דער גאַליצישער אוקראַינע.“

דעם 11־טען יאַנואַר איז אין פעלשטין פאַנאַנדערקלעפּט געוואָרען פאָלגענדע מודעה: „די ערשטע מעלדונג צו דער אידי־שער באַפעלקערונג . . . צו מיר זיינען דערגאַנגען קלאַנגען, אַז די אידען פאַרטומלען די פויערים די מוחות, זיי עצה'נדיג ניט צו טראָגען קיין געלט אין די מלוכה־קאַסעס. איך בין מתרה ומודיע די אידישע באַפעלקערונג, אַז די אוקראַינישע אינפאָרמאַ־ציאָנס־ביוראָ גיט גוט אַכטונג. פאַר דער שולד וועט איר אַלע באַשטראָפט ווערען און טאַקע פון די פויערים גופא און קיין שוץ האָט איר גאָר פון קיינעם ניט צו דערוואַרטען.“ דער פאַרוואַלטער פון אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ (אונטערשריפט.)

די וויננוצער אידישע קהלה האָט באַקומען פון דעם שטאַב־נאַטשאַלניק פונ'ם צווייטען פּאָדאָליער קאָרפּוס פאָלגענדען ענט־פער אויף איר בקשה אָפּצושטעלען די פּאָגראָם־עקסצעסען אין שטעטעל דראַזשנע: „אויף אייער בקשה האָט דער קאָרפּוס־קאָ־מאַנדיר אַרויסגעלייגט פאָלגענדע רעזאָלוציע: „1) בעסער נעמט אָן אַליין מיטלען, אַז די מיטגלידער פון דער דראַזשנער קהלה זאָלען ניט אַגיטירען פאַר די פּאַווצעסען; 2) קיינע אַנדערע מיטלען דאַרפען ניט אָנגענומען ווערען, ווייל ווען די קאָזאַקען זאָלען זיך דערוויסען, אַז די באַוואַפענטע כחות, וואָס דאַרפען אָפּהיטען דאָס שטעטעל, שטיצען די באָלשעוויקעס, וועלען זיי סיי ווי סיי אויסקוילענען אַלע אידען אין שטעטעל.“

אין אַ באַפעל פון דעם אַטאַמאַן האַווערישקאָ „צו אַלע פאַר־זיצענדע פון די וואָלאָסט און דאָרף אופּראַוועס אין פּרילוקער ראַיאָן“ ווערט ספּעציעל אונטערגעשטריכט וועגען דעם טייל קאָ־זאַקען, וואָס האָבען אונטער דער השפעה פון דער אַגיטאַציע פון

די זשידקעס באָלשעוויקעס, טיילווייז אונטער דער ווירקונג פון די צוגעשיקטע געלטער, געלאָזט זיך פארפירען פון דעם אגיטאַ־טאָר קאסטונען".

די אגיטאַציע און די קריגס־מפּלות רעגען אויף דאָס מיליטער געגען די אידען. אין אננאפּאָל, וואָלינער גובערניע, האָבען די פּעטליוראָוועס געמאַכט א פּאָגראָם אונטער די לאָזונגען: „שלאָגט די זשידעס און אפילו די זשידאָווסקע קינדער." פריער זיינען אויף א מיטינג אין דעמזועלבען שטעטעל ארויסגעטראָטען פּעטליוראַס אָפיצירען און פאָרגעוואָרפען איינער דעם צווייטען, „אז זיי האָבען ארויסגעטריבען די זשידעס פון בערדיטשעוו." (די עדות פון קרופּניק.) וועגען דער באַציהונג פון דער העכערער מאַכט פון דער דירעקטאָריע צו די פּאָרקומענדע געשעהענישען גיט א קלאָרע פאָרשטעלונג די מיטטיילונג פון י. גיטערמאַן, וועלכער איז אין יענער צייט געווען א מיטגליד פון צענטראַלען אידישען הילפס־קאָמיטעט פאַר די פּאָגראָמירטע אין אוקראַינע, און שפּעטער באַפאָלמעכטיגטער פון הילפס־קאָמיטעט פאַר די פּאָגראָמירטע ביים רוסישען רויטען־קרייץ.

אין די ערשטע טעג פון פעברואַר 1919 איז קיין וויננּיצע, וואו עס האָט זיך דאַן געפונען די דירעקטאָריע און די גאַנצע אוקראַינישע רעגירונג, געשיקט געוואָרען א דעלעגאַציע פון זשי־טאָמירער שטאָטישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג און אנדערע געזעל־שאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכער איך בין אויך אריין אלס א פאָרשטעהער פון הילפס־קאָמיטעט פאַר די געליטענע פון די פּאָגראָמען.

אין בערדיטשעוו איז צו אונז צוגעקומען נאָך אַזאַ דעלעגאַ־ציע פון בערדיטשעווער שטאָטישער און זעמסקער זעלבסט־פאַר־וואַלטונגען און פון דער אידישער קהלה. אלס פאָרשטעהער פון דער לעצטער זיינען געווען דער שפּעטערדיגער מיניסטער פון אידישע ענינים ביי פּעטליוראַס רעגירונג, פּנחס קראַסני, און די באַוואוסטע געזעלשאַפטליכע און ארבייטער־טוערין פאַניאַ ני־רענבערג.

דער ציל פון מיין פאָרען, ווי אויך פון קראַסני און נירענבערג, איז געווען צו באַקומען די געלט, וועלכע די אוקראַינישע רעגי־

רונג האָט אסיגנירט, לויט דער בקשה פון מיניסטער פאר אידישע ענינים רעוואוצקי, אויף הילף פאר די פּאָגראָמירטע אין זשיטאָ־מיר און בערדיטשעוו.

אויפ'ן צווייטען אָדער דריטען טאָג נאָך אונזער אָנקומען אין ווינניצע האָט רעוואוצקי אונז פאָרגעלייגט, אַז מיר, ד. ה. די פאָרשטעהער פון זשיטאָמיר און בערדיטשעוו, זאָלען זיך באַגע־גענען ביי אים אין וואוינונג מיט'ן קאָמאַנדיר פון ווינניצע, קאָ־מענקאָ, און די עלטסטע פון די „קורענס" (וועלכע זיינען געווען די העלדען פון די פּאָגראָמען אין זשיטאָמיר און בערדיטשעוו), אום אויפצוקלערען די פראגע וועגען די שולדיגע פאר'ן פּאָגראָם.

אונז האָט אָפּגעשטויסען און אָנגעפילט מיט שרעק דער גע־דאנק אליין, אַז מיר וועלען זיך דארפען באַגעגענען מיט קאָווענקאָ, דעם געוועזענעם פּאָרזיצער פון דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע; דעם תליון, וואָס האָט ערמאָרדעט דעם פּאָרזיצער פון „פארבאנד פון די אידישע קרינגסלייט", נאָגאָלין; וואָס האָט צוגראָמירט די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען. אים האָבען דאָך אַלע געדעכענט פאר דעם הינטערדיגען אָרגאַניזאַטאָר פון אַלע אידישע פּאָגראָ־מען, וועגען וואָס עס האָט, ווי אַגב אורחא, אָנגעוויזען אויך דער מיניסטער פאר אינערליכע ענינים טשעכאָווסקי, אין זיין געשפּרעך מיט דער דעלעגאַציע פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. באַגע־גענען זיך מיט אָט דער חיה, מיט דעם פינסטערען נפש.

אויף מאָרגען האָט אונז רעוואוצקי גלייך פון מיטאָג אוועק־געפירט צו אים אין נומער, וואו ער האָט שוין געוואַרט אויף אונז. מיר אַלע, ד. ה. איך, נירענבערג און קראַסני, באַוועגט דורך גע־וויסע מאָטיוון, האָבען באַשלאָסען צו געהן. אין נומער האָבען מיר געטראָפען קאָווענקאָן, דריי עלטסטע פון די „קורענס" און אַן אַטאַמאַן, וועלכער, ווי מיר האָבען זיך שפּעטער דערוואוסט, איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי פּ אַ ל י ע נ ק אָ גופא.

פּאַליענקאָ איז געווען אַן אַטאַמאַן פון אַ קורען, און ער האָט דאָס טאַקע בכבודו ובעצמו געמאַכט די פּאָגראָמען אין בערדי־טשעוו און זשיטאָמיר. ער האָט אַרויסגעפּרעסט פון די זשיטאָ־מירער גביר'ישע אידען גרויסע סומען געלט. אין זיין שטאַב גופא, וועלכער האָט זיך געפונען אויפ'ן וואָקזאַל, האָט מען דער־

הרג'עט 17 אידען, צווישען וועלכע עס זיינען געווען גרייז־גרויע זקנים.

זיין שולד איז, בלי שום ספק, געווען אזוי קלאָר, אז די אוק־ראַינישע רעגירונג איז געווען גענייט אים צו ארעסטירען, און דער קאָמיסאר פון וואָלינער גובערניע סימענעוויטש האָט אָפיציעל גע־מאָלדען, אז פאליענקאָם שולד אין די פּאָגראָמען איז אומבא־שטרייטבאר, און אז ער וועט דערפאר שטרענג באשטראָפט ווערען.

שוין דער פאקט, אז פאליענקאָ איז אויף דער פריי, אז ער געפינט זיך אין איין און דעמזעלבען האָטעל מיט די מיניסטאָרען, האָט געמאכט אונזער גאנצע זיצונג פאר איבעריג.

אגב אורחא דערמאָנענדיג, האָט דער מיטגליד פון זשיטאָ־מירער שטאָטישער זעלבסט־פארוואלטונג נאָוויקאָוו דערקאָנט אין דעם קאָמענדאנט פון דעם בנין, וואו עס געפינט זיך די דירעק־טאָריע, דעם אָנפירער און הויפּט־שולדיגען פון דעם אכזריות־דיגסטען, ווילדסטען עפּיזאָד פון זשיטאָמירער פּאָגראָם — אויף טעאטראַלנער גאָס. מען האָט דאָרט ארויסגעפירט אלע מאנסלייט פון וויינשטיינס הויז. עטליכע פון זיי האָט מען באלד אויפ'ן אָרט דערשאָסען, און די איבעריגע האָט מען אויסגעטאָן כמעט נאקעט און זיי געפירט צום וואָקזאל. אויפ'ן וועג האָט מען זיי גרויזאם געשלאָגען מיט די פריקלאדען און געהאקט מיט די שווערדען.

די זיצונג עפענט רעוואוצקי מיט א רעדע, אין וועלכער ער ווייזט אָן, אז די באשולדיגונגען געגען דער רעגירונג אין מאכען פּאָגראָמען פאלט אויך אויף אים, ווי אויף א מיטגליד פון דער רעגירונג, און דעריבער וואָלט ער געוואָלט, אז אויף דער זיצונג, וואו עס נעמען אנטייל, ווי די אָנפירער פון די „קורענס", אזוי אויך די פאָרשטעהער פון בערדימטשעוו און זשיטאָמיר, זאָל די פראגע קלאָר ווערען.

איינער פון די סטארשינעס, א גאליציאַנער, וועלכער איז אליין ניט געווען אין זשיטאָמיר בעת דעם פּאָגראָם, נאָר וועלכער איז אהין געווען קאָמאנדירט פון קאַווענקאָ, אום אויסצו־פאָרשען די אומשטענדען פון פּאָגראָם און אויסגעפינען זיינע שול־דיגע, זאָגט, אז דעם פּאָגראָם האָבען הויפּטזעכליך געמאכט די אידען אליין, אז אָנגעהויבען האָט ער זיך נאָך פאר'ן אָנקומען

פון „קורען“, און אַז פאַליענקאָ איז ניט געווען בכח אים אָפּצו־שטעלען.

מיר זיינען אַלע ארויסגעטראָטען געגען אזא מין פרעבער דערקלערונג. איך האָב אָנגעוויזען אויף דעם, אַז אין קיעוו אין „פאָלקס־פארלאַג“ געפינט זיך אַ בריף פון איינעם אַ האַפּמאַן, וועמען עס האָבען אין פאסטאָוו פארהאַלטען און שטארק צעשלאָ־גען די סאָלדאטען פון „קורען“. אין בריף שרייבט ער, אַז ער האָט געהערט פון די סאָלדאטען, אַז זייער „קורען“ געהט קיין זשיטאָמיר אום צו מאַכען דאָרט אַ פּאָגראָם אויף אידען. דער בריף איז באַקומען געוואָרען אין קיעוו נאָך מיט אַ טאָג פאר'ן פּאָגראָם אין זשיטאָמיר.

איך האָב אויך אָנגעוויזען אויף דעם, אַז אין דער אויספאָר־שונגס־קאָמיסיע אין זשיטאָמיר געפינט זיך אַ בריוועל פון פאַ־ליענקאָ צו די באַוואוסטע באַנדיטען בעק און דמיטריענקאָ, אין וועלכען ער שרייבט זיי, אַז זיי זאָלען אין אַזאָוועד באַנק צונעמען די געלט, וועלכע געהערען צו דעם גביר ראבין.

חוץ דעם האָב איך געפרעגט פאַליענקאָ, אַז אויב עס איז טאַקע אמת, אַז ער איז ניט בכח געווען אָפּצושטעלען דעם פּאָגראָם, דאַן ווי אַזוי קומט עס אָבער, אַז אויפ'ן וואָקזאַל, וואו ער אַליין און זיין שטאַב זיינען געווען, האָט מען דערשאָסען 17 מאַן, צווישען וועלכע עס זיינען געווען טיפע זקנים?

נירענבערג האָט דערציילט וועגען דעם בערדיטשעווער פּאָ־גראָם, וועלכען עס האָט בפירוש דירעקט דורכגעפירט פאַליענקאָ און זיין קורען.

קראַסני האָט דערציילט אין נאָמען פון געהילף פון בערדי־טשעווער שטאָט־גאָלאָווא (בירגערמייסטער), אַז פאַליענקאָ האָט עפענטליך דערקלערט אין שטאָט־אופּראַווע, אַז ער געהט זיך „אָפּ־רעכענען מיט די זשיטאָמירער אידען.“

פאַליענקאָ האָט אַ וואָרט ניט געענטפערט, נאָר ווי אים, אַזוי אויך זיין קורען, האָט גענומען אונטער זיין שוץ קאָווענקאָ. ער האָט זיי ניט באַרעכטיגט, ער האָט ניט אָפּגעלייקענט זייער אָנטייל אין פּאָגראָם, נאָר ער האָט ציניש און העזה'דיג באַשולדיגט און געזידעלט דאָס גאַנצע אי־

ד ע נ ט ו ם א ל ס א ו נ ט ע ר ש ט י צ ע ר פ ו ן ד י ב אָ ל־ש ע ו ו י ק ע ס.

ער איז אריינגעקומען אין שרעקליכען כעס, האָט זיך צעהיצט און געקלאַפּט מיט די פויסטען אָן טיש. זיין גאַנצע רעדע איז געווען א ריי היסטערישע אויסגעשרייען, דער זין פון וועלכע איז געווען אזא, אז דער קורען האָט געהאַנדעלט לויט זיינע פאָראָר־דענונגען, אז די אידען האַסען אוקראַינע, אז די אידען רופען אויף זיך אליין ארויף די פּאָגראָמען און נעמען אליין אנטייל אין זיי.

„די קורענס זיינען דער שטאָלץ און פראַכט פון דער אוקראַי־נישער ארמיי." — פּאַליענקאָ איז דער בעסטער זון פון אוקראַינע. וואָלט ער ניט געווען ארעסטירט, וואָלטען מיר קיעוו ניט אָפּגעגעבען. און איצט, אז ער איז פריי, ווילען מיר קיעוו צוריק־נעמען. „דאָס איז מיין קורען", — שרייט אוים קאַווענקאָ. — „ווען דער קורען איז ארויסגעפאָרען פון קיעוו, האָט ער אזוי געאיילט, אז ער האָט אומגעוואָרפען אלע אנטקעגענקומענדיגע פורען, אָבער ער האָט געוואוסט נאָך וואָס ער איילט קיין זשי־טאָמיר . . ." „די אידען האָבען באַראַבעוועט די שטאָט . . ." „מיר שעמען זיך ניט, מיר לייקענען ניט, מיר האָבען געטויט, טויטען און וועלען טויטען, און אויך די נאַכט וועל איך דאָ אין וויניצע אויפהענגען 50 מענשען . . ." „איך בין א זשאַנדאַרם און איך שעם מיך מיט דעם ניט."

ווען רעוואוצקי האָט געוואָלט עפּעס זאָגען צום פארטיידיגען די אוקראַינישע חיל, האָט קאַווענקאָ א געשריי געטאָן: „איך נייטיג זיך ניט אין אייערע שבחים."

דאָס שרעקליכסטע אין דעם אָווענט זיינען די רעפּליקעס, וואָס איינער פון די סטאַרשינעס האָט געגעבען. זיין פּנים פון א מערדער, א תליון, האָט אליין אָנגעוואָרפען א מורא. א קוק געבענדיג אויף אים, פלעגט די בלוט פארגליווערט ווערען.

„ווען מיר זיינען צוגעגאַנגען צו זשיטאָמיר, זיינען פון די אָקאָפּעס ארוים צוויי אידען מיט אזעלכע לאַנגע, לאַנגע בערד — דערביי האָט ער געוויזען מיט די הענט — און האָבען געשאָסען אין אונז. אויף מיין פראַגע, פארוואָס זיי טוען עס, האָבען זיי גע־ענטפערט, אז זיי האַסען אוקראַינע. איך האָב זיי דערשטאָכען."

ווען איך האָב אויף מאָרגען געפרעגט רעוואוצקין, צו וואָס

ער האָט גערופען אָט די פיינליכע קאָשמאַרנע זיצונג, האָט ער מיר געענטפערט: „איך האָב זיך געוואָלט איבערצייגען, אויף וויפיל עס זיינען ריכטיג די מיינונגען וועקען קאַווענקאָ, אז ער אַליין איז דער אָרגאַניזירער פון די פּאָגראָמען. די זיצונג האָט מיך פאָלקאָם איבערצייגט.“

ר. גיטערמאַן.

צו דעם אָביעקטיווען דאָקומענט וועלען מיר נאָך צוגעבען, אז דער אנטיילנעמער פון דער אָנגערופענער בעראַטונג, קראַסני, איז דערנאָך געוואָרען מיניסטער איבער אידישע ענינים אין פּעט־ליוראס רעגירונג.

אין פעברואַר 1919 האָט זיך דער מצב פון דער דירעקטאָריע פאַרערגערט. קיעוו איז פאַרנומען פון די באָלשעוויקעס. פּעט־ליוראַס אַרמיי רייניגט אין גרוים איילעניש אָפּ בערסאָנער, פּאָל־טאַווער און קיעווער גובערניעס. די פּאָגראָמען פאַרשפּרייטען זיך מער און מער.

פּאָגראָמען קומען פּאָר אין י ע ל י ס א ו ו ע ט ג ר א ד (4־5 פעברואַר), אין נ אָ ו ו אָ מ י ר ג אָ ר אָ ד (כמעט אין דערזעלבער צייט), אין ט ו ל ט ש י ן און אין אַ גאַנצער ריי אַנדערע פּונקטען פון פּאָלטאַווער גובערניע. אויף די סטאַנציעס ר א מ א ד א ן, ב אָ ב ר י נ ס ק אַ י אַ און אַנדערע וואַרפט מען אַרויס אידען פון די צוגען און מען דערשיסט זיי. אין ל ו ב נ ע איז ניט דערגאַנגען צו קיין פּאָגראָם נאָר דערפאַר, ווייל צווישען די פּעטליוראָווצעס גופא האָבען זיך געפונען ביי אַ הונדערט מאַן, וועלכע זיינען שאַרף אַרויסגעטראָטען געגען פּאָגראָם און זיינען צום סוף אַרויס מיט געווער צו פאַרטיידיגען די אידען פון אַ פּאָגראָם, זיך אָנרופענדיג „דער אָרטיגער הונדערט“.

מ׳האָט פון זייערע דער׳הרג׳עט 14 מאַן, אָבער די שטאָט האָבען זיי געראַטעוועט פון אַ פּאָגראָם.

אין ק ר ע מ ע נ ט ש ו ג האָט מען אָפּגעהאַלטען דעם פּאָ־גראָם מיט אַ סומע פון איין און אַ האַלב מיליאָן רובעל, וועלכע די אידען האָבען אַריינגעטראָגען צו די מיליטער־אָנפירער.

צו דער זעלבער צייט געהערען אויך די פּאָגראָמען אין קיע־ווער גובערניע, אין ו ו אַ ס י ל ק אָ ו ו (דעם 7־8 פעברואַר), אין ס ט ע פּ אַ נ ץ (דעם 14־טען), אין ר א ד אָ מ י ס ל (דעם 18־טען

ביז'ן 20טען), 2 מאָל אין ס ק ו ו י ר (אָנפאַנג און ענדע פעב־רואר).

דער שרעקליכסטער פאַר דעם חודש פּאָגראָמען (וועלכע זיינען אַזוי צו זאָגען אַ ווענדפּונקט צווישען די פּאָגראָמען פון „ערשטען פּעריאָד", וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט איבערהויפּט מיט זייער רויבערישען כאַראַקטער, און די פּאָגראָמען פון „צווייטען פּעריאָד", וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייער אכזריות און שרעק־ליכע צאָל קרבנות) קומען פאָר ווייט פון פראָנט, אין פּראָסקו־ראָוו דעם 15־טען פעברואַר און אין פעלשטין דעם 10־טען פעב־רואַר. אַן אויספירליכען באַריכט וועגען די פּאָגראָמען ברענגען מיר צו ענדע פון דעם קאַפּיטעל. דאָ שטעלען מיר זיך אָפּ אויף זיי אין קורצען.

פּראָסקוראָוו איז די באַלעבטסטע שטאָט פון פּאָדאָליער גו־בערניע. איר באַפעלקערונג דערגרייכט ביז 50 טויזענט, פון וועלכע ביי אַ העלפט זיינען אידען. די דעמאָקראַטיש־געווײלטע שטאָט־פּאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון 26 קריסטען און 24 אידען. דער שטאָט־גאָלאָוואַ און פּאָרזיצער פון דומע זיינען געוועזען פּאָליאַקען. דער שטאָט־קאָמענדאַנט איז געוועזען אַ געוועזענער באַאַמטער, קיווערטשוק.

די שטאָט באַוואַכט מיליציע, נאָר אַזוי ווי די שטאָטישע זעלבסט־פּאַרוואַלטונג האָט קיין צוטרוי ניט צו דער מיליציע, אָרגאַניזירט זי אַן אייגענע וואַך, די אַזוי־גערופענע „קוואַרטיר־וואַך", וואָס איז באַשטאַנען דאָס רוב פון אידען, און בראש פון וועלכער עס זיינען געוועזען אַלס פּאָרזיצער רודניצקי (אַ קריסט) און שענקמאַן (אַ איד). קיווערטשוק האָט קיין צוטרוי ניט צו דער וואַך, ווייל זי איז אַ אידישע, און מאַכט איר אַלערליי מניעות.

אויפ'ן גרונד פון אַ רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען גע־וואָרען אויפ'ן צוזאַמענפאָר פון די באָלשעוויקעס אין פּאָדאָליער גובערניע, אין ווינניצע, אין פּעטליוראַס רעזידענץ (יש אומרים, אַז דער גאַנצער צוזאַמענפאָר איז געוועזען אַ פּראָוואָקאַטאָרישע שטיקעל), האָט דעם 15־טען פעברואַר אין פּראָסקוראָוו געדאַרפט אויסברעכען אַ באָלשעוויסטישער אויפשטאַנד . . .

אויף דער סצענע באַווייזט זיך דער דריטער הייראַמאַקען־

פּאָלק, וועלכער האָט שוין אַ באַשטימטען רומפּולען פּאָגראָמנעם עבר.

ווען אין שטאָט האָט מען אָנגעהויבען שטאַרק צו שמועסען וועגען דעם אָנקומענדען אויפשטאַנד, האָט דער פּאָרזיצער פון די באַראַטונגען פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, דער בונדיסט יפה, צונויפגערופען אַן עקסטרא־באַראַטונג פון פאָרשטעהער פון די פּאַרטייען, אויף וועלכער אַלע פראַקציעס (אויסער די קאָמו־ניסטען) האָבען שטאַרק פּראָטעסטירט געגען דעם אויפשטאַנד און אָנגעוויזען, אַז דאָס וועט פירען צו אַ קאַטאַסטראָפע. די קאָמו־ניסטען האָבען אָנגעוויזען, אַז די פראַגע איז שוין אַ באַשלאָסענע, אַז דער אויפשטאַנד איז אַ צוגעגרייטער, און ער וועט פּאָרקומען איינצייטיג אין גאַנץ פּאָדאָליער גובערניע; אַז אין פּראָסקוראָוו שטעהט צו צום אויפשטאַנד אַ טייל פון גאַרניזאָן, און אַז 16 דער־פער זיינען גרייט צו קומען צו הילף.

ערב דעם אויפשטאַנד האָבען די פּאָרשטעהער פון די באָלשע־וויקעס זיך געווענדט צו דער קוואַרטיר־וואַך מיט דער פראַגע, וואָס פאַר אַ פּאָזיציע זיי וועלען פאַרנעמען. דער פּאָרזיצער רוד־ניצקי און זיין געהילף שענקמאַן האָבען געענטפערט, אַז די פּאַט־רולען זיינען לויט זייער צוזאַמענשטעל אַן אומפּאַרטייאישע אָר־גאַניזאַציע, זייער אויפגאַבע איז נאָר צו באַוואַכען און באַשיצען די איינוואוינער, און דעריבער וועלען זיי בלייבען נייטראַל. שענק־מאַן האָט דערביי אָנגעוויזען, אַז דער אויפשטאַנד איז ניט צייטמעסיג, און אַז דאָס וועט באַשטימט פירען צו אַ אידישען פּאָגראָם. ער האָט באַקומען דיזעלבע תשובות, ווי די אויבען־גע־בראַכטע דערקלערונגען פון די באָלשעוויקעס.

דער אויפשטאַנד ענדיגט זיך מיט אַ מפּלה. בעת דעם אויפ־שטאַנד איז געווען אַרעסטירט קיווערטשוק, וועגען וועלכען מען האָט גאָר ניט געצווייפעלט, אַז ער איז אַן אמת'ער שוואַרץ־מאה'־ניק. ווען מען האָט קיווערטשוק'ן באַפרייט, זאָגט ער צו די פּאָר־שטעהער פון שטאָט־פאַרוואַלטונג, אַז אים האָבען געהאַט אַרעס־טירט די זשידעס פון דער קוואַרטיר־וואַך.

אין פּאָרערפלאַן פון די געשעהענישען טרעט אַרויס דער אַטאַמאַן סאַמאָסענקאָ. די היידאַמאַקעס ווערען קאָנצענטרירט אויפ'ן וואָקזאַל. אין שטאָט געהען אָן אַרעסטען, און אויפ'ן

וואָקזאַל סערווירט מען דערוויַיל אַ סעודה לכבוד די היידאַמאַקעס. ביים מיטאָג איז מען זיי מכבד מיט אַ היבשע פּאָרציע בראַנפּען און קאָניאַקען. נאָך דער סעודה ווענדעט זיך סאַמאָסענקאָ צו די היידאַמאַקען מיט אַ רעדע, אין וועלכער ער רעדט אַרום די שווערע לאַגע פון אוקראַינע, זייערע, די היידאַמאַקישע, פאַרדינסטען פאַר'ן פאָטערלאַנד, זייערע אויפטואונגען אויפ'ן שלאַכטפעלד. און ער ווייזט אָן, אַז דער געפערליכסטער שונא פון אוקראַינע, דעם אוקראַינישען פאָלק און די קאָזאַקען, זיינען די זשידעס, וועלכע מען דאַרף אויסקוילענען אום צו ראַטעווען אוקראַינע און זיך.

ער פאָדערט פון די קאָזאַקען אַ שבועה, אַז זיי וועלען דער־פילען זייער הייליגען חוב און וועלען אויסקוילענען אַלע אידען. דערביי זאָלען זיי אָבער אויך שווערען, אַז זיי וועלען דעם אידישען פאַרמעגען ניט רירען.

מען האָט געבראַכט די פלאַגען, מען האָט צוגעפירט צו די קאָזאַקען אָט די הייליגע רעליקוויעס און זיי האָבען געשוואָרען, אַז זיי וועלען קוילענען, אָבער ניט ראַבירען.

די היידאַמאַקען האָבען זיך אויסגעשטעלט אין קריגס־אָרדע־נונג און מיט מוזיק פאָראויס, די סאַניטאַרען פון הינטען, האָבען זיי אוועקגעמאַרשירט אין שטאָט. אויף דער הויפּט־גאַס האָבען זיי זיך פאַנאַנדערגעטיילט אין קליינע גרופּען און זיך פאַנאַנדער־געשאָטען אין די זייטיגע געסלעך, וועלכע זיינען באַוואוינט דורכ־אויס פון אידען.

די גרופּען, צו 5 ביז 15 אין יעדערער פון זיי, זיינען זיך גאַנץ רוהיג און קאַלטבלוטיג אַריינגעגאַנגען אין יעדער הויז, אַרויסגענומען די שאַשקעס און געקוילעט די אידען, ניט מאַכענ־דיג קיין שום חילוק צווישען געשלעכט און עלטער. זיי האָבען געטויט פרויען, זקנים און אפילו ברוסט־קינדער.

זיי האָבען ניט נאָר געשניטען, נאָר אויך געשטאָכען מיט די שטיקעס. געשאָסען האָבען זיי נאָר אין דעם פאַל, ווען עס האָט זיך וועמען עס איז איינגעגעבען אַרויסצולויפען אין גאַס. דאַן האָט מען אים נאָכגעשיקט עטליכע קוילען. די אידען האָט מען געזוכט אין אַלע ווינקעלעך, אין אַלע לעכער, אַרויסגעשלעפּט פון די קעל־לערס, פון די בוידימער און דער'הרג'עט . . . אין די קעלערס, צוליב מער זיכערהייט, האָט מען געוואָרפען האַנט־גראַנאַטען. מען

האָט געקוילעט גאַנצע פאַמיליעס־ווייז אויפ'ן גרויליכסטען, טי־רישסטען אופן . . . די שחיטה האָט געדויערט פון 2 ביז האַלב זעקס. זי וואָלט זיך גאַנץ באַשטימט פאַרצויגען ביז שפּעט אין דער נאַכט, ווען ניט דער קאָמיסאַר טאַראַנאָוויטש, וועלכער איז ניט געווען אָנפאַרטרויט מיט אַלע קיווערטשוקס כונות. ער האָט אויפגעציטערט פון דעם ווילדען שפּיל, וואָס האָט זיך פאַנאַנדער־געשפּילט אין שטאָט.

דורכ'ן טעלעגראַף דערשלאָגט ער זיך פון פראָנט־קאָמאַנדיר שאַפּאַוואַל אַ באַפעל אָפּצוהאַלטען די שחיטה. ער ווייזט עס סאַ־מאָסענקאָן. יענער ענטפערט: „גוט, אויף היינט וועט גענוג זיין.“

דורך אַ טרומייט־צייכען גיט מען צו וויסען די היידאַמאַקעס, זיי זאָלען אָפּשטעלען זייער טעטיגקייט. די היידאַמאַקעס פאַרענ־דיגען די מעשים, קלייבען זיך צענויף אויף אַ פון פריער באַשטימ־טען פּלאַץ, שטעלען זיך אויס אין אָרדענונג, און מיט געזאַנג געהען זיי צום וואָקזאַל.

אויף מאָרגען געהט די שחיטה ווייטער אָן. די היידאַמאַקעס האָבען געשמועסט וועגען אַ דריי־טאָגיגער שחיטה, נאָר אַ דאַנק דעם אריינמישען זיך פון דער שטאָט־דומע, און פריער פון אַלץ אַ דאַנק די ענערגישע אַרויסטרעטונגען פון ראַטמאַן ווערכאָלאַ, ווערט די מאַסען־שחיטה אָפּגעשטעלט.

אין דעם באַפעל, וואָס דערקלערט אין פּראָסקוראָוו קריגס־צושטאַנד, שרייבט סאַמאָסענקאָ: „איך בין מתרה די באַפעלקע־רונג, זי זאָל אָפּשטעלען אירע אַנאַרכיסטישע אַרויסטרעטונגען, ווייל איך האָב נאָך גענוג קרעפטען און מיטלען צו קעמפען געגען דעם. חוץ דעם ווייז איך פריער פון אַלץ אָן די זשידעס: זייט וויסען, אַז איר זייט אַ פאָלק, וואָס אַלע נאַציעס אין דער וועלט האַסען, — און דאָך האַלט איך קיין זאַך ניט אָפּ פון אַריינ־טראָגען צוטומעלטקייט און אומאָרדענונג צווישען דעם קריסט־ליכען עולם. צי דען ווילט איר ניט לעבען? צי דען האָט איר קיין רחמנות ניט אויף אייער נאַציע, אויף זיך? אויב מען טשעפּעט אייך ניט, טאָ זיצט זיך אייך שטיל. און דאָ, אַזאַ פאַר־שאָלטענע אומגליקליכע נאַציע, זיי בונטעווען נאָך די אָרימע באַפעלקערונג.“

אָנהייבענדיג פון פּראָסקוראָוו, שטעלען זיך די פּאָגראָמען

אַלס ציל אויסצוקוילענען, פארטיליגען, אָפּמעקען פון דער ערד אָט די „אומגליקליכע נאַציע", וועלכע צעטומעלט און נאַרט אָפּ דעם געטויפטען עולם.

דער פעלשטינער פּאָגראָם איז בעצם אַן עפּיזאָד פון דער פּראָסקוראָווער שחיטה. ער רויערט עטליכע שעה און נעמט צו 600 קרבנות, וואָס באַטרעפט כמעט אַ דריטעל פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג אין שטעטעל, וועלכע ציילט אינגאַנצען 1900 נפשות.

להיפך צו פּראָסקוראָוו, האָבען דאָ די מערדער מאַנס געוועזן אַ סך פרויען — דאָס רוב פון די געקוילעטע פרויען האָט מען פריער פארגוואַלטיגט, נאָר אויך פיל פון די לעבען־געבליבענע האָבען עס ניט אויסגעמיטען.

אויך דאָ איז דער פּאָגראָם אָפּגעשטעלט געוואָרען נאָך אַ צייכען פון אויבען. דערהערענדיג דעם סיגנאַל, האָבען די הייַ־דאַמאַקען פאַר'ן אוועקגעהן נאָך באַגאָסען מיט קעראָסין אייניגע פון די שענסטע הייזער אין שטעטעל און זיי אונטערגעצונדען.

אָט דאָס זיינען די ווילדע מעשׂים פון דעם רומפּולען אוקראַי־נישען מיליטער, אין זייער גאַנצער נאַקעטקייט. ער ברענט מיט שנאה צו דער אידישער באַפעלקערונג. ער זוכט זיך נוקם צו זיין פאַר חטאים, וואָס די אידישע באַפעלקערונג האָט ניט באַגאַנגען. דעם גאַנצען גאַל און דערביטערטקייט פון די מפּלות, דעם צאָרן און כעס, וואָס דאָס פּאָלק האָט אָנגעזאַמעלט אין זיך פאַר די שווערע מלחמה־יאָרען, זוכט ער אויסצוגיסען אויף די קעפּ פון דעם שוצלאָזען, פערלאָזען אידענטום.

אין אָנפאַנג מערץ האָט פּעטליוראַס חיל נצחונות. זיך באַ־וועגענדיג פון סארי אויף קאראסטען, באַזייטיגט ער אַ שטאַרקע סכנה פאַר קיעוו. פּעטליוראַ פארנעמט קאראסטען, מאַלין, סטאַנ־ציע אירין און דעם 21־טען מערץ—זשיטאָמיר. ער שטעהט סך־הכל אַ וויאָרסט פופציג פון קיעוו.

נאָר דער מזל איז ניט שטאַנדהאַפטיג, און דאָס רעדעל דרייט זיך איבער. די באָלשעוויקעס האָבען באַקומען פארשטאַרקונגען, און דער דורכבורך פונ'ם פּראָנט ווערט צום ערשטען אַפּריל ליק־ווידירט. זשיטאָמיר, מאַלין, קאראסטען ווערען צוריק אָפּגענומען.

אַט מיט דעם אָפּטרעטען, מיט'ן סוף מערץ ברעכען אוים מורא'־דיגע פּאָגראָמען פון „צווייטען פּעריאָד".

אין דעם חודש קומען פאָר פּאָגראָמען אין בעלאשיץ (7־12 מערץ), אין סאמגאָראָדעק (13־טען מערץ), אין קאַראסטען, אושאמיר (31־טען) און דעם 22־טען מערץ — דער צווייטער פּאָגראָם אין זשיטאָמיר.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם צווייטען פּאָגראָם־פּעריאָד, פאַר דער פּאָליטישער סיטואַציע, וואָס האָט זיך געשאַפען ביי אַט דער מאַסען־שחיטה, איז דער זשיטאָמירער פּאָגראָם. מיר ברענגען דאָ די וויכטיגסטע שטעלען פון דעם באַריכט וועגען דעם זשיטאָמירער פּאָגראָם פון דעם באַפולמעכטיגטען ליוושיץ.

דעם 21־טען מערץ האָט זשיטאָמיר פאַרלאָזען די רויטע אַרמיי און באַגינען דעם 22־טען איז אין וואָלינער... (א פאָר־שטאָט) אָנגעקומען פּעטליוראַס חיל. גלייך נאָכ'ן אַוועקגעהן פון דער רויטער אַרמיי האָבען די זשיטאָמירער געזעלשאַפטליכע טוער באַשלאָסען צו שיקען אַ דעלעגאַציע, באַגעגענען די אַרמיי פון דער דירעקטאָריע, כדי צו ווירקען, עס זאָל ניט געמאַכט ווערען קיין פּאָגראָם, וועגען וואָס עס זיינען אַרומגעגאַנגען באַשטימטע קלאַנגען. די קלאַנגען האָבען זיך באַגרינדעט אויף דער שטאַרקער אַנטיסע־מיטישער פּאָגראָם־אַגיטאַציע, וואָס איז געפירט געוואָרען אין שטאָט צווישען דעם פּעבעל.

כדי צו פאַרגרעסערען די השפּעה פון דער אַגיטאַציע, האָט מען צווישען דעם פינסטערען המון און דערהויפּט צווישען פּויער־טום פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די באָלשעוויקעס, אָדער ווי די כל־ערליי פּראָוואָקאַטאָרען פלעגען עס אויסטייטשען, די זשידעס, האָבען אויסגעקוילעט אין זשיטאָמיר פאַר זייער קורצער הער־שאַפט 1700 קריסטען. באמת, זיינען לויט די פאַראָרדנונגען פון דער „טשרעזווימטשייקע" אין זשיטאָמיר גופא דערשאָסען געוואָרען 6 מענשען, אין דער צאָל אויך איין איד, אייזיק רודענקאָ, וועמען מען האָט באַשולדיגט אין פּראָוואָקאַציע און אָנטייל נעמען אין אָוורוטשער פּאָגראָם. צווישען די 5 קריסטען זיינען 4 געווען באַנ־דיטען און 1 פאָרשטעהער פון דער קאָמאַנדאַטור (סקאָלסקי). חוץ די 6 האָט מען נאָך אין אומגעגענט דערשאָסען 16 פּעטליוראָוו־צעס — אינגאַנצען 22 מאַן.

די פאַנטאַסטישע ציפער 1700 דערשאָסענע קריסטען איז פאַרשפּרייט געוואָרען מיט דעם פּראָוואָקאַטאָרישען מיין אויפצור־רייצען די באַפעלקערונג קעגען די אידען (ווען מען האָט אידענ־טיפיצירט מיט די באָלשעוויקעס) און אַרויסרופען אַ נייעם פּאָגראָם. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז די לעגענדע וועגען די 1700 דערשאָסענע האָבען פאַרשפּרייט אויך די באַאַמטע, וועלכע האָבען קענטיג גאַנץ אויפריכטיג אַליין געגלויבט אין דעם אָדער האָבען, אַלענפאַלס, געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז זיי גלויבען.

די באַאַמטע האָבען פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אַלע אינסטי־טוציעס זיינען פאַרכאַפּט פון די זשידעס, און אַז די באָלשעוויקעס און די זשידעס זיינען איינס. אין דער ווירקליכקייט איז די באַציהונג פון די זשיטאָמירער אידען צו די באָלשעוויקעס, ווי בכלל פון אַלע אידען אין אוקראַינע, געווען אַ פאַרשידענע. די בורזשואַזיע, דאָס קליינבירגערטום און אַ גרויסער טייל אינטעלי־גענץ האָבען זיך ביים ערשטען מאָל פאַרנעמען זשיטאָמיר פון די באָלשעוויקעס באַצויגען צו זיי אויסגעשפּראָכען פיינדליך. די באָלשעוויקעס האָבען צווישען די ערוב'ניקעס פאַר'ן ניט אריינ־טראָגען די קאָנטריבוציע אַרעסטירט אַן אָנגעזעהענעם פּראָצענט אידען. נאָר, ווי דאָס זאָל ניט זיין, ביים אָנקומען פון די פּעט־ליוראָווצעס איז די אַטמאָספערע פאַר אַ פּאָגראָם געווען צוגעגרייט. דעם סם האָבען מיטגעבראַכט מיט זיך די אַרמיי־טיילען, נאָר זיי האָבען אים אין שטאָט גופא שוין געפונען שטאַרק פאַרשפּרייט.

פרייטאָג האָט מען וועגען פּאָגראָם געערדט, ווי וועגען אַן אומפאַרמיידליכקייט.

מאַסען אידען פאַרלאָזען די שטאָט. עס געהט אַוועק די גאַנצע יוגענט. דאָס רוב פון די אַוועקגעגאַנגענע האָבען קיין שום שייכות ניט מיט'ן באָלשעוויזם — זיי לויפען זיך ראַטעווען פון צווייטען פּאָגראָם, זיי אַנטלויפען פון מלאך־המות, וואָס שאַרפט בפועל ממש זיי אין די אויגען דעם שווערד. דאָך ביי זייער אומ־קערען זיך אַהיים האָט מען פיל פון זיי אָנגענומען פאַר באָלשע־וויקעס, און נאָר אַ דאַנק דער ענערגישער אריינמישונג פון דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג און אייניגע געזעלשאַפטליכע טוער־קריסטען, גיט זיך זיי איין אָפּצוראַטעווען פון צעשיסען.

שבת פרי איז אויף ווראַנגעלעווקע, וואו עס האָט זיך גע־

פונעם דער אוואַנגאַרד פון פּעטליוראַס אַרמיי, אוועקגעפאָרען אַ דעלעגאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון שטאָטרגאָלאָווע פּיוואַדסקי, אַ מיטגליד פון ארבייטס־קאָנגרעס דזעוואַלטאָווסקי, דעם געהילף־פאָרזיצענדען פון שטאָט־פאַרוואַלטונג יאַניצקי און אַ מיטגליד פון דער אידישער קהלה.

אויפ׳ן וועג צום שטאַב האָט די דעלעגאַציע באַגעגענט אַן אָפיציר. ער האָט זיי געפרעגט, וואָס איז עס פאַר אַ דעלעגאַציע, פון וועמען באַשטעהט זי. דערוויסענדיג זיך, אַז דאָ געפינט זיך אויך איין איד, האָט ער געראַטען, דער איד זאָל בעסער זיך אומ־קערען, ווייל זיין לעבען איז אין סכנה. דער איד האָט זיך געמוזט אומקערען צופוס און איז נאָר אַ דאַנק זיין שטאַרקער ענגליכקייט צו אַ קריסט מיט צרות דערקראָכען צום שטאָט.

אויפ׳ן וועג האָט ער אויך דערזעהן די ערשטע אידען, וואָס די אַריינקומענדע סאָלדאַטען האָבען געטייט. דעם ערשטען האָט מען דערהרג׳עט אויפ׳ן שאָסיי פון וורואַנגעלעווקע צום שטאָט, אַ 70־יאָריגען זקן, וואָס איז געגאַנגען אין בית־המדרש מיט אַ טלית אין האַנט. לויט ווי מען האָט איבערגעגעבען, האָט מען אים צוגעשטעלט צו אַ בוים און אויסגעשאָסען, אָבער ער איז ניט גלייך אומגעפאַלען. דער פאַרוואונדעטער זקן האָט נאָך גע־פּרואווט געהן ווייטער צום בית־המדרש, אָבער ער איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט, איז אומגעפאַלען און געשטאָרבען.

ווען די דעלעגאַציע איז געקומען אין שטאַב, האָט מען איר באַגעגענט מיט די 1700 קריסטען, וואָס די זשידעס האָבען אויס־געשלאַכט. די דעלעגאַציע האָט דערוויזען, אַז דאָס איז ליגען, ווען זיי האָבען עס באַשטעטיגט מיט זייער ערענוואָרט, האָט מען אין שטאַב געענטפערט, אַז דאָס איז מעגליך, און אַז אינטעליגענטע מענשען קאָן מען אין דערין איבערציינגען, אָבער די סאָלדאַטען־מעננע קאָן מען ניט איבערשפאַרען. די סאָלדאַטען, — איז געווען דער תירוץ פונ׳ם שטאַב, — זיינען זעהר בייז געשטימט צו די אידען, און דער שטאַב איז מאַכטלאָז וואָס עס איז צו טאָן דערביי.

דעם 22־טען מערץ הייבט זיך אָן דער פּאָגראָם, וואָס דויערט 5 טעג. די גרעסטע צאָל קרבנות האָבען געגעבען די ערשטע 3 טעג.

די אַלגעמיינע צאָל קרבנות פון פּאָגראָם איז אין איין זשי־

טאָמיר, ניט רעכנענדיג די געבראַכטע צו קבורה אין די אַרומיגע דערפער, 317.

צווישען די דער'הרג'עטע זיינען אַם מערסטען זקנים, פרויען און קינדער. יוגענט איז זעהר ווייניג, ווייל די יוגענט איז אָדער אוועק פון שטאָט, אָדער זי האָט זיך פאַר דער צייט באַהאַלטען.

ביי די איבערפאַלען אין די הייזער גיט זיך איינינגע איין אויסצוקויפען זיך פאַר געלט. אָבער עס האָט אויך געטראָפען, אַז דאָס געלט האָבען די מערדער צוגענומען און האָבען דערנאָך געטייט די, וואָס האָבען זיי דאָס געלט געגעבען.

בכלל איז דער חילוק צווישען דעם ערשטען און צווייטען זשיטאָמירער פּאָגראָמען זעהר גרויס לויט זייער כאַראַקטער: אין ערשטען פּאָגראָם איז דער ציל געווען רויבעריי, אין צווייטען האָט מען זיך געסטאַרעט וואָס מער אידען צו טייטען. און אויב די צאָל קרבנות איז נאָר 317, דערקלערט זיך עס ערשטענס דערמיט, וואָס מאַסען אידען האָבען זיך אויסבאַהאַלטען ביי קריסטען, און הויפּטזעכליך דערמיט, וואָס דעם 24־טען אין אָוועגט האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייער אָנגריף פון די באָלשעוויקעס, וואָס האָט אָפּגעשטעלט דעם פּאָגראָם. די סאָלדאַטען זיינען אָפּגעשיקט געוואָרען צום פראָנט.

דעם 23־טען מערץ, ד. ה. אין סאַמע ברען פון פּאָגראָם, האָט פּעטליורא באַזוכט זשיטאָמיר. מען האָט אים איבערגעגעבען אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען, און וואָס קומט נאָך פאָר אין זשיטאָמיר. ער דערקלערט, אַז ער האָט אָפּגעגעבען אַלע נייטיגע פאַראָרדנונגען אָפּצושטעלען די שחיטה. אין דער אמת'ן אָבער, האָט מען ביז'ן 25־טען מערץ קיינע מיטלען גענומען דעם פּאָגראָם ניט אָנגענומען. נאָר דעם 25־טען מערץ האָט די פעלד־זשאַנדאַמעריע, ד. ה. די גאַליטשאַנער, אָנגעהויבען זיך ראַנגלען מיט די איבערפאַלען. דאָס האָט תיכף אָפּגעשטעלט דעם פּאָגראָם. דעם 24־טען און 25־טען קומען שוין פאָר נאָר איינצעלנע אָנפאַלען, און דאָס אויך נאָר אין די פאָרשטעטלעך, פון וואַנען די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג איז אַנטלאָפען, איבערלאָזענדיג איר האָב און גוטס אויף גאָטס באַראָט; פאַרשטעהט זיך, אַז מען האָט צעראַבירט אַלץ ביז אַ ביסעל מעל.

די לייכטקייט, מיט וועלכער באַגאַצקין מיט זיין הייפעל גאַ־

ליטשאַנער האָט זיך איינגעגעבן אָפּצושטעלען דעם פּאָגראָם, באַ־ווייזט, אז הלואי וואָלט נאָר דער גוטער ווילען געווען, וואָלט קיין פּאָגראָם בכלל ניט געווען.

אויסער די דערמאָרדעטע, האָט דער פּאָגראָם געגעבן אויך א גרויסע צאָל פאַרוואונדעטע, די גענויע צאָל פון וועלכע עס איז אוממעגליך פעסטצושטעלען, ווייל דער גרעסטער טייל פאַרוואונ־דעטע זיינען געבליבען ליגען ביי זיך און האָבען קיין מעגליכקייט ניט געהאַט זיך צו ווענדען נאָך הילף. עס האָט געטראָפען, אז שווער־פאַרוואונדעטע זיינען אָפּגעלעגען עטליכע טעג אָן יערער מעדיצינישער הילף.

ווען אויפ'ן פערטען טאָג פון פּאָגראָם זיינען אויף דער איני־ציאַטיוו פון א מיטגליד פון שטאָטראַט דאַמאַנעווסקאַיאַ און אַנ־דערע אָרגאַניזירט געוואָרען פליענדע סאַניטאַר־אָפּטיילונגען, האָ־בען זיי אין זייער טעטיגקייט גאַנץ אָפט באַגעגענט מניעות מצד די סאָלדאַטען. איין כאַראַקטעריסטישער צופאַל: ווען איינציגע באַרמהערציגע שוועסטער צוזאַמען מיט עטליכע קריסטען האָבען געטראָגען אויף נאָסילקעס א שווער־פאַרוואונדעטען זקן, האָבען די סאָלדאַטען דאָס ניט דערלאָזען. זיי האָבען זיי אָפּגעשטעלט און געוואָלט דערשלאָגען דעם פאַרוואונדעטען. קיין טענה'ן און בעטען זיך האָט ניט געהאָלפען, מען האָט קוים גע'פועל'ט ביי זיי, אז די באַרמהערציגע שוועסטער זאָלען אָפּטראָגען דעם פאַרוואונ־דעטען צוריק אהין, פון וואַנען זיי האָבען אים גענומען.

א שוידערליך בילד האָט פאָרגעשטעלט דער בית־עלמן אין די טעג פון די לויות. א גאַנץ פעלד איז פאַרלייגט געוואָרען מיט די בר־מנן'ס פון זקנים, פרויען און קינדער.

דעם צווייטען פּאָגראָם האָבען געמאַכט די פּעטליוראָווצעס, אָבער אין אים האָבען בלי שום ספק אנטייל גענומען אויך פיל אָרטיגע איינוואוינער. פיל פון די רויבער זיינען געגאַנגען מיט אין סאַזשע אויסגעשמירטע פנימ'ער, כדי מען זאָל זיי שפּעטער ניט דערקענען.

מיט די מערדער זיינען נאָכגעגאַנגען טריט נאָך טריט די סטרעזשער, הויז־באַדינטע און יונגע שקצים, זיי אַליץ אָנגעוויזען און אין אַליץ באַהילפיג געווען. עס זיינען ניט געשטאַנען אָן א זייט אויך א טייל פון די באַאַמטע.

די רייכערע פלעגט זיך נאָך ווי עס איז איינגעבען אָפּצוקויפען זיך. געליטען האָט אַם מערסטען די אידישע אָרימע און מיטעלע באַפעלקערונג. איינעם אַ 74־יאָריגען זקן האָט מען געטייט דער־פאַר, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך נאָר 18 רובעל, און געפּאָדערט האָט מען ביי אים 1000.

נאָכ׳ן אָפּיציעלען בולעטין, וואָס עס האָט פאַרעפענטליכט די גובערנסקע אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ, האָבען אין פּאָגראָם אנטייל גענומען אויך סאָקאָלאָווסקים אָטריאַדען, וועלכע זיינען דעם 22־טען צוזאַמען מיט פּעטליוראַס רעגולערען חיל אריין אין שטאָט. אין סאָקאָלאָווסקים אָטריאַדען פלעגען אָנגענומען ווערען נאָר די, וואָס האָבען געמעלדעט, אַז זיי ווילען ניט זיין קיין „פאַרדונגענע ביי די זשידעס“. ס׳איז כדאי צו באַמערקען, אַז סאָקאָלאָווסקים אויפ־רופען פלעגען געדרוקט ווערען אין דער וואָלינער מלוכה דרוקעריי. דאָס פלעגט פאַררעכענט ווערען ווי באַפעלען, וואָס שטאַמען פון די מיליטערישע מאַכטהאָבער.

די באַציהונג פון די קריסטען צום פּאָגראָם איז געווען אַ פאַר־שידענע. פיל קריסטען האָבען גערעטעוועט מאַסען אידישע לע־בענס. נאָר ס׳זיינען געווען אויך פאַלען, וואָס אפילו קולטורעלע קריסטען האָבען זיך אָפּגעזאָגט צו באַהאַלטען אידען אויס מורא. געווען אויך ניט ווייניג אַזעלכע, וואָס אויב זיי האָבען מיט זייערע אייגענע הענט ניט מיטגעהאָלפען, האָבען זיי אָבער שטאַרק הנאה געהאַט פון פּאָגראָם־בילד.

נאָכ׳ן פּאָגראָם האָט מען אָנגעהויבען פאַרשפּרייטען קלאַנגען, אַז דאָס איז מ׳כלומר׳שט ניט געווען קיין פּאָגראָם, נאָר אַ ניי־טיגע קריגס־אָפּעראַציע, ווייל „פון די אידישע הייזער האָט מען געשאָסען אויף פּעטליוראַס מיליטער.“

דער זשיטאָמירער פּאָגראָם עפענט פאַנאַנדער די קאָרטען פון דער דירעקטאָריע און איר פּאָגראָם־פּאָליטיק.

נאָך צו ווינישענקאָ, וואָס איז פריער געשטאַנען בראש פון דער רעגירונג פון דער אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק, איז געקומען אַ דעלעגאַציע פון די אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, צו דערמאָנען אים וועגען די שרעקליכע פּאָגראָמען, וואָס ער פירט דורך מיט דער רעגולערער אוקראַינישער ארמיי לויט אַ באַ־שטימטען, אויסגעארבייטען פּלאַן, לויט די פאָראָרדנונגען פון

די קריגס־פירער. ער האָט געענטפערט: „גיט איבער אייערע יונגע, אַז זיי זאָלען ניט אונטערשטיצען די באָלשעוויקעס; די אידישע ארבייטער אָרגאַניזירען אין די אוקראַינישע שטעט אַן אויפשטאַנד אום איבערצוגעבען די מאַכט די באָלשעוויקעס. מיר וועלען באַלד זיין מאַכטלאָז געגען דעם צאָרן פון אונזער ארמיי צו די אידען.“ אויף דעם האָט אים איינער פון דער דעלעגאַציע גאַנץ ריכטיג אָנגעוויזען, אַז „פּונקט אַזאַ ענטפער האָט באַקומען די אידישע דעלעגאַציע, ווען זי איז געקומען נאָכ'ן קישינעווער פּאָגראָם צום אַלמעכטיגען צאַרישען סאַטראַפּ פּלעווע.“

אין סאַמע מיטען פון זשיטאָמירער פּאָגראָם איז דער אָנפירער פון דער דירעקטאָריע, פּעטליוראַ, אָנגעקומען קיין זשיטאָמיר. און ווי מיר האָבען אויבען געזעהן, האָט דער העכסטער אַטאַמאַן פון דעם אוקראַינישען חיל קיין זאַך ניט פאָרגענומען אָפּצושטעלען דעם פּאָגראָם, וואָס איז אין צוויי טעג ארום אַזוי גרינג אָפּגעשטעלט געוואָרען דורך באַגוצקין.

פּעטליוראַס אויפפירען זיך ווערט נאָך קלאָרער, ווען מיר באַקאָנען זיך מיט דעם אָפענהערציגען שמועס, וואָס דער גאַרניזאָן־שעף, פּאָלקאָווניק פּעטראָוו, האָט געהאַט מיט דער אויסעראָרדענט־ליכער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע.

פּעטראָוו, אַ פריערדיגער אָפיציר פון צאַרישען גענעראַל־שטאַב, האָט אין אַ געשפּרעך מיט די געזעלשאַפטליכע טוער דער־קלערט, „אַז ביז'ן 1־טען מערץ בין איך געוועזען אַ טרייער דינער דעם צאַר און פון 1־טען מערץ האָב איך פאַרשטאַנען מיין טעות און בין געוואָרען אַ סאָציאַליסט.“

דעם שמועס האָט די אויסעראָרדענטליכע אויספאָרשונגס־קאָ־מיסיע געפונען פאַר אַזוי כאַראַקטעריסטיש, אַז זי האָט אים באַזונ־דער פון פּראָטאָקאָל צוגעשיקט דער דירעקטאָריע. מיר ברענגען דאָ אייניגע אויסצוגען.

די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון די מיטגלידער פון דער אויסעראָרדענטליכער קאָמיסיע, דעם געהילף־פּראָקוראָר א. א. קיץ, דעם ריכטער ג. וו. רובלעווסקי און דעם פאָרשטעהער פון דער גובערניע־זעמסטוואָ פּ. ט. רעדקאָ.

די דעלעגאַציע האָט זיך פריער געווענדט צום גובערניע־קאָ־מיסאַר, וועלכער האָט זיי פאַרשפּראָכען זיין הילף, האָט צוגעזאָגט

זיך פערזענליך פאר זיי משתדל צו זיין ביי דער דירעקטאָריע און אויך געראַטען זיך צו ווענדען צו דער מיליטערישער מאכט. דער שעף פון דער פעלד־זשאַנדאַרמעריע באַגוצקי האָט זיך אויך באַצויגען גאַנץ מיטפילענד און האָט צוגעזאָגט זיין הילף ביי הויז־זוכונגען און ארעסטען פון די גראָמירער.

גאַנץ אַנדערש האָט זיי אויפגענומען דער גאַרניזאָן־שעף פעטראָוו. באַגעגענדיג זיי אויף די טרעפ, האָט ער געזאָגט: „אָ, דאָס איז אַ זשידאָווסקע קאָמיסיע, ניטאָ ווענען וואָס צו פלוידערען." דערוויסענדיג זיך, אַז דאָס זיינען פאָרשטעהער פון אַ קאָמיסיע, וואָס איז באַשטעטיגט פון דער דירעקטאָריע, האָט ער זיי אריינגעלאָזען אין צימער. צווישען אַנדערען האָט ער גע־זאָגט: „מיר געהען מיט'ן לאָזונג: „שלאָג די זשידעס, שלאָג די באָלשעוויקעס" . . . „צי דען קאָנען 2 טויזענט קינדער (דאָס האָט ער געמיינט די סאָלדאַטען) פאַראַנטוואָרטליך זיין דערפאַר, וואָס זיי האָבען דער'הרג'עט עטליכע זשידעס?" ווייטער האָט ער דער־קלערט, אַז דער פּאָגראָם איז געווען סטיכיש, און עס וואָלטען אים ניט איינגעהאַלטען אויך די יונקער, און דערפאַר האָט ער די יונקער־שול אין די פּאָגראָם־טעג אַרויסגעשיקט אויפ'ן פראָנט.

„עס קאָן ניט זיין מ'זאָל אַ סאָלדאַט משפּט'ען דערפאַר, וואָס ער האָט גענומען ביי אַ זשיד אַ העמדעל". „אויב, — האָט ער ווייטער דערקלערט, — מ'וועט צוציען די סאָלדאַטען צו פאַר־אַנטוואָרטליכקייט, וועל איך ביז 4 מאָל אין יעדען פאַל איבער־קוקען די ריכטיגקייט פון דער באַשולדיגונג."

ווען אַ מיטגליד פון דער דעלעגאַציע האָט אים אויף דעם אָנגעמערקט, אַז די קאָמיסיע איז באַשטעטיגט פון דער דירעק־טאָריע, האָט ער געענטפערט, אַז די דירעקטאָריע איז אַ שפּילכעל אין די הענט פון די דיפּלאָמאַטען, און אַז דאָס רוב דיפּלאָמאַטען זיינען אידען, און אויב די דירעקטאָריע האָט באַשטימט אַן אויס־פאָרשונגס־קאָמיסיע, איז עס אויסשליסליך מיט'ן צוועק צו רעכט־פערטיגען זיך פאַר דער געזעלשאַפטליכער מיינונג און ווייזען, אַז אַזעלכע זאַכען ווי אַ פּאָגראָם בלייבען ניט אומבאַשטראָפט.

די קאָמיסיע האָט אַרויסגעטראָגען דעם איינדרוק, אַז דעם פּאָלקאָווניק פעטראָוו איז ניחא די קאָמיסיע זאָל עקזיסטירען, נאָר זי זאָל ניט אַרבייטען.

דער קיצור פון זיין ענטפער איז געווען, אַז קיין סאָלדאַטען זאָל גאָט שומר ומציל זיין מ'זאָל חלילה אָנרירען. די ווילדע רויבער מעג מען באַשטראָפען, ווייל זיי צעשיסט דאָך אויך די מאַכט.

נאָך אַ לאַנגען איינ'טענה'ן און אָנווייזען, אַז די קאָמיסיע אַרבייט לויט דער באַשטימונג פון דער דירעקטאָריע, האָט ער צו־געזאָגט, אַז ער וועט פאַראָרדנען דעם קאָמענדאַנט וואַגנער און דעם אַטאַמאַן באָגאַצקי זיי צו העלפען אין דער טעטיגקייט.

ווי אַ בלבול אויף דער דירעקטאָריע קלינגט די דערהייבונג פעטראָווס פאַר זיינע פּאָגראָם־טאַלאַנטען. דאָס איז אָבער אַ בי־טערער אמת: פעטראָוו ווערט שפּעטער באַשטימט פאַר אַ קריגס־מיניסטער פון דער דירעקטאָריע.

די פּאָגראָם־כוואַליע, וואָס הייבט זיך אויף נאָך די מערץ־מפּלות, פאַלען צונויף אין צייט און גיסען זיך צונויף אין איין בושעווענדיגער שחיטה־שריפה מיט די פּאָגראָמען, וואָס עס אָרגאַ־ניזירען די אויפשטנאַדיגע באַנדעס פון דעם אינערליכען אַנטי־באָלשעוויסטישען פראָנט (זעה קאַפּיטעל „באַטקאָווטשינע"), און גאַנץ אוקראַינע ווערט פאַרפלייצט מיט אידיש בלוט און טרערען.

אין אַפּריל צעראַבירען די אָפּטרעטענדע פון אָלעווסק קיין נאָווגאָראָד־וואָלינסקי פעטליוראָווצעס דאָס שטעטעל עמילטשינע.

אין מאַי מאַכען פעטליוראַס מחנות אַ רייע פּאָגראָמען אין וואָלין און פּאָדאָליען. דעם 9־טען מאַי אין וואַראַנאָוויץ, אין ראָוונע דעם 14־טען און 29־טען, אין קרעמעניץ דעם 22־טען, אין ליטין דעם 14־טען און 28־טען; אין קאַדיים און אין אַ גאַנצער רייע אַנדערע פונקטען.

אין יוני קומען פאָר פּאָגראָמען אין דעראַזשנע, כמעל־ניק, סטריזשאַנקע, אַלט סיניאַווקע און אַנדע־רע ערטער.

יולי איבערשטייגט אין דער אוקראַינישער טויט־ און שרעק־כראָניק אַלץ, וואָס איז געווען ביז דאַן. פעטליוראַס מחנות גיסען זיך צונויף מיט די פאַרטיזאַנישע באַנדעס. אונטערשיידען זיי איינעם פון דעם אַנדערען איז צו דעם מאָמענט זעהר שווער, כמעט אוממעגליך.

די אידישע פּאָגראָמען, דער מיטעל, מיט וועלכען די מיליטער־

פירער האָבען געוואָלט צונויפליימען, פארפעסטיגען די איינהייט־ליכקייט פון דער ארמיי, האָבען זיך פארוואנדעלט אין דאָס געגענ־זעצליכע: די ארמיי איז געוואָרען דעמאָראליזירט, גענצליך פא־נאנדערגעלייגט, האָט זיך פארוואנדעלט אין א רויבער־באנדע.

אין אויגוסט ווערט די פּאָגראָמען־כוואליע פיל שוואכער. אָבער דאָס אידישע פאָלק האָט נאָך ניט קיין רוה פון די פּאָגראָמען, ס'איז נאָך דער בעכער פון לייד און פיין ניט פול. און אָנשטאָט די שטילער געוואָרענע פּארטיזאנישע און רעגולערע שחיטות פון דער דירעקטאָריע רוקט זיך אָן א נייע מעכטיגע, שרעקליכע פּאָג־ראָמען־כוואליע: עס געהט די אַלרוסישע רעאקציע, בראש מיט דעם הענקער גענעראַל דעניקין. צו אויגוסט בייט זיך שארף די פּאָליטישע סיטואציע. די ראטען־מאכט ווערט ארויסגעשטויסען פון אוקראינע מיט די פאראייניגטע כחות פון דעם אינערליכען פראָנט, די פארטיזאנשטשינע, גריגאָריעווס אויפשטאנד און דעם דרוק פון דער פרייוויליגער ארמיי (דעניקינס).

איינער נאָך דעם אנדערען געהען איבער די אוקראינישע שטעט אין דעניקינס הענט. אין אָנפאנג אויגוסט איז שוין פון דער פרייוויליגער ארמיי פארנומען כארקאָוו, יעקאטערינאָסלאוו, פּאָלטאווע. אין מיטען און ענדע אויגוסט געפינט זיך נאָר איין קיעוו אונטער דער ממשלה פון די ראטען. — דעם 2־טען סעפּ־טעמבער פארנעמט דעניקין קיעוו אויך.

דעניקין איז אָבער ניט נאָר א פיינד פון דער ראטען־מאכט, ער איז צו דערזעלבער צייט אויך א פיינד פון דער דירעקטאָריע, פון דער אוקראינישער „סאמאָסטינאָסט“, א פיינד, וואָס נוצט אויס אין קאמף, און גאנץ געשיקט, דעם פּאָגראָם־מעטאָד. דאָס מאכט די פּאָגראָמען פאר דער דירעקטאָריע פאר אן איבעריגען צוועקלאָזען מיטעל. דערצו ווערט נאָך דער מיטעל פון אידען־פּאָגראָמען זעהר אומבאקוועם, צולים דער מערב־אייראָפּייאישער געזעלשאפטליכער מיינונג, אויף וועלכער די דירעקטאָריע קוקט ארויס, ווי אויף די איינציגע געבליבענע ישועה, און אָן וועלכער זי כאפּט זיך אָן, ווי איינער, וואָס טרינקט זיך, כאפּט זיך אָן אָן א שטרויעלע.

איינצייטיג מיט דעם פאמעלעכדיגען אָבער אומאויפהערלי־כען אָנרוקען זיך אויף אוקראינע פון דעניקינען, ווערט די דירעק־

טאָריע כמעט לחלוטין אַרויסגעשטויסען פון אוקראַינע, זי טראָגט איבער איר טעטיגקייט קיין אויסלאַנד, וואו זי אַנטוויקעלט אַ שטאַרקע דיפּלאָמאַטישע און אַגיטאַציאָנס־טעטיגקייט.

איר שטעהען שטאַרק אין וועג די אומקלאָרע קלאַנגען און ידיעות, וואָס זיינען דערגאַנגען קיין אייראָפּא, פון דער מאַסען־שחיטה אין אוקראַינע, און די דירעקטאָריע קלייבט אויס זעהר אַ באַקוועמען מיטעל צום פאַרטיידיגען זיך: זי פּרואווט אָראָפּ־שאָקלען פון זיך די חטאים, לייקענט אין איר שולדיגקייט און שרייבט צו די עבירות צו אַנדערע.

דר. מאַרגאָלין, דער פאָרשטעהער פון פּעטליוראַס רעגירונג אויף דער פרידענס־קאָנפערענץ, גיט דעם קאָרעספּאָנדענץ פון „דהי דזשואיש קראָניקל" פאָלגענדע דערקלערונג וועגען די פּאָגראָמען אין אוקראַינע: „צווישען די צאַרישע פּאָגראָמען און די, וואָס זיינען צום אומגליק פאָרגעקומען אין אוקראַינע, ליגט אַ גרויסער חילוק. ווען די ערשטע פלעגען אָרגאַניזירט ווערען פון דער מאכט גופא, איז אָבער די אוקראַינישע רעגירונג געווען גאַנץ באַשטימט געגען די פּאָגראָמען, און זי טראָגט פאַר זיי ניט קיין שום פאַר־אַנטוואָרטליכקייט. בעת פּעטליוראַס איבערקערעניש, ענדע נאָ־וועמבער 1918, האָב איך אַליין געלייענט אין פיל שטעטלעך און דערפער פון אוקראַינע פּראָקלאַמאַציעס, אַרויסגעגעבען פון דער מאכט, אין וועלכע עס זיינען שאַרף פאַראורטיילט געוואָרען די פּאָגראָמען, אין וועלכע עס איז דערקלערט געוואָרען דעם פאָלק, אַז די אידען זיינען בירגער און ברידער, אַז זיי האָבען פיל מיט־געהאָלפען דער אַנטוויקלונג און אויפבליהונג פון אוקראַינע, און זיי געניסען אין דער מלוכה פולע רעכט. די פּראָקלאַמאַציעס האָבען אויך אויפגעוויזען, אַז די פּאָגראָמען קאָנען נאָר דיסקרעדי־טירען אוקראַינע אין די אויגען פון דער ציוויליזירטער וועלט, און אַז די, וואָס נעמען אַנטייל אין זיי, זיינען ניט קיין פריינד, נאָר פיינד פון פאָטערלאַנד. צום אומגליק האָט די דעמאָראַליזאַציע זיך אַריינגעגנב'עט און זיך איינגעוואָרצעלט אין די מיליטער־טיילען, איבערהויפּט נאָכדעם ווי די באָלשעוויקעס האָבען פאַר־נומען קיעוו. דאָן זיינען פון די פאַרדאָרבענסטע עלעמענטען אין דער אַרמיי אָרגאַניזירט געוואָרען אידישע פּאָגראָמען. די רעגירונג איז שטענדיג געווען געגען זיי, האָט די שולדיגע און אויפהעצער

פאַראורטיילט צום טויט, האָט אויסגעדריקט איר טיפסטע סימ־פאַטיע און מיטלייד מיט די אידען און צוגעזאָגט די פולקומסטע פאַרגיטיגונג פאַר די געליטענע.

„איך מוז, צום גרעסטען באַדויערען, קאָנסטאַטירען, אז די לעצטע פּאָגראָמען, אין פעברואַר און מערץ, וועגען וועלכע איך האָב באַקומען ידיעות, זיינען געוועזן אזוי שרעקליך, אז עס זיינען אומגעקומען טויזענטער אידען. זיי זיינען געמאַכט געוואָרען פון די פאַרשידענסטע עלעמענטען, פון קרימינעלע פאַרברעכער, פון שוואַרץ־מאה'ניקעס, פון די באָלשעוויקעס, וועלכע ווילען אויף אזא אופן דיסקרעדיטירען די אוקראַאינישע רעגירונג."—(דזשואיש קראָ־ניקל, 16/2 1919.)

אז די דערקלערונגען פון דעם דר. מאַרגאָלין שטימען ניט מיט דער ווירקליכקייט, מיט'ן טרויעריגען אמת פון די פאַקטען, האָט שוין דער לעזער געהאַט די מעגליכקייט צו איבערצייגען זיך.

צו דעם מאָמענט פון זיינע דערקלערונגען האָט זיך די פּאָג־ראָם־כוואַליע אַלץ מער פאַנאַנדערגעגאָסען, איר כאַראַקטער איז געוואָרען אַלץ ווילדער און אכזריות'דיגער.

אין יענער צייט קומט פאָר א פאַר'עקשנ'טער גראַנגעל צווי־שען דער דירעקטאָריע און דער ראַטען־מאַכט, און טויזענטער אי־דישע לעבענס ווערען פאַרניכטעט פון די פאַרטיזאַנישע באַנדעס און דער רעגולערער ארמיי פון פעטלורא. די דירעקטאָריע דריקט ניט אויס די פיללייךענדע אומגליקליכע אוקראַאינער אידען איר סימפּאַטיע, זאָגט ניט קיין וואָרט פון מיטגעפיל און טרייסט, רעדט ניט וועגען פאַרגיטיגונג, און פון דער אנדער זייט קעמפט זי ניט מיט די עקסצעסען, לאָזט ניט ארויס קיין שום אויפרופען געגען די פּאָגראָמען.

מיר האָבען אויבען געבראַכט די אויפרופען און מודעות פון די מיליטער־פירער אין איינצעלנע ראַיאָנען. זיי טראָגען א בולט־פּראָוואָקאַטאָרישען פּאָגראָם־כאַראַקטער. זיי זיינען א דורשטיגער חיה'שער געשריי נאָך בלוט. מיר האָבען פריער געבראַכט, פון א גאַנצער ריי ענליכע, א פּאָר פּאָגראָם־עפּיזאָדען און זייער אָרגאַ־ניזירטער, פון אויבען באַווילליגטער, כאַראַקטער טרעט ארויס קלאָר און אָפען.

פעטלורא איז אַליין בייגעווען אין זשיטאָמיר בעת דעם צוויי־

טען פּאָגראָם, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען און פאַרענדיגט לויט אַ באַפעל פון דער מיליטערישער מאַכט. ער האָט אַליין צוגעקוקט זיך צו די נגישות, ענוים איבער דער אידישער באַפעלקערונג, צו די קאַטאַקאָמבען צעפּליקטע, צעקוועלטע מתים, און פונדעסטוועגען איז דער פּאָגראָם ווייטער אָנגעגאַנגען.

די פּאָגראָם־טאַקטיק האָט טאַקע באמת פאַנאַנדערגעלייגט די אַרמיי אויף אַזוי פיל, אַז אין איר זיינען שוין געווען פיל און פיל פאַרברעכערישע עלעמענטען און שוואַרץ־מאה'ניקעס, אָבער די שולד פאַר דעם טראָגען די פאַראַנטוואָרטליכע פירער פון דער די־רעקטאָריע, — דאָס איז די פרוכט פון זייער טעטיגקייט.

„די דירעקטאָריע קעמפט געגען די פּאָגראָמען . . .“

צו די פילע געבראַכטע פאַקטען וועלען מיר צוגעבען נאָך איינעם.

אין בערלין גיט די אוקראַינישע מיסיע אַרויס אין דייטש אַ ביכעל: „די לאַגע דער אידען אין דער אוקראַינע“.

נאָך אַ גאַנצער ריי נאַאיווע תירוצים ווערט געבראַכט די באַשטימונג פון דעם מיניסטאָרען־ראַט פון דער אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק, אין וועלכען עס ווערט אונטערגעשטראָכען, אַז „די אוקראַינישע רעגירונג האָט זיך געשטעלט פאַר איר דרינג־ליכסטע אויפגאַבע אָפּצושאַפען אַלערליי פּאָגראָמען, פּראָוואָקאַציעס און עקסצעסען.“ דאָס געהערט צום 18טען אויגוסט, ד. ה. צו דעם מאָמענט, ווען די פּאָגראָמען האָבען זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ ניט פאַסיגען מיטעל פון פּאָליטישען קאַמף.

מען דאַרף נאָר אָנווייזען, ווי אַזוי די פראַגע וועגען די אידי־שע פּאָגראָמען ווערט געשטעלט אין דער באַשטימונג פון 18־טען אויגוסט, אַז עס זאָל ניט בלייבען מער קיין שום ספק וועגען די מאָטיווען, וואָס באַוועגען די דירעקטאָריע אָנצונעמען די באַ־שטימונג.

„אויסהערענדיג, — ווערט דאָרט געזאָגט, — דעם באַריכט פון דעם מיניסטער פאַר אידישע ענינים, פּ. קראַסני, וועגען דעם מצב, וואָס האָט זיך געשאַפען אין צוזאַמענהאַנג מיט די אידישע פּאָגראָמען אין גאַנץ אוקראַינע און ב א ז ו נ ד ע ר ס א י ן ק י ע ו ו א ו ן א ו י ך א י ן א ו י ס ל א נ ד , האָט דער מי־ניסטאָרען־ראַט באַשלאָסען . . . א. א. וו. אין די פאַלשע פראָ־

וואָקאַטאָרישע מעלדונגען ווערען ווילקירליך פאַרביטען די ערטער פון די פּאָגראָמען, וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרען פון די באַל־שעוויקעס און דער רעאַקציאָנערער קליקע, וואָס געפינט זיך אין ענגער פאַרבינדונג מיט די שטרעבונגען פון דעניקין און דער פּוי־לישער רעאַקציע.

„דאָס אַלץ ווערט דורך פאַלשע ידיעות און אָפענע בריף צו די באַדייטענדסטע פאַרטרעטער פון מעריב־איראָפּע דערטראָ־גען, אום צו שאַפען מניעות דער רעגירונג פון דער אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק, וועלכע האָט זיך געשטעלט דעם ציל אַלערליי פּאָגראָם־אומרוהען צו אונטערדריקען."

די אַלע פון מיר אונטערשטראָכענע שטעלען באַווייזען קלאָר און דייטליך, וואָס די אמת'ע מאָטיווען זיינען געוועזן, וואָס עס האָט זיך מיט אַמאָל געענדערט די שטעלונג פון אוקראַינע צו דער אידען־שחיטה.

דאָס ווערט באַשטימט פון דער לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפען אין קיעוו (ד. ה. אין דעם געזעלשאַפטליכען צענטער, וואו קיין פּאָגראָם איז ניט געוועזן, נאָר וואו די געזעלשאַפטליכע מיינונג האָט פאַרהאַסט די דירעקטאָריע־פאַר די ווילדע קאָשמאַר־געשעהענישען), ווי אויך אין אויסלאַנד, וועמעס גוטע באַציהונג עס איז אַזוי נייטיג געוועזן דער דירעקטאָריע אין איר קאַמף מיט דעניקינס פּרינציפּ פון „אַן איינציגען, ניט צעטיילטען רוסלאַנד." אין דער באַשטימונג ווערט ניט גערעדט וועגען דעם קאָלאָסאַלען און געזעלשאַפטליכען פאָלקס־אומגליק, ניט וועגען דער פאַרניכטונג פון אַ נאַציע, וואָס אַרבייט צוזאַמען מיט דער אוקראַנישער ביים אויפבוי פון דער אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק. עס רעדט זיך אויך ניט וועגען די שרעקען און גרוילען, וואָס האָבען ניט זייער גלייכען אפילו אין מיטעלאַלטער. אויך רעדט זיך דאָ ניט וועגען ראַציאָנאַלער הילף פאַר די געליטענע איבער דער שולד פון דער דירעקטאָריע און אירע אַגענטען (די אַסיגנירטע סומע פון 11,000,000 גריוונעס, ד. ה. 5,730,000 רובעל, קלינגט ווי אַ שפּאַס אַנטקעגען דער ווירק־ליכער נויט, און אַפילו אָט די אַסיגנירונג איז געמאַכט געוואָרען ערשט דעם 15־טען אויגוסט 1919) ; — ניין, מען שמועסט נאָר

וועגען דער פּאָליטישער צוועקלאָזיגקייט פון די אידישע פּאָגראָמען, וועלכע שאַפען סײַ אין לאַנד, סײַ אין אויסלאַנד, אַן אומבאַקוועמע סיטואַציע פאַר דער אוקראַינישער רעגירונג.

דוקא די אויגוסט באַשטימונג פון דער דירעקטאָריע באַשטעטיגט אויפ'ן בעסטען אופן אַלץ, וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען דער דירעקטאָריע.

רעזומירענדיג וועלען מיר זאָגען: די דירעקטאָריע ווענדט אָן די פּאָגראָם־פּאָליטיק אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל דאָס גאַראַנטירט איר אין צוזאַמענהאַנג מיט די פּאָליטישע און סטראַטעגישע באַדינגונגען אַן ערפאָלג אין קאַמף מיט דער ראַטען־מאַכט. דאָס איז אָבער אַ שטעקען מיט צוויי עקען — צוזאַמען מיט דער פאַראייניטליכונג און פאַרפעסטיגונג פון די מיליטער־טיילען, גראָבט עס אָבער אונטער און צעשטערט די דיסציפּלין פון דעם היל, די אַנטי־אידישע אַגיטאַציע אונטער'ן לאָזונג: „שלאָג די זשידעס, ווייל זיי זיינען בורזשועס“, אַנטוויקעלט אין די מאַסען דעם באָלשעוויסטישען ראַדיקאַליזם. פאַרקערט, דער לאָזונג: „שלאָג די זשידעס, ווייל זיי זיינען באָלשעוויקעס“ העלפט מיט דעם וואוקס פון דער רעאַקציע, וועלכע וויל זיך ניט אונטערוואַרפען דער דירעקטאָריע, זיך איינגרעניצען אין די ענגע ראַמען, נאָר האַלט דעם קורס אין דער ריכטונג פון דער אַלרוסישער רעאַקציע פון גענעראַל דעניקין.

דער שווערער, פאַר'עקשנ'טער, לאַנג־דויערענדער קאַמף געגען דער ראַטען־מאַכט פאַרוואַנדעלט דעם בלוטיגען קאַמפּס־מיטעל אין אַ סיסטעם, וואָס ווירקט כסדר, אָן אַ הפסקה. און נאָר דאַן, ווען דעניקינס רעאַקציע האָט געפייערט איר נצחון און זיך פאַרמאָסטען אַלץ ברייטער און ווייטער; ווען די דירעקטאָריע האָט זיך געצוואונגען רעאַביליטירען אין די אויגען פון מערב־אייראָפּייאישער געזעלשאַפטליכער מיינונג; ווען מען איז געצוואונגען געווען צו זוכען אַ שטיצע אין די אידישע רעכט־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, — ערשט דאַן האָט דער ראַט פון די פאָלקס־מיניסטאָרען אַרויסגעזאָגט זיין אַנטשיידענעם וואָרט, ערשט דאַן האָט דער העכסטער אַטאַמאַן פּעטליורא אַרויסגעגעבען זיין באַפעל צום מיליטער (דעם 26־טען אויגוסט 1919), וואו ער פאַראורטיילט די אידישע פּאָגראָמען.

אָט דאָס איז די טרויער־כראָניק פון אוקראַינישען אידענטום

בעת דער הערשאפט פון דער דירעקטאָריע און אין פארצוויי־פעלטען קאמף פאר הערשאפט. דאָס לעבען און פארמעגען פון צענדליגער טויזענטער משפחות זיינען געוואָרען א שפּילצייג אין די הענט פון פּאָליטיקער און כל'ערליי אוואנטיוריסטען. מיט העצע און פראָוואָקאציע, מיט בלבולים און שקרים וועקט מען אויף די פינסטערע חיה'שע אינסטינקטען ביי די דערצאָרענטע, פארבי־טערטע פאָלקס־מאסען. און ווען עס בושעוועט זיך פאנאנדער די פּאָגראָם־כוואליע, מוז מען שוין אָפּטמאָל געגען ווילען בלייבען א גלייכגילטיגער צושויער פון די געשעהענישען.

די דירעקטאָריע האָט ארויסגערופען, האָט געפלאנצט אין די פארפינסטערטע מוחות פון די מאסען דעם גרענצלאָזען האס און שנאה צו די אידען. זי האָט געמאכט צו הפקר דאָס אידענטום; און פאר דעם פיין און די ליידען פון דעם פאראומגליקטען אוקראַי־נישען אידענטום טראָגט די דירעקטאָריע די גאנצע פאראנטוואָרט־ליכקייט.

---

צום שלום ברענג איך אין גאנצען דעם זעהר וויכטיגען, דע־טאליזירטען און אינטערעסאנטען באריכט פון דעם גוט־באקאנטען אדוואָקאט ארנאָלד הילערזאָן. לויט זיין אָביעקטיוויטעט און גרינד־ליכקייט, קאָן אָט דער באריכט געוויס באטראכט ווערען אלס היסטאָרישער מאטעריאל פאר דער גאנצער פעריאָדע פון די פּאָג־ראָמען און שחיטות, וואָס זיינען געמאכט געוואָרען פון די פאר־אנטוואָרטליכע אגענטען פון דער דירעקטאָריע. הילערזאָנס באַ־ריכט כאראקטעריזירט זעהר שארף די טענדענץ פון דער דירעק־טאָריע צו אָרגאניזירען פּאָגראָמען אויף אידען צוליב אייגענע פּאָ־ליטישע צוועקען.

## באריכט פון א. י. הילערזאָן

### דער פּאָגראָם אין פראָסקוראָוו

פעברואר 1919

### פראָסקוראָוו און איר באפעלקערונג

פראָסקוראָוו האָט דעם אָנבליק פון א זעהר לעבעדיגער שטאָט. זי געפינט זיך אין פּאָדאָליער גובערניע און האָט א באפעלקערונג

פון 50,000, פון וועלכע כמעט 25,000 זיינען אידען. איר דע־מאָקראַטישער שטאָט־ראַט באַשטעהט פון 50 מיטגלידער: 26 קריסטען און 24 אידען. פון די אידישע מיטגלידער זיינען 18 ער־ווײלט געוואָרען אַלס אידישע נאַציאָנאַלע קאַנדידאַטען און די אי־בעריגע אַלס אַלגעמיין סאָציאַליסטישע.

אָן שפּיץ פון דעם פּראָסקוראָווער ראַט זיינען, ווי כמעט אומעטום אין פּאָדאָליע און וואָלין, געשטאַנען פּאָליאַקען. דער ביר־גערמייסטער, סיקאָרא, איז געווען אַ פּאָליאַק און דער פּרעזידענט פון דעם שטאָטישען ראַט, דר. סטערווינסקי, איז אויך געווען אַ פּאָליאַק.

אין אַדמיניסטראַטיווע אנגעלעגענהייטען איז פּראָסקוראָוו רע־גירט געווען פון דעם מיליטערישען קאָמענדאַנט קיווערטשוק און פון דעם קאָמיסאַר טעראַנאָוויטש. דער ערשטער איז נאָך געווען אין מיליטערישען דינסט אונטער'ן צאַר, אָבער דער צווייטער איז געווען פריער אַ שול־לערער. די שטאָט איז באַשיצט געווען פון מיליץ, וואָס איז באַזונדערס געווען אונטערוואָרפען צום קאָמענ־דאַנט. די שטאָטישע אַדמיניסטראַציע, ניט טרויענדיג אין גאַנ־צען דער מיליץ, האָט אָרגאַניזירט אַן אייגענע גוואַרדיע מיט'ן נאָמען „די וואַך־גוואַרדיע". אָן שפּיץ פון דער שוץ־אָרגאַניזאַציע איז געשטאַנען אַ צענטראַלע ביוראָ מיט דעם קריסט רודניצקי אַלס פּרעזידענט און דעם איד שענקמאַן אַלס וויצע־פּרעזידענט. צוליב דעם, וואָס די גוואַרדיע איז מייסטענס באַשטאַנען פון אידען, איז זי ניט געווען באַליבט ביים קאָמענדאַנט קיווערטשוק און ער האָט איר געמאַכט אַלערליי שוועריגקייטען.

אפילו אונטער'ן צאַר זיינען אין פּראָסקוראָוו שטענדיג געווען, חוץ די לעגאַלע פּאַרטייען, אויך אומלעגאַלע. ס'איז איבעריג צו דער־ציילען, אַז דאָס סאָציאַל־פּאָליטישע לעבען האָט שטאַרק אויפגע־לעבט אין פּראָסקוראָוו נאָכ'ן פאַל פון צאַריזם. אונטער'ן העט־מאַן (סקאָראָפּאַדסקי) זיינען די אָרטיגע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און באַזונדערס די באָלשעוויקעס שטאַרק געדריקט געוואָרען. מיט'ן פאַל פונ'ם העטמאַן און דעם אָנפאַנג פון פּעטליוראַס רעזשים האָבען די באָלשעוויסטישע גרופּען ווייטער עקזיסטירט, אָבער אַלץ אומ־לעגאַל. אַלס אַ גאַנצעס האָבען די סאָציאַליסטישע גרופּען, איינ־

שליסענדיג די באָלשעוויקעס, אויפגעשטעלט א געאייניגטען פראָנט אונטער דער ליִיטונג פון דעם בונדיסטישען מיטגליד יאָפע.

מיט א דריי וואָכען פאר דעם פראָסקוראָווער פּאָגראָם איז די פאָלגענדע געשעהעניש פאָרגעקומען. זי איז געווען פאטאל פאר'ן שיקזאל פון פראָסקוראָוו.

## צוזאמענפּאָר פון באָלשעוויקעס אין וויניצא

א צוזאמענפאָר פון די באָלשעוויקעס פון פּאָדאָליער גובערניע איז פאָרגעקומען אין וויניצא, פעטליוראס הויפטשטאָט. די באַראטונגען פון די דעלעגאטען האָבען געדויערט צוויי טעג און די זיצונגען זיינען ניט געשטערט געוואָרען, כאָטש עס זיינען אָנגענומען געוואָרען רעזאָלוציעס פאר א באָלשעוויסטישען אויפשטאנד איבער דער גאנצער פּאָדאָליער גובערניע, באשטימענדיג פעברואר דעם 15־טען אלס דעם טאָג פאר דעם אויפשטאנד. דאָס, וואָס די זיצונגען זיינען ניט אונטערבראָכען געוואָרען, האָט געטריבען מאנכע צו דער באהויפטונג, אז דער צוזאמענפאָר איז איינבארופען געוואָרען מיט פעטליוראס וויסען און מיט פראָוואָקאטאָרישע צוועקען. אן אומפּארטייאישע אונטערזוכונג האָט אָבער באוויזען, אז דער פארדאכט איז געווען אומבאגרינדעט, נאָר אז געקומען איז די ניט־שטערונג פון דער שוואכער רעגירונגס־אָרגאניזאציע און פאָלגליך פון דער ניט־גענינענדער אינפאָרמאציע, וואָס פעטליוראס באאמטע האָבען געהאט. עס ווערט אָנגעוויזען, אז דער באָלשעוויסטישער אויפשטאנד איז פאָרגעקומען בלויז אין פראָסקוראָוו, ווערענד אין אנדערע פלעצער אין דער גובערניע, אפילו ביי דער זשמערינקא סטאנציע, וואו עס זיינען דאָ אומגעפער 7,000 אייזענבאן־ארבייטער, זיינען קיין רעוואָלט־פארזוכען ניט געמאכט געוואָרען. דערפון קאָן מען אויך פארשטעהן, פארוואָס עס זיינען קיין אויפשטאנדען ניט פאָרגעקומען אין אנדערע פלעצער, און דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס אָן דער שפּיץ פון די באָלשעוויסטישע אָרגאניזאציעס אין יענע פלעצער זיינען געשטאנען אינטעליגענטע מענשען, וואָס האָבען איינגעזעהן, אז דער מאָמענט איז ניט גינסטיג פאר א רעוואָלט.

אין פראָסקוראָוו אָבער זיינען די באָלשעוויסטישע פירער גע־

ווען צו יונג און היציג. חוץ דעם זיינען אין פּראָסקוראָוו געווען געוויסע אומשטענדען, וואָס האָבען געטריבען די באָלשעוויקעס אָנצופאַנגען דעם אויפשטאַנד: אין פּראָסקוראָוו זיינען דעמאָלט געווען קוואַרטירט צוויי רעגימענטען — דער 15־טער ביעלאָגאָ־ראָדער און דער אַכטער פּאָדאָליער — וואָס האָבען געהאַט באַ־שטימטע באָלשעוויסטישע טענדענצען.

## דאָס אָנקומען פון אטאַמאַן סעמאָסענקאָ קיין פּראָסקוראָוו

א צען טעג פאַר דעם פּראָסקוראָווער פּאָגראָם איז ערשינען אַן אָפּטיילונג קאָזאַקען („זאַפּאָראָזשצעס") פון דער אוקראַינישער רעפּובליקאַנער אַרמיי, קאָמאַנדירט אין פּעטליוראַס נאָמען פון אטאַמאַן סעמאָסענקאָ. מיט דער מיליטערישער אָפּטיילונג איז אויך אָנגעקומען דער דריטער האַידאַמאַקער רעגימענט. אי די אָפּטיילונג, אי דער רעגימענט, זיינען, לויט סעמאָסענקאָס דער־קלערונג, געקומען קיין פּראָסקוראָוו זיך אויסצורוען און צו דינען אַלס גאַרניזאָן. דעם 6־טען פעברואַר האָט סעמאָסענקאָ געשיקט אָפּדרוקען פּראָקלאַמאַציעס, אין וועלכע ער האָט דערקלערט, אַז ער נעמט איבער די פליכטען פון גאַרניזאָן־קאָמאַנדאַנט און אַלס אַזעלכער פאַרווערט ער אַלע אומדערלויבטע פאַרזאַמלונגען און מי־טינגען אין שטאָט. ער האָט געוואָרענט, אַז אַגיטאַציע קעגען דעם עקזיסטירענדען רעזשים וועט באַשטראָפט ווערען לויט די געזעצען פון קריגס־צייט. אַלע העצונגען צו פּאָגראָמען זיינען אויך פאַר־באָטען געוואָרען און יעדען, וואָס מ'וואָלט דערביי געכאַפּט, האָט מען געקענט אויפ'ן שטעל שיסען.

ער האָט אויך געמאָלדען דעם שטאָטראַט, אַז ער איז גע־וואָרען דער גאַרניזאָן־קאָמאַנדאַנט פון שטאָט און אַז ער וועט באַ־שטראָפען יעדען רו־שטערער, און צו דערזעלבער צייט האָט ער איר אינפאָרמירט, אַז ער האָט שוין דערשאָסען אַ קאָזאַצקען אָפיציר, וואָס האָט געמאַכט אַ רויב־פאַרזוך. דער וויצע־פּרעזידענט פון צענטראַל־ביוראָ פון דער וואַך־גוואַרדיע, שענקמאַן, האָט געהערט פון דער קאָמוניקאַציע און איז אַוועק צו סעמאָסענקאָן, אום זיך מיט אים צו באַקענען פּערזענליך. סעמאָסענקאָ האָט אים אויפ־גענומען פריינדליך, פאַרשפּראָכען צו באַזאָרגען די גוואַרדיע מיט

אמוניציע און מיט איר צו קאָפּערירען אויף יעדען מעגליכען אופן, כדי אויסצומיידען פּאָגראָמען. אָט דער געשפּרעך מיט שענקמאַנען און אויך דער פאַקט, וואָס סעמאָסענקאָ האָט געשיקט די אויבענ־דערמאָנטע פּראָקלאַמאַציעס צום אָפּדרוקען, איז באַקאַנט געוואָרען צו געוויסע אַגענטען פון דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג און זיי, לויט די רייד פון דר. סטאַווינסקי, דער פּרעזידענט פון שטאָט־ראַט, זיינען געגאַנגען צום קאָמאַנדאַנט קיווערטשוק, נאָכצופרעגען זיך וויפיל און וואָס פאַר אַ רעכט סעמאָסענקאָ האָט און ווער עס האָט עס אים געגעבען. קיווערטשוק האָט געענטפערט, אַז ער ווייסט גאָרנישט וועגען דעם און גענומען שריט, אַז די פּראָקלאַ־מאַציע, וואָס איז שוין אויפגעזעצט געוואָרען, זאָל ניט פאַרעפענט־ליכט ווערען.

עס מוז באַמערקט ווערען, אַז מיט'ן ערשיינען פון דעם 3־טען היידאַמאַקער רעגימענט איז אין שטאָט ביי דער אידישער באַפעל־קערונג געשאַפען געוואָרען אַן אָנגעשטרענגטע שטימונג. דער רע־גימענט האָט זיך אויפגעפירט אויף אַ חוצפה'דיגען אופן און מען האָט מיט באַשטימטקייט געזאָגט, אַז ער האָט זיך צו פאַרציי־כענען עטליכע פּאָגראָמען. קיינער האָט אין שטאָט ניט געוואוסט, אַז אַ באָלשעוויסטישער אויפשטאַנד ווערט געפּלאַנט. בלויז מיט צוויי טעג פאַר דעם 15־טען פעברואַר האָט דער קאָמאַנדאַנט פון מיליץ, קאַרא זעליאַשקאָוו, אינפאָרמירט יאַפען, אַז ער האָט גע־הערט, אַז אַן אויפשטאַנד ווערט געפּלאַנט אין פּראָסקוראָוו און אַז ס'איז אָנגעגעבען געוואָרען אין קאָמאַנדאַנטס הויפטקוואַרטיר, אַז אַ צוקונפטיגע באָלשעוויסטישע רעגירונג, מיט יאַפען אָן דער שפּיץ, איז שוין באַשטימט געוואָרען.

יאַפע, אומרוהיג, האָט צונויפגערופען די פאַרטרעטער פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען, אַריינרעכענדיג די באָלשעוויקעס. צוויי פאַרטרעטער פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, וואָס זיינען ערשינען ביי דער פאַרזאַמלונג, האָבען דערקלערט, אַז אַן אויפ־שטאַנד ווערט באמת געפּלאַנט און אַז די נייע רעגירונג האַלט ביים צוזאַמענגעשטעלט ווערען. די פאַרטרעטער פון די אַנדערע גרופּען האָבען פּראָטעסטירט און אָנגעוויזען, אַז דער אויפשטאַנד וועט דורכפאַלען און דערצו נאָך ברענגען אַ גרויס אומגליק אויף די אידען. זיי האָבען געענטפערט, אַז דער אויפשטאַנד וועט גלייכ־

צייטיג פאַרקומען אין גאַנץ פּאָדאָליער גובערניע און אַז אַ טייל פון דעם פּראָסקוראָווער גאַרניזאָן וועט זיך שטעלען אויף דער זייט פון די סאָוויעטיסטען און אַז 16 דערפער זיינען גרייט זיי צו קומען צו הילף. זיי האָבען אָבער קיין אינפאָרמאַציע ניט געגעבען וועגען דער באַשטימטער צייט, ווען דער אויפשטאַנד וועט פאַרקומען. (זעה דאָס עדות־זאָגען פון יאַפּען, זייטען 84־87 און 92־99).

אָנהייב פון באָלשעוויסטישען אויפשטאַנד

פרייטאָג אָוועגט, דעם 14־טען פעברואַר, זיינען ערשינען אין צענטראַל־ביוראָ פון דער וואַך־גוואַרדיע צוויי יונגע־לייט פון דער באָלשעוויסטישער פראַקציע, וואָס האָבען דערקלערט, אַז אַ באָל־שעוויסטישער אויפשטאַנד איז באַשטימט אויף מיטנאַכט און גע־פרעגט דעם פּרעזידענט רודניצקי און דעם וויצע־פּרעזידענט שענק־מאַן, וואָס פאַר אַ שטעלונג די וואַך־גוואַרדיע וועט געניינט זיין אָנצונעמען צו דער זאַך. דער ענטפער איז געווען, אַז די וואַך־גוואַרדיע, אין כאַראַקטער אַ ניט־פּאַרטיזאַנישע אָרגאַניזאַציע און האָבענדיג אַלס ציל בלויז די באַשיצונג פון דער באַפעלקערונג, וועט נאַטירליך זיין אַבסאָלוט נייטראַל. צו דערזעלבער צייט האָט שענקמאַן אָנגעוויזען אויף דעם, אַז דער מאָמענט איז ניט גינסטיג פאַר אַזאַ אויפשטאַנד און אַז ער וועט געוויס פירען צו אַ פּאָגראָם אויף אידען. מ'האָט אים אָבער געענטפערט, אַז דער אויפשטאַנד וועט פאַרקומען אין דער גאַנצער גובערניע און אַז דער גינסטיגער רעזולטאַט איז געזיכערט. שפּעטער איז אַ צווייטער מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי געקומען און דערקלערט, אַז דורך אַ באַפעל פון דעם רעוואָלוציאָנערען קאָמיטעט, וואָס ווערט אָרגאַ־ניזירט, איז ער באַשטימט געוואָרען אַלס קאָמיסאַר פון דעם ביוראָ פון דער וואַך־גוואַרדיע און אַז שענקמאַן איז ערנאַנט געוואָרען צו פירען די פאַרהאַנדלונגען מיט דעם באָלשעוויסטישען שטאַב, וואָס האַלט שוין אין אָרגאַניזירט ווערען. ער האָט שענקמאַנען געגעבען דעם פּאַראָל, מיט וועלכען דער לעצטער האָט געקענט צוקומען צום הויפּטקוואַרטיר. לויט שענקמאַנס עדות־זאָגען זעהט עס אויס, אַז ער און רודניצקי האָבען צונויפגערופען די מיטגלידער פון דער גוואַרדיע און זיי געזאָגט, אַז זיי קענען האַנדלען ווי זיי ווילען און

אַז די גוואַרדיע איז אויפגעלייזט. זיי האָבען דאַן אַראָפּגענומען די קאָקאַרדעס אָדער אַנדערע אויסערליכע סימנים פון דער גוואַרדיע־מיטגלידערשאַפט. זיי האָבען אָבער דערקלערט, ווען מען האָט זיי געפרעגט, אַז זיי ווילען זיך ניט באַטייליגען אין אויפשטאַנד. שענקמאַן איז דערנאָך מיט'ן פּאַראָל געקומען צו דעם רעוואָלוציאָנערען קאָמיטעט און דאַן צום גענעראַל־שטאַב. זייענדיג איבערציינט, אַז די באָלשעוויסטישע אונטערנעמונג געהט ניט ריכטיג אָן, און אַז דער אויפשטאַנד וועט, לויט זיינע ווערטער, זיין אַ דורכפאַל, האָט ער געהאַט אַן אונטעררעדונג מיט די פּראַנטוואָרטליכסטע באָלשעוויקעס און זיי ווידער אויפגעוויזען די צייט־אומגינסטיגקייט פון אויפשטאַנד. די לעצטע האָבען אים אָבער דערקלערט, אַז דער אויפשטאַנד איז אָפּגעלייגט געוואָרען פון זייגער צוועלף ביינאַכט אויף זייגער זעקס באַגינען און אים אויך געזאָגט, אַז זיי ווילען זעהן, אַז ער זאָל אויך ווייטער אָפּגעלייגט ווערען ביז צו אַ גינסטיגערען מאָמענט. ווען שענקמאַן איז נאָך דעם געשפּרעך צוריקגעקומען צום צענטראַל־ביוראָ, האָט אים דער קאָמיסאַר, וואָס איז דאָרט געהאַט פאַרבליבען, געזאָגט, אַז מ'האָט אים דורכ'ן טעלעפאָן געמעלדעט, אַז דער אויפשטאַנד איז אָפּגעלייגט געוואָרען. שענקמאַן איז דאַן אַרוים איבער דער שטאָט צו זעהן, אַז די מיטגלידער פון דער וואַך־גוואַרדיע זאָלען זיין אויף זייערע ערטער. און ווען ער איז ווידער צוריקגעקומען אין צענטראַל־ביוראָ, האָט אים דער זעלבער קאָמיסאַר געזאָגט, אַז אַן ענדערונג איז ווידער געמאַכט געוואָרען אויף זייגער זעקס באַגינען; דער סיגנאַל דערצו דאַרף געגעבען ווערען דורך שיסעריי.

אַ פערטעל צו זיבען אין דער פרי האָט מען ווירקליך געהערט דעם אָנגעגעבענעם סיגנאַל, און דער אויפשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבען. די באָלשעוויקעס האָבען צוערשט פאַרכאַפּט דעם פּאָסט און טעלעגראַף־ביוראָ און אַרעסטירט דעם קאָמאַנדאַנט קיווערטשוק, באַטראַכטענדיג אים, ניט מיט אומרעכט, אַלס אַ געפערליכען שוואַרץ־מאה'ניק און פּאָגראָמשטשיק. אין איינעם פון די פליגעל פון טראַכטענבערגס הויז אויף אַלעקסאַנדראָווסקאַיאַ גאַס, אין רעכטען מיטען פון שטאָט, האָבען די סאָוויעטיסטען געעפענט דעם הויפּטקוואַרטיר, אַ טייל פון זיי איז געגאַנגען צו דער קאַזאַרמע פון 15־טען בעלאָגאָראָדער און פון 8־טען פּאָדאָליער רע־

גימענט. זיי האָבען אויפגעוועקט די שלאָפענדיגע סאָלדאַטען, זאָ־
גענדיג זיי, אַז דער אויפשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבען און אַז אַ
באָלשעוויסטישע רעגירונג האַלט ביים איינגעשטעלט ווערען. זיי
האָבען פאַרגעשלאָגען די סאָלדאַטען אַרויסצומאַרשירען געגען פעט־
ליוראַס טרופּען, וועלכע זיינען געווען קאָנצענטרירט אין וואַגאָנען
ביים וואָקזאַל. ווען די סאָלדאַטען האָבען אָנגעוויזען, אַז זיי האָבען
ניט קיין מאַשין־ביקסען, האָט מען זיי געזאָגט, אַז די פּויערים
האָבען דאָס און אַז זיי דערנענטערען זיך שוין צו דער שטאָט, אום
זיך צו באַטייליגען אין אויפשטאַנד. דאַן האָבען די באָלשעוויס־
טיש־געניייגטע סאָלדאַטען אַרעסטירט די אָפיצירען, ווי אויך די
סאָלדאַטען, וואָס זיינען געווען געגען אויפשטאַנד. זיי האָבען
פאַרנומען דעם רעגימענטס וואַפען און אַוועק צום וואָקזאַל. דאָרט
האָבען זיי גענומען שיסען אויף די וואַגאָנען, אין וועלכע עס זיינען
געווען היידאַמאַקעס און אַנדערע קאָזאַקען. אָבער ווען די לעצטע
זיינען פון די וואַגאָנען אַרויס און די אָנגרייפענדע סאָלדאַטען
האָבען דערזעהן זייער גרויסע צאָל, האָבען זיי זיך צוריקגעצויגען
צו זייערע קאַזאַרמעס. די קאָזאַקען האָבען זיי נאָכגעפאָלגט און
אָנגעהויבען שיסען אויף די קאַזאַרמעס. דאַן האָבען זיך די אַנט־
לאָפענע צוריקגעצויגען צו פעלשטין און יאַרמאָלינטציי, וואוהין
אַ טייל פון זיי זיינען פריער געשיקט געוואָרען, כדי צו אַגיטירען
פאַר אַ באָלשעוויסטישען אויפשטאַנד. נאָכדעם זיינען זיי פאַר־
שוואונדען אין פאַרשידענע פלעצער און זיך אַזוי אַרום אַרויס־
געדרייט.

נאָכ'ן צוריקטריט פון די סאָלדאַטען איז קלאָר געווען, אַז
דער אויפשטאַנד איז דורכגעפאַלען. די שיסעריי, וואָס איז פאָר־
געקומען באַגינען, האָט אויפגעוועקט די ראַט־מענער און זיי האָ־
בען זיך אָנגעהויבען צונויפקומען אין ראַט־הויז. עטליכע מאָל
זיינען דער בירגערמייסטער און דער פרעזידענט פון שטאָט־ראַט
געגאַנגען צום קאָמענדאַנטס הויפטקוואַרטיר, אָבער קיין אינפאָר־
מאַציע איז זיי דאָרט ניט געגעבען געוואָרען. ענדליך האָבען זיי
געזעהן קיווערטשוקען צופאָרען צום הויפטקוואַרטיר און זיך דער־
וואוסט פון אים, אַז ער איז געווען אַרעסטירט. ווען מען האָט אים
געפרעגט, ווער ס'האָט אים אַרעסטירט, האָט ער געענטפערט: „די
אידען, די מיטגלידער פון דער וואַך־גוואַרדיע." ער האָט אויך צו־

געליינט, אַז זיין דרענשטשיק איז צו זיי צוגעטראָטען און אַז ער האָט אים דערשאָסען מיט די אייגענע הענט.

## סוף פון באָלשעוויסטישען אויפשטאנד

דער עדות מאראניץ (זייט 17־32) גיט איבער, אַז ער איז שבת פרימאָרגען, געקליידט ווי א סאָלדאט, אראָפּגעקומען אין דער אלעקסאנדראָווסקאיא גאס צו טראכטענבערגס הויז — דער באָל־שעוויסטישער הויפּט־קוואַרטיר. ער האָט דאָס דעמאָלט ניט גע־וואוסט. ער האָט באמערקט פיל ארבייטער ארום הויז אין סאָל־דאטסקע קליידער. איינער פון זיי האָט אים געבעטען, אַז ער זאָל אריין אין זייערע רייען. ער איז דאַן אריבער אויף יענער זייט טראָטואר. דעמאָלט האָט ער געזעהן, אַז דעם קאָמאנדאנט קי־ווערטשוקס הונדערט קאָזאקען מיט זיין געהילף נאָוויצקי בראש פאָרען רייטענדיג פון וואָקזאל צו טראכטענבערגס הויז. ער האָט זיך דאַן געווענדט צו א רוסישען ארבייטער, א באקאנטען זיינעם, וואָס איז דאָרט געשטאנען, און אים געפרעגט וואָס נאָוויצקיס ער־שיינען באדייט. ער האָט אָבער קיין צייט ניט געהאט צו ענדיגען זיין ענטפער, אַז „נאָוויצקי איז מיט אונז, בראש פון אויפשטאנד", און דער זעלבער נאָוויצקי האָט הויך אויסגעשריען צו די קאָזאקען: „לאָדט אָן אייערע ביקסען." באלד האָט מען געהערט א מעכטיגען הונדערטפאכיגען שאָס. ווי מ'האָט נאכהער אויסגעפונען, האָט דאָס גע'הרג'עט א יונגע פרוי, טראכטענבערגס טאָכטער, וואָס איז געווען די אייגענטימערין פון הויז און וועלכע איז געווען אין איר צימער. די באָלשעוויקעס ארום דעם הויז זיינען אנטלאָפען און פון אויפשטאנד איז באשטימט געוואָרען א סוף. מ'האָט נאָך ווייטער געשאָסען אין אנדערע טיילען פון שטאָט, אָבער, ווי ס'זעהט אויס, מיט אומשעדליכע קוילען. די הייראמאקעס זיינען ווידער קאָנצענטרירט געוואָרען ביים וואָקזאל. ערעסטען זיינען פאָרגע־קומען אין שטאָט, ווערענד אין דער זעלבער צייט האָט מען געגרייט טישען פאר די האידאמאקעס אין וואָקזאל. דער אטאמאן סעמאָ־סענקאָ, דאָס מאָל אין פולער איינשטימונג מיט קיווערטשוקען, האָט איבערגענומען די פליכטען פון גארניזאָן־קאָמאנדאנט. ער האָט עס געפייערט מיט א רייכען באנקעט פאר די האידאמאקעס און האָט נאָכ'ן מאָלצייט געהייסען סערווירען וואָדקאַ און קאָניאַק.

ביים שלום פון דער שמחה האָט ער געהאַלטען אַ רעדע פאַר די האַידאַמאַקעס, אין וועלכער ער האָט געשילדערט די ערנסטע לאַגע פון אוקראַינע און די העלדישקייט, וואָס זיי האָבען אַרויסגעוויזען אויף די שלאַכטפעלדער, און צולעצט צוגעגעבען, אַז די גרעסטע שונאים פונ'ם אוקראַינישען פאָלק און פון די קאָזאַקען זיינען די אידען, וועמען מ'דאַרף פאַרניכטען, אום זיך אַליין און אוקראַינע צו ראַטעווען. ער האָט פון די קאָזאַקען פאַרלאַנגט אַ שבועה, אַז זיי וועלען דערפילען זייער הייליגע פליכט צו פאַרניכטען די אידישע באַפעלקערונג; צו דער זעלבער צייט אָבער האָט ער זיי אויך אויפגעפאָדערט צו שווערען, אַז זיי וועלען ניט ראַבירען דאָס אידישע אייגענטום. די קאָזאַקען האָבען דערנאָך געשוואוירען, אַז זיי וועלען זיך ניט באַגעהן אַלס רויבער. ווען אַן אונטער־אָפיציר האָט פאָרגעשלאָגען, אַנשטאַט אַ שחיטה, אַרויפצולייגען אַ קאָנטריבוציע אויף די אָרטיגע אידען, האָט אים סעמאָסענקאָ געדראָט צו דערשיסען. עס האָט זיך אויך געפונען איין קאַפּיטאַן, וואָס האָט דערקלערט, אַז ער וועט ניט לאָזען זיינע סאָלדאַטען דערמאָרדען אומבאַוואָפענטע מענשען. דער קאַפּיטאַן, וועלכער איז געווען אַ חשוב ביי דער פּעטליורא־רעגירונג, איז מיט זיין קאָמפּאַניע סאָלדאַטען אַוועקגעשיקט געוואָרען פון שטאָט. די אַנ־דערע קאָזאַקען האָבען זיך אויסגעשטעלט אין אַ ליניע צו מאַר־שירען, מיט מוזיק פון פאָרענט און אַ סאַניטאַרישען קאָרפּוס פון הינטען, און אַריינגעמאַרשירט אין שטאָט אַריין דורך אַלעקסאַנ־דראָווסקאַיאַ גאַס, וואו זיי האָבען זיך צעטיילט אויף פאַרשידענע גרופּען און זיך פאַרשפּרייט איבער די זייטיגע גאַסען, וואָס זיינען געדיכט באַפעלקערט פון אידען. (זעה דאָס עדות־זאָגען פון באַ־לינער, באַנד 2, זייט 14).

## די שחיטה

דאָס רוב אידען האָבען כמעט ניט געהערט פון דעם באָלשע־וויסטישען אויפשטאַנד, וואָס איז פאָרגעקומען. צוגעוואוינט זינט אַ צייט צו אַלע שיסערייען, האָבען זיי ווייניג אויפמערקזאַמקייט געשאָנקען דער שיסעריי פון יענעם פרימאָרגען. עס איז געווען שבת און די פרומע אידען זיינען פרי געגאַנגען אין שול אַריין, וואו זיי האָבען געדאַוונט און דערנאָך צוריקקומענדיג אַהיים זיך גע־

זעצט צום טיש. א סך פון זיי האָבען, לויט דעם געוויינטליכען מנהג, זיך צוגעלייגט נאָכ'ן שבת'דיגען מיטאָג.

די קאָזאַקען האָבען זיך צעשפּרייט איבער די אידישע גאַסען אין גרופּען פון צו פינף ביז פופצען מענשען. זיי זיינען קאַלט און רוהיג אריין אין די אידישע הייזער, ארויסגענומען די שווערדען און גענומען מאָרדען און שניידען אַלעמען, ניט קימערענדיג זיך וועגען עלטער אָדער געשלעכט. זיי האָבען גע'הרג'עט זקנים, פרויען, און אפילו זויג־קינדער. זיי האָבען זיי ניט בלויז צו־שניטען מיט די שווערדען, נאָר האָבען זיי אויך דורכגעלעכערט מיט זייערע באַיאָנעטען. געשאָסען האָבען זיי נאָר, ווען עמיצען איז געלונגען זיך ארויסצורייסען אין גאַס. דאַן זיינען די קוילען געפלויגען איינס נאָכ'ס אנדערע. ווען די נייעס פון דער שחיטה האָט זיך פאַרשפּרייט צווישען די אידען, האָבען זיי זיך גענומען באַהאַלטען אין די דאַך־שטיבלעך און קעלערס; דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפען: די קאָזאַקען האָבען זיי פון די מאַנסאַרדען ארויס־געשלעפּט. אין די קעלערס האָבען זיי אריינגעוואָרפען האַנט־גראַנאַטען.

שענקמאַנס עדות־זאָגען טיילט מיט, אז די קאָזאַקען האָבען זיין יונגערען ברודער דער'הרג'עט אויף דער גאַס נעבען הויז און דאַן זיינען זיי אריין אין שטוב און געשפּאָלטען דעם קאָפּ זיין מאַמען. די אנדערע מיטגלידער פון דער משפּחה זיינען געלעגען אונטער די בעטען; אָבער ווען זיין קליין ברודערל האָט דער־זעהן זיין דערמאָרדעטע מאַמע, איז ער ארויסגעקראָכען פון אונ־טער'ן בעט צו קושען איר טויטען קערפּער. די קאָזאַקען האָבען אים גלייך דערשאָסען. דאַן האָט עס דער אַלטער פאָטער מער ניט געקאָנט אויסהאַלטען און איז אויך ארויסגעקראָכען: א קאָ־זאַק האָט אים דערשאָסען מיט צוויי קוילען. זיי זיינען צו צו די בעטען און גענומען שטעכען די, וואָס זיינען געלעגען אונטער זיי. ער אַליין איז דורך א גליקליכען צופאַל ניט באַשעדיגט געוואָרען.

פון דעם עדות־זאָגען פון ה' מאַראַניץ דערגעהט מען, אז פופ־צען מענשען זיינען דער'הרג'עט און פיר ערנסט פאַרוואונדעט גע־וואָרען אין הויז פון זיין פריינד אויערבאַך. ווען ער האָט זיך געווענדעט צו די קריסטליכע שכנים צו העלפען פאַרבינדען די וואונ־

דען, האָט בלויז איין קריסטליכע פרוי איינגעוויליגט דאָס צו טאָן; די אנדערע האָבען זיך דערפון אנטזאגט.

דער עדות גרינפעלד (באנד 1, זייט 29) זאָגט, אַז פון פענסטער פון זיין וואוינונג האָט ער געזעהן אַ באנדע פון 20 הײדאַמאקעס זיך אָפּשטעלען אנטקעגען ביי כאסעלעווס הויז; פיר פון זיי זיינען אװעק און אריין אין שיפּמאַנס הויז, וואו זיי זיינען פאַרבליבען אַ קורצע צייט, און ארויסקומענדיג האָבען זיי אָנגעהויבען צו רייניגען זייערע בלוטיגע שווערדען אין ווייסען שניי. ס'האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז אין יענעם הויז זיינען אכט מענשען דערהרג'עט געוואָרען. אַן אנדערער טייל פון דער באנדע איז אריין אין דער קרעטשמע „פראַנקרייך" — די צווייטע טיר. פון דאָרט איז ארויס דער אייגענטימער, וועמען די האַדאַמאַקעס זיינען נאָכגעלאָפען און נאָך זיי דעם אלטען מאַנס קינדער, וואָס האָבען געבעטען רחמנות.

דער עדות שפּיגעל (באנד 1, זייט 76) דערציילט, אַז ער און זיין ברודער זיינען געװען צו באזוך ביי דער פאַמיליע פאטעכא, ווען זיי האָבען געהערט, אַז אַ שחיטה קומט פאָר אין שטאָט. אומרוהיג איבער זיין אַלטער מוטערס זיכערקייט, איז ער אהיימגעגאנגען און דורך זייטיגע גאַסען האָט ער די אלטע פרוי געפירט צום הויז פון פוילישע באַקאַנטע. די פּאָליאַקען האָבען זיי אָבער בשום אופן ניט געוואָלט אריינלאָזען, טענה'נדיג, אַז זיי האָבען אליין מורא פאַר זייער אייגענעם שיקזאַל. ווען ער איז צוריקגעקומען צו דער משפחה פאטעכא, האָבען אים קריסטען (אַזוי־גערופענע מעשטשאַנעס), וואָס זיינען געשטאַנען ארום הויז, געוואָרענט ניט אריינצוגעהן, ווייל אַ שחיטה קומט פאָר אינווייניג. אָבער מורא האָבענדיג פאַר'ן ברודערס לעבען, איז ער דאָך אריינגעגאַנגען און געפונען די גאַנצע פאַמיליע פאטעכא אויסגעקוילעט און מיט זיי אויך זיין ברודער און אַלע אנדערע אין הויז. די אלטע מאַמע איז אַזוי צושניטען געוואָרען, אַז מ'האָט זי קוים דערקאָנט. נעבען איר קערפּער איז געלעגען דער קערפּער פון איר זון, באַרבעריש צושניטען פון שווערדען און דורכגעלעכערט פון באַיאָנעטען. אויף דעם זעלבען אופן איז די עלטסטע טאָכטער דער'הרג'עט געוואָרען. די יונגסטע טאָכטער איז אויך גע'הרג'עט געוואָרען און די מיטעלסטע איז געלעגען אויפ'ן דיל שרעקליך פאַרוואונדעט. אַ פרוי,

א קרובה, וואָס איז דאָרט געווען צו באַזוך, איז אויך שטאַרק פאַרוואונדעט געוואָרען. אין הויף זיינען געווען די צוויי ברידער ברעסלער און זייער אַלטע מאַמע. זיין ברודער איז געווען שווער פאַרוואונדעט; ער האָט אָבער נאָך געאָטעמט און איז געשטאָרבען אין זיינע אָרעמס. אויס נייגעריגקייט זיינען די קריסטליכע שכנים אריינגעקומען. איך האָב זיי געבעטען מיר צו העלפען אריינצו־לייגען די פאַרוואונדעטע אין בעט. זיי האָבען זיך אָבער אָפּגעזאָגט. נאָר איין שכן, מיט'ן נאָמען סיקאַרא, האָט מיר אַביסעל געהאָלפען. צוויי פון די פאַרוואונדעטע זיינען געשטאָרבען. די איבעריגע זיינען אויפגעקומען; זיי זיינען אָבער געבליבען קאַליקעס."

אין וואָלפזופּס הויז (באַנד 2, זייט 16) איז די גאַנצע פאַ־מיליע דער'הרג'עט געוואָרען, חוץ אַ יונגע פרוי, וואָס איז געבליבען לעבעדיג מיט 28 וואונדען. די מערדער זיינען געקומען מיט מאַ־שין־ביקסען און סאַניטאַריער. ביים באַפעל „האַלט!" האָבען זיך אַ טייל אויסגעשטעלט אין אַ קאָרדאָן און אַ טייל האָבען גע־נומען שאַרפען די וואַפען. דאָן איז די קאָמאַנדע געגעבען גע־וואָרען „צו דער אַרבייט" און די קאָזאַקען האָבען זיך צעשפּרייט אין די אַרומיגע הייזער און זיך גענומען צום הרג'ענען. אין זעמעלמאַנס הויז זיינען 21 דער'הרג'עט און צוויי פאַרוואונדעט געוואָרען. די היידאַמאַקעס זיינען געקומען צום הויז אין מילי־טערישער אָרדענונג מיט צוויי מאַשין־ביקסען. עס איז מיט זיי געווען אַ באַרמהערציגע שוועסטער און אַ מאַן מיט אַ רויטען־קרייץ־באַנד, וועלכער האָט זיך ארויסגעוויזען צו זיין סקאַרניק, דער פירער פון די סאַניטאַריער. אין הויז פון בלעכמאַנען זיינען זעקס דערמאָרדעט געוואָרען — איינער פון אַ קלאַפּ אין קאָפּ אריין, וואָס האָט אים צעבראָכען דעם שאַרבען אויף צווייטען. אַ מיידעל איז פאַרוואונדעט געוואָרען אין דער הינטערשטער טייל פון קערפּער און די אָנגרייפער האָבען איר דערצו אויפגעהויבען דאָס קלייד. צו קאָרטשאַקס הויז (זייט 9, באַנד 2) זיינען צוערשט אָנגעקומען אַכט מענער, וואָס האָבען צעבראָכען די פענסטער אויף שטיקער. פינף זיינען אריין אין הויז און דריי זיינען געבליבען אין דרויסען. די, וואָס זיינען אריין, האָבען אָנגעכאַפּט דעם אַלטען קאָרטשאַק ביי דער באָרד, אים צוגעשלעפּט צום פענסטער, פון וואַנען זיי האָבען אים אַרויסגעוואָרפען צו די, וואָס זיינען געשטאַנען אין

גאַס. די דאָזיגע האָבען אים דער'הרג'עט. די מענער אינוויינינג האָבען געה'רג'עט די אַלטע מאַמע און צוויי טעכטער. אַ יונגע פרוי, אַ גאַסט, האָבען זיי ביי די האָר אַריינגעשלעפּט אין אַ צווייט צימער און דאָרט זי אַרויסגעוואָרפען דורכ'ן פענסטער אויף דער גאַס איז זי דערמאָרדעט געוואָרען. דאַן זיינען זיי ווידער אַריין אין שטוב און ערנסט פאַרוואונדעט עטליכע מאָל אַ 13־יעריג אינגעל, וועלכער איז דערנאָך אין גאַנצען געוואָרען טויב. ניין וואונדען האָבען זיי געמאַכט אין בויך און זייט פון עלטסטען ברודער, אים אַרויפגעלייגט אויפ'ן טויטען קערפּער פון זיין מאַמען, אים געמאַכט נאָך צוויי וואונדען און אויסגעשריען: „נו, איצט האָבען מיר פון זיי אַ סוף געמאַכט."

אין זאַזולעס הויז האָבען זיי דער'הרג'עט אַ טאָכטער נאָך דעם ווי זיי האָבען זי אַ לאַנגע צייט געפּייניגט. אַ אינגעל אין הויז איז שטאַרק פאַרוואונדעט געוואָרען און זיך געמאַכט טויט. די מאַמע האָט די מערדער אָנגעבעטען געלט, אָבער זיי האָבען גע־ענטפערט: „מיר זיינען געקומען בלויז נאָך אייערע לעבענס."

דער עדות גלוסמאַן (באַנד 2, זייט 17) גיט איבער, אז ער איז געווען אין גאַס שבת דעם 15־טען פעברואַר, אָבער אז די מיליץ האָט אים געראַטען אהיימצוגעהן. אָנקומענדיג אהיים האָט ער געפונען 16 שכנים אין שטוב. פון פענסטער האָבען זיי גע־זעהן אַ גרויסע גרופּע היידאַמאַקעס, באַוואָפענט פון קאָפּ ביז די פיס, צוקומענדיג אין פאָלקאָמענער אָרדענונג צום הויז. גלוסמאַן האָט געפּרואווט צורעדען זיין ווייב און טאָכטער, זיי זאָלען זיך באַהאַלטען, מורא האָבענדיג פאַר זייער ערע. זיי האָבען דאָס אָבער ניט געוואָלט טאָן אָן אים. די היידאַמאַקעס האָבען זיי אַלע אַריינגעטריבען אין הויף און דאַן איז איינער צוגעגאַנגען צום טויער און אויסגעשריען צו די, וואָס זיינען אויף יענער זייט פאַר־בליבען: „קומט אהער; פאַראַן דאָ אַ מעננע אידען." די היי־דאַמאַקעס האָבען זיי אַלע באַלד אַרומגערינגעלט. גלוסמאַן מיט זיין פאַמיליע זיינען גראָד געשטאַנען נעבען דער טיר, וואָס פירט צום הויז־קעלער. ער האָט געקראָגען צוויי קלעפּ פון אַ באַיאָנעט; דאָס האָט אים געראַטעוועט, מחמת ער איז אַריינגעפאַלען אין קעלער. זיין פרוי, וואָס איז געשטאַנען העכער אַביסעל, איז דער'־הרג'עט געוואָרען. ער האָט אויך געזעהן ווי אַ יונגער מאַן, אַ פאַר־

וואונדעטער, האָט געבעטען מ'זאָל אים שיסען. א היידאמאַק האָט אויף אים צוויי מאָל געשאָסען. אַן אַנדערער האָט זיך דאַן אָפּגערופען: „פּאַרוואָס שיסטו? האָט ניט דער אַטאַמאַן גע־הייסען, מען זאָל זיי צושניידען, אָבער ניט דערשיסען?" דער אַנדערער האָט געענטפערט: „איך וויים עס, אָבער וואָס קאָן איך טאָן? ער בעט זיך אליין."

די שחיטה האָט געדויערט פון צוויי ביז פינף פאַרנאַכט. זי וואָלט אפשר געווען געדויערט ביז שפּעט אין דער נאַכט; אָבער דער קאָמיסאַר טאַראַנאָוויטש, וועלכער האָט געוואוסט פון סעמאָ־סענקאָס און קיווערטשוקס פּלענער, האָט אויפגעשוידערט פון דעם בלוטיגען קאַרניוואַל, וואָס מ'האָט אין שטאָט געמאַכט. ער איז אוועקגעפלויגען צום אַטאַמאַן און אים דרינגענד געבעטען, ער זאָל אָפּשטעלען די שחיטה. סעמאָסענקאָ האָט זיך אָבער ניט צוגע־הערט צו זיינע רייד. טאַראַנאָוויטש איז אוועק צום טעלעגראַף־ביוראָ און טעלעגראַפירט צום הויפּט פון דער גובערניע, קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, דערוואוסט, וואו קאָנאָוואַלאָוו, דער קאָמאַנדאַנט פון פראָנט, געפינט זיך און ער האָט אים אויך טעלעגראַפירט וועגען דער שרעקליכער געשעהעניש. קאָנאָוואַלאָוו האָט גלייך טעלעגראַפירט סעמאָסענקאָן א באַפעל, אַז ער זאָל שוין אָפּשטעלען די שחיטה. טאַראַנאָוויטש האָט דעם באַפעל געבראַכט צום אַטאַמאַן, וועלכער האָט דאַן געזאָגט: „גוט, פאַר היינט האָבען מיר געהאַט גענוג אויסשעכטונג." מ'האָט די האַידאַמאַקעס מודיע געווען אָפּצו־שטעלען די „אַרבייט" מיט'ן בלאָזען פון א האָרן. די האַידאַמאַקעס האָבען זיך דאַן גענומען פאַרזאַמלען אויף א פריער־באַשטימטען פּלאַץ און פון דאָרט, אין מיליטערישער אָרדענונג, זיינען זיי אוועק, זינגענדיג, צו זייער לאַגער ביים וואָקזאַל. די פאַקטען וועגען דעם, וואָס קאָמיסאַר טאַראַנאָוויטש האָט געטאָן, זיינען איבערגע־געבען געוואָרען פון דעם עדות ווערכאָלאַ (זייט 45־65) און זיינען באַשטעטיגט געוואָרען דורך דער אונטערזוכונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרען פון דער באָלשעוויסטישער רעגירונג בנוגע טאַראַנאָווי־טשעס האַנדלונגען. איך האָב אַליין געזעהן דעם מאַטעריאַל פון אָט דער אונטערזוכונג.

מיר מוזען זיין גערעכט צו די האַידאַמאַקעס: זיי האָבען

ערליך געהאַלטען זייער שבועה. זיי האָבען געשאָכטען אָן רחמנות; זיי האָבען אָבער ניט געראַבעוועט. אין אַ טייל הייזער האָט מען זיי אָנגעבאָטען געלט; זיי האָבען עס אָבער צעריסען אויף שטיקלעך. אויב עס זיינען געווען איינצעלנע פאַלען פון רויבעריי, זיינען זיי געווען אויסנאַמען. בעת דער שחיטה זיינען אָבער צו די האַידאַמאַקעס צוגעטראָטען אַנדערע קאָזאַקען — מייסטענס פון קיעווערטשוקס הונדערט, און אויך מיליץ־לייט. די דאָזיגע, ניט זייענדיג צוגעבונדען צו קיין שבועה, האָבען ניט נאָר געקוילעט, נאָר אויך גערויבט. דאָס רוב רויבערייען זיינען אָבער פאָרגעקומען ביי נאַכט נאָך דער שחיטה. דאָס זיינען ניט געווען קיין רויבערייען אין שטרענגען זין פון וואָרט, נאָר אַזוי צו זאָגען, אַ מין צולאַטכענען פון די זאַכען, וועלכע זיינען ווי געבליבען אָן אייגענטימער אַלס רעזולטאַט פון דער מאַסען־אויסשלאַכטונג פון גאַנצע פאַמיליעס. אין דעם גנב'ענען פון דעם אייגענטום האָבען אַן אַקטיווען טייל גענומען די פאַרברעכער, וואָס זיינען, אויף קיעווערטשוקס באַפעל, באַפרייט געוואָרען פון די טורמעס. קיווערטשוקס באַפעל איז געגעבען געוואָרען מיט דער אבזיכט צו באַשולדיגען אין דעם געשעהענעם די פאַרברעכער, אויב דאָס וועט נייטיג זיין. דורך זיינע באַפעלען זיינען אויך די מיליץ־לייט אַנטוואָפּענט געוואָרען און נאָר די, וואָס זיינען געשטאַנען אויף זיין זייט, זיינען געבליבען מיט געווער.

דורך דער איראָניע פון שיקזאַל האָבען די האַלב־באַלויכטענע פענסטער קלאָר אָנגעדייט, אַז די מענשען אין די הייזער זיינען אויסגעהרג'עט געוואָרען. די שחיטה איז פאָרגעקומען אין אַ שבת און שבת־צו־נאַכט האָט זיך די עלעקטריציטעט פון זיך אַליין אָנגעצונדען. באַזונדערס אין די אָרטאָדאָקסישע הייזער, וואו מ'דרייט ניט אויס די ליכט אין שבת. שבת פרימאָרגען פאַרלעשט זי זיך אַליין, מחמת דער עלעקטרישער שטראָם ווערט, ווי יעדען טאָג, אָפּגעשטעלט, און אין אָוונט, אַזוי ווי זי איז ניט פאַרדרייט געווען, צינדט זי זיך אָן אַליין. דאָס איז געווען דער פאַל יענעם שבת. די עלעקטרישע באַלייכטונג האָט העל געברענט. די רויבער זיינען געגאַנגען נאָך דער ליכט. עס זיינען נאַטירליך אויך געווען צופאַלען, וואו זיי זיינען אַריין אין קריסטליכע הייזער. דאָס דערקלערט די איינצעלנע אַטאַקעס, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אויף

קריסטליכע הייזער, וועגען וועלכע די עדות ווערכאָלא און דר. סטאווינסקי האָבען גערעדט אין זייערע דערקלערונגען. (זייט 70-75).

די עדות ווערכאָלא און דר. סטאווינסקי, פּרעזידענט פון דער שטאָטישער פאַרוואַלטונג, האָבען דערקלערט, אַז זיי האָבען ניט געהערט פון דער שחיטה ביז שפּעט אין אָוונט. זיי זיינען דורכ־געגאַנגען די שטאָט צו פוס און געזעהן אַ סך טויטע קערפּערס. זיי זיינען אויך אריינגעגאַנגען אין באַלויכטענע הייזער, וואו דער־מאָרדעטע מענשען זיינען געלעגען אויפ'ן דיל. וועלענדיג איינאָר־דענען אַ פּלאַץ וואו אויפצופּאַסען אויף די פאַרוואונדעטע, זיינען זיי געגאַנגען צו עטליכע אַפּטייקען; דאָרט אָבער האָבען זיי גע־פונען דעם פריער־דערמאָנטען דר. סקאָרניק, וועלכער האָט פּשוט רעקווירירט דעם באַנדאַזש־מאַטעריאַל פאַר'ן געברויך פון די קאָ־זאַקען, אָנגעבענדיג, אַז ס'איז פאַראַן פיל פאַרוואונדעטע צווישען זיי, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרען פון פראָנט. נאָך אַן אונטער־זוכונג האָט מען געפונען, אַז דאָס איז געווען אין גאַנצען פאַלש.

אָט דער דר. סקאָרניק מיט אַ באַרמהערציגער שוועסטער און צוויי סאַניטאַריער האָבען גענומען אַ שטאַרקען אָנטייל אין דער שחיטה. דר. סקאָרניק באַזונדערס האָט זיך אין דעם אויסגעצייי־כענט. ווען אַן אַנדערע באַרמהערציגע שוועסטער, באַליידיגט און פאַרלעצט פון זיין באַנעמונג, האָט צו אים אויסגעשריען: „וואָס טוט איר? איר טראָגט דאָך אַ רויטען־קרייץ־באַנד!" — האָט ער אַראָפּרייסענדיג די באַנד, זי צוגעוואָרפען צו איר און פאָרגעזעצט הרג'ענען.

דריי גימנאַזיום־סטודענטען, וואָס זיינען גענומען געוואָרען אין סאַניטאַרישען דינסט פון יעליסאַוועטגראַד פון די האַידאַמאַ־קעס, האָבען עדות געזאָגט, אַז סקאָרניק, בעת ער איז צוריקגע־קומען פון דער שחיטה אין זיין וואַגאָן, האָט ער זיך גערימט, אַז אין איין הויז האָבען זיי אָנגעטראָפען אַזאַ וואונדערשיין מיידעל, דאָס קיין איינער פון די האַידאַמאַקעס האָט זיך ניט געקענט באַ־שליסען זי צו הרג'ענען און אַז ער אַליין האָט זי מיט דער האַנט דערשטאָכען. לויט'ן עדות־זאָגען פון אַנדערע פּערזאָנען, איז טאַקע אַן אויסערגעוויינטליך שיינע יונגע פרוי געפונען געוואָרען אַ דער־שטאָכענע צווישען די מתים אויפ'ן בית־עולם. דר. סקאָרניקס

גאַנצער סאַניטאַרישער פּערזאָנאַל איז קראַנק געווען אויף טיפוס, ווען די פּעטליוראָווצעס האָבען עוואַקואירט די שטאָט, און פאַר־בלייבענדיג אין פּראָסקוראָוו איז ער אַריינגעפאַלען אין די הענט פון די סאָוויעט־טרופּען. אַן אונטערזוכונג איז געמאַכט געוואָרען פון די באָלעשוויקעס און די שולדיגע זיינען, צום פּראָצעס, אוועק־געשיקט געוואָרען קיין אָדעס. איך האָב אַליין געזעהן די איינ־צעלהייטען פון דער אונטערזוכונג און מוז דערקלערען, אַז ס'איז פולשטענדיג באַוויזען געוואָרען, אַז דר. סקאָרניק איז שולדיג געווען אין נעמען אַן אַקטיווען אנטייל אין דער שחיטה. עס איז, חוץ דעם, פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז ער איז געווען אַ מאָרפיניסט און אַז ער האָט אין אַלגעמיין אויף אַלעמען געמאַכט אַ מאָדנעם איינדרוק. (זעה דאָס עדות־זאָגען פון דר. סטאַווינסקי, זייט 89-90).

דעם צווייטען פרימאָרגען האָט מען נאָך דאָ און דאָרט גע־מאָרדעט אידען, — אין הויז און אויף דער גאַס. די אידען זיינען געבליבען באַהאַלטען און זעהר ווייניג פון זיי האָבען זיך דערוועגט צו געהן אין גאַס. דער עדות צאַצקיס גיט איבער (זייט 35-40), אַז ער איז זונטאָג אין פויערשע קליידער אַרוים אויף אַלעקסאַנ־דראָווסקאַיאַ גאַס און איז צוגעגאַנגען צו אַ גרופּע האַידאַמאַקעס, וואָס האָבען גערעדט מיט שטאָט־מענשען. ער האָט געהערט ווי די האַידאַמאַקעס זאָגען, אַז ביז זייגער צוויי ווע‌לען זיי הרג'ענען איינצעלנע אידען, נאָר אַז נאָך דער שטונדע וועלען זיי ווידער־האָלען די נעכטיגע אַלגעמיינע שחיטה.

דר. סטאַווינסקי איז, אַלס פּרעזידענט פון שטאָט־ראַט, גע־גאַנגען מיט'ן בירגערמייסטער און אַנדערע פּערזאָנען צום קאָמאַנ־דאַנטס קוואַרטיר און געבעטען, אַז די שחיטה זאָל אָפּגעשטעלט ווערען. דער עדות ווערכאָלאַ איז אויך דאָרט ערשינען און דאָס באַזונדערס פעסט פאַרלאַנגט. דאָרט אין הויפּטקוואַרטיר איז באַשלאָסען געוואָרען איינצובאַרופען דעם שטאָט־ראַט און סעמאָ־סענקאָ און קיווערטשוק האָבען צוגעזאָגט צו זיין אנוועזענד ביי דער זיצונג. ווען ווערכאָלאַ און סטאַווינסקי זיינען געגאַנגען צו דער זיצונג, האָבען זיי אויפ'ן וועג געזעהן איינצעלנע פאַלען פון אידישע דערמאָרדעטע און פאַרוואונדעטע. איין איד איז פאַר זייערע אויגען דערשאָסען געוואָרען, ביים ראַט־הויז.

זעהר ווייניג ראַט־מענער זיינען געקומען צו דער זיצונג און

בלויז איין איד, ראַיגראָדסקי; די אַנדערע אידען האָבען זיך געמוזט אומקערען, ווייל מ'האָט זיי אָנגעגריפען. (זעה דאָס עדות־זאָגען פון ה' מאראנץ). די זיצונג האָט זיך געעפענט גלייך נאָך סעמאָסענקאָס און קיווערטשוקס ערשיינען. דר. סטאווינסקי האָט די זיצונג געעפענט און אין אַ פּאָר ווערטער געשילדערט די לאַגע, וואָס שטעהט פאָר. סעמאָסענקאָ האָט דאַן גערעדט און דערקלערט, אַז וואָס עס איז געשעהן איז ארויסגערופען געוואָרען פון די אידען, וועלכע, זייענדיג איינס מיט די באָלשעוויקעס, האָבען קאָנספּירירט צו דערמאָרדען די האידאמאַקעס און די אַנדערע קאָזאַקען. דער־ביי האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט אויך אַזוי האַנדלען אין דער צו־קונפט, ווייל ער באַטראַכט דאָס אַלס זיין הייליגע פליכט. קיווער־טשוק האָט גערעדט אין דעם זעלבען זין.

דאַן האָט ווערכאָלאַ גערעדט. איך באַטראַכט פאַר נייטיג צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער פערזענליך וועגען ווערכאָלאַן. ווער־כאָלאַ שטאַמט פונ'ם פּראָסטען פּאָלק און איז געווען האַלב־גע־בילדעט. ער האָט געענדיגט אַ קונסט־שולע, איז געווען אַ לערער אין די פּאָלקס־שולען און האָט געהערט פּאָרלעזונגען אין אוני־ווערזיטעט. אין פּאָליטיק איז ער אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט און אַן אוקראַינישער נאַציאָנאַליסט. אונטער דער ערשטער ראַדע איז ער ערווייַלט געוואָרען צום שטאָט־ראַט און צו דער זעמסקער פאַרזאַמלונג. צוויי מאָל האָט ער דערפילט די פליכט פון קאָמי־סאַר אין דער שטאָט פּראָסקוראָוו. ווען די רעוואָלוציע צו גונ־סטען דעם העטמאַן האָט אויסגעבראָכען, האָט ער דעם העטמאַנס רעזשים באַטראַכט פאַר רעאַקציאָנער און גערעכענט, אַז ס'איז אים פערזענליך אוממעגליך פאָרצוזעצען זיין געזעלשאַפטליכע און אַד־מיניסטראַטיווע ארבייט. ער האָט רעזיגנירט פון זיינע אַמטען און זיך געלעבט אַלס פּריוואַטער בירגער. ווען די פּויערים־אויפ־שטאַנדען נעגען העטמאַן האָבען זיך אָנגעהויבען, האָבען אים די עסטרייכישע מאַכט־פּארטרעטער ארעסטירט און אים באַשולדיגט אין אָרגאַניזירען די אויפשטאַנדען. מ'האָט אים גענומען קיין טאַרנאָפּאָל, וואו ער איז אָפּגעלעגען צוויי חדשים אין טורמע. עס איז אים אָבער געלונגען צו אַנטלויפען בעת מען האָט אים געפירט אין געריכט אריין; די איבעריגע צייט איז ער געלעגען באַהאַלטען. ער איז ערשט צוריקגעקומען קיין פּראָסקוראָוו אין פעברואַר דעם

13־טען, צוויי טעג פאַר דער שחיטה. מ'האָט אים גלייך פאָרגע־שלאָגען, אַז ער זאָל צוריקציען זיין רעזיגנאַציע אַלס שטאָטישער ראַט־מאַן און ער האָט איינגעשטימט. ווען די שחיטה האָט זיך אָנגעהויבען, האָט זיך ווערכאָלא פיל מי געגעבען זי אָפּצושטעלען.

רעדענדיג נאָך סעמאָסענקאָן און קיווערטשוקען האָט ער גע־האַלטען א לאַנגע רעדע, אין וועלכער ער האָט דערקלערט, אַז די געשעהענישען אין פּראָסקוראָוו זיינען א שאַנד פאַר אוקראַינע. רעדענדיג וועגען די אמאָליגע דינסטען, וואָס די קאָזאַקען האָבען געלייסטעט, האָט ער געזאָגט, אַז סעמאָסענקאָ האָט דאָס מאָל אָנ־געטאָן באַנדיטען אין קאָזאַצקע קליידער און איז געוואָרען זייער אטאַמאַן. זיך אויסדרייענדיג צו סעמאָסענקאָן, האָט ער געזאָגט: „איר באַקעמפט די באָלשעוויקעס; אָבער זיינען דען די אַלטע־לייט און קינדער, וואָס די האַידאַמאַקעס האָבען געקוילעט, באָל־שעוויקעס? איר זאָגט, אַז די אידען שאַפען באָלשעוויקעס; אָבער ווייסט איר דען ניט, אַז עס זיינען פאַראַן באָלשעוויקעס צווישען אַנדערע פעלקער אויך און אפילו צווישען די אוקראַינער?" ער האָט אויפגעפאָדערט סעמאָסענקאָן צוליב אוקראַינעס ערע אָפּצו־שטעלען די שרעקענישען, וואָס קומען פאָר.

נאָך ווערכאָלאַן האָט ראַיגאָראָדסקי געזאָגט א פּאָר ווערטער אין נאָמען פון די אידען, וועלכע שטימען אַקוראַט מיט ווערכאָ־לאָס רעדע.

סעמאָסענקאָ האָט געענטפערט ווערכאָלאַן מיט די זעלבע ווערטער, וואָס ער האָט געבראַכט אין זיין פריערדיגער רעדע. ער האָט געזאָגט, אַז ער באַקעמפט ניט קיין אַלטע מענער, פרויען און קינדער, נאָר באָלשעוויקעס. קוקענדיג גלייך אויף ווערכאָלאַן, האָט ער געזאָגט, אַז ער צווייפעלט ניט, אַז עס געפינען זיך לײדער באָלשעוויקעס צווישען די אוקראַינער; אָבער ער וועט זיי אויך ניט שוינען — האָט ער באַטאָנט. ער האָט אויך צוגעגעבען, אַז ער וועט אַרויסגעבען א באַפעל, אַז די שחיטה זאָל אָפּגעשטעלט ווערען מיט דעם באַדינג, אַז די טויטע זאָלען גלייך באַערדיגט ווערען. ער האָט אויך געפונען פאַר נייטיג צו באַמערקען, אַז דער שטאָט־ראַט האָט געוואוסט פון דעם צוגעגרייטען באָלשעוויסטי־שען אויפשטאַנד און האָט אים דאָך דערפון ניט געוואָרענט. דר.

סטאווינסקי און די ראט־מענער האָבען אָפגעלייקענט די באשול־דיגונג.

ווערכאָלא האט ווידער גערעדט. ער האָט געדאנקט סעמאָ־סענקאָן פאר זיין גרייטקייט אָפצושטעלען די מערדערייען, אָבער ער האָט אויך פעסט געפאָדערט, אז א באפעל זאָל צוריקרופען די קאָזאקען, וואָס זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען קיין פעלשטין אום דאָרט אויסצוקוילען די אידען. אויף דעם האָט סעמאָסענקאָ גע־ענטפערט, אז אויך אין פעלשטין איז פאָרגעקומען א באָלשעוויס־טישער אויפשטאנד און אז דערפאר דארפען דאָרט די זעלבע מעשים באגאנגען ווערען. ענדליך אָבער, נאָך דרינגענדען בעטען, האָט ער איינגעשטימט צוריקצורופען די קאָזאקען, וואָס זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען.

ביי דער זעלבער זיצונג איז באשלאָסען געוואָרען, אין געגענ־ווארט פון סעמאָסענקאָן און קיווערטשוקען, אז די זיכערהייט פון שטאָט זאָל אָנפארטרויט ווערען דעם קאָרפּוס פון לופט־פליער, מיט וועמעס קאָמאנדאנט ווערכאָלא האָט פריער געהאט די געלעגענהייט צו רעדען. ווערכאָלא אליין איז באשטימט געוואָרען צו זיין דער אויפזעהער פון אָט דער גווארדיע. ניט פארלעריגדיג קיין צייט, האָט ער געשיקט די פאָלגענדע פּראָקלאמאציע, אָפּגעדרוקט צו ווערען ביי א דרוקעריי: „אויף דעם אטאמאנס באפעל און מיט זיין איינשטימונג, אויסגעדריקט ביי דער זיצונג פון שטאָט־ראט, ווערט די שחיטה פון דער פרידליכער באפעלקערונג געענדיגט. די קאָזאקען קריגען דעם באפעל צו פארלאָזען די שטאָט. דער שוץ פון דער שטאָט ווערט אָנפארטרויט דעם קאָרפּוס פון לופט־פליער און דער שטאָט־ראט גאראנטירט פאָלשטענדיגע זיכערקייט צו איינוואוינער. נאָרמאלע לעבענס־באדינגונגען זאָלען ווידער איינ־געשטעלט ווערען. א באפעל איז ארויסגעגעבען געוואָרען צו שיסען יעדען, וואָס וועט געכאפּט ווערען ראבעווענדיג, ווי אויך די קאָ־זאקען, וואָס וועלען זיך באווייזען אין שטאָט נאָך זייגער זעקס נאָכמיטאָג.“

ווען דער באפעל איז אויפגעזעצט געוואָרען, האָט ווערכאָלא געבראכט די קאָרעקטור צום קאָמאנדאנטס ביוראָ, אום צו קריגען די ערלויבניש עס צו לאָזען אויסקלעפּען איבער דער שטאָט. דאָרט

איז ער אַרעסטירט געוואָרען, ווייל סעמאָסענקאָ און קיווערטשוק האָבען אויסגעפונען, אַז ער האָט ניט געהאַט דאָס רעכט אַרויס־צולאָזען אַזאַ פּראָקלאַמאַציע, וועלכע איז אויך געשריבען געוואָרען אין אַ ניט־פּאַסענדער שפּראַך. אויף סעמאָסענקאָס באַפעל איז ווערכאָלאַ גענומען געוואָרען צום וואָקזאַל פאַר אַ פּראָצעס, וואָס דאָס האָט געוויס געמיינט דערשאָסען צו ווערען. אָבער דער ביר־גערמייסטער סיקאַרא און אַנדערע מיטגלידער פון דעם אוקראַאי־נישען נאַציאָנאַלען פאַרבאַנד, וואָס זיינען געקומען צום קאָמאַנ־דאַנט אום אויסצוגעפינען וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען, האָבען דעם אַטאַמאַן און קאָמאַנדאַנט דערקלערט, אַז אַזאַ באַהאַנדלונג פון ווערכאָלאַן וועט אַרויסרופען אַ גרויס נקמה־געפיל ביי פילע אוקראַינישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע קענען אים גוט. סעמאָסענ־קאָ האָט ענדליך געהייסען מאַכען אַן אונטערזוכונג וועגען ווער־כאָלאַן און ער איז גלייך באַפרייט געוואָרען.

אנשטאַט דער פּראָקלאַמאַציע, וואָס ווערכאָלאַ האָט בדעה גע־האַט אַרויסצוגעבען, האָט סעמאָסענקאָ אַרויסגעלאָזט אַ באַפעל, וואָס האָט דערקלערט פּראָסקוראָוו און דעם גאַנצען אויעזד אין קריגס־צושטאַנד און פאַרבאָטען וועלכע ס'איז באַוועגונג אין גאַס נאָך זייגער זיבען נאָכמיטאָג. אין דעם באַפעל שרייבט ער צווי־שען אַנדערעס דאָס פאָלגענדע: „איך וואָרען די באַפעלקערונג אָפּצושטעלען די אַנאַרכיסטישע רעוואָלטען, וואָרים איך האָב דאָס רעכט זיי אונטערצודריקען. איך צי דערויף די אויפמערקזאַמקייט פון די אידען באַזונדערס. איר זייט אַ פאָלק פאַרהאַסט פון אַלע פעלקער. און דאָך ווילט איר שאַפען אומאָרדענונג, צומישענישען צווישען די געטויפטע. ווילט איר באמת ניט לעבען? טוט אייך ניט באַנג פאַר אייער אייגען פאָלק? כל זמן קיינער טשעפּעט אייך ניט, זייט שטיל! אַזאַ צרה'דיג פאָלק און דאָך וויל עס שאַפען צרות און שטערונגען אין אָרימען פאָלק.“ ווייטער אין דעם זעלבען באַפעל פאַרלאַנגט סעמאָסענקאָ, אַז די קראָמען און גע־שעפטס־לאָקאַלען זאָלען גלייך געעפענט ווערען. ער באַפעלט אויך, אַז אין דריי טעג צייט זאָלען אַלע שילדען איבערזעצט ווערען אין אוקראַאיניש, „אַז איך זאָל מער ניט זעהן אַן איינציגע מאָסקווער שילד.“ די שילדען מוזען געשריבען ווערען אין אַ גוטען סטיל; דאָס אָנקלעפּען פון בוכשטאַבען איז שטרענג פאַרבאָטען. פער־

זאָגען, וואָס וועלען אין דעם שולדיג זיין, וועלען איבערגעגעבען ווערען צום קריגס־געריכט.

דעם זעלבען טאָג איז אַ צווייטע פּראָקלאַמאַציע ארויסגעגעבען געוואָרען, אין וועלכער סעמאָסענקאָ שרייבט, אַז „אין דער נאַכט פון 14־טען פעברואַר איז אַן אויפשטאַנד געמאַכט געוואָרען פון געוויסע אומבאַקאַנטע, אומערליכע און געוויסענלאָזע מענשען גע־גען דעם עקזיסטירענדען רעזשים. לויט די אינפאָרמאַציעס, וואָס מ'האָט געקראָגען, געהערען די מענשען צום אידישען פאָלק, און זיי האָבען געוואָלט איבערנעמען די מאַכט אין זייערע הענט, אום צו שטערען און צומישען די שטאַטס־אַנגעלעגענהייט און צו ברענ־גען אוקראַינע, וואָס האָט ביז איצט שוין אַזוי פיל געליטען, צו אַנאַרכיע און אומאָרדענונג. שטרענגע מאַסרעגעלען זיינען אָנגע־נומען געוואָרען צו אונטערדריקען דעם אויפשטאַנד. עס איז מעג־ליך, אַז צווישען די קרבנות זיינען אויך געווען אומשולדיגע מענ־שען, וואָרים אין יעדער זאַך קאָן מען דאָך מאַכען טעות'ן. זייער בלוט אָבער מוז, אַלס אַ קללה, פאַלען אויף די, וועלכע זיינען געווען פּראָוואָקאַטאָרס און אַוואַנטיוריסטען.“

דעם צווייטען טאָג איז נאָך אַ פּראָקלאַמאַציע ארויסגעגעבען געוואָרען, אין וועלכער דער אַטאַמאַן זאָגט, אַז דער טרויעריגער פאַקט, אַז דער אָרטיגער גאַרניזאָן האָט געשטיצט דעם באָלשע־וויסטישען אויפשטאַנד, איז פעסטגעשטעלט געוואָרען; אַז די סאָלדאַטען פון גאַרניזאָן זיינען אָפען אריבער אויף דער באָלשע־וויסטישער זייט. דערפאַר דערקלערט ער דעם 15־טען בעלגאָראַ־דער און 18־טען פּאָדאָליער רעגימענטען אַלס אויפגעלייזט. ער באַשטימט אויך אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל באַשטעהן פון פאַרטרעטער פון 3־טען היידאַמאַקען־רעגימענט און פון דער זאַפּאָראָזשסקער בריגאַדע, וואָס זאָלען ביי זיי צונעמען זייער אייגענטום און דאָ־קומענטען. (אַלע די פּראָקלאַמאַציעס זיינען פּאַרעפּענטליכט: זעה זייט 3).

פון וועדכאָלאָס עדות־זאָגען און פון די דערקלערונגען פון אַנ־דערע עדות, ווייזט עס זיך ארויס, אַז די מערדערייען זיינען פאַר־געזעצט געוואָרען אין לויף פון דריי טעג. אָבער נאָך דער זיצונג פון שטאָט־ראַט האָבען די מאַסען־מאָרדען אויפגעהערט. עס זיינען אָבער דאָך פאָרגעקומען זונטאָג ווי אויך מאָנטאָג פילע איינצעלנע

מאָרדפּאַלען אויף אידען — אין הויז און אין גאַס. שחיטות אויף אידען זיינען אויך פאָרגעקומען אין די אַרומיגע שטעטלעך, וואוהין די האַידאַמאַקעס האָבען אַריינגעדרונגען אויפ'ן אייגענעם חשבון אָדער אויף דער איינלאַדונג פון די פּויערים. די אידען זיינען זיך צעלאָפען אויף אַלע זייטען, זוכענדיג מיטלען ווי זיך צו ראַטעווען. דאָס רוב פון זיי האָט געלייגט האָפענונג אויף ווערכאָלאַן.

אַזוי ווי דער קאָמיסאַר טאַראַנאָוויטש איז שוין זייט לאַנג מיד געווען פון זיינע אַמט־פליכטען און האָט געבעטען מ'זאָל אים לאָזען זיך צוריקציען — וואָס דאָס האָט מען אים ניט דערלויבט, מהמת עס איז ניט געווען קיין פּאַסענדע פּערזאָן פאַר זיין שטעלע — האָט די אַדמיניסטראַציע, און באַזונדערס די אידען, געבעטען ווער־כאָלאַן ער זאָל ווערען קאָמיסאַר. ער האָט איינגעוויליגט און צוזאַמען מיט טאַראַנאָוויטשען טעלעגראַפירט דערפון דעם גובערנ־סקין קאָמיסאַר. דער לעצטער האָט גוט געקענט ווערכאָלאַן פון זיינע פריערדיגע דינסטען און האָט מיט צופרידענהייט איינגע־שטימט, אַז ער זאָל פאַרנעמען טאַראַנאָוויטשעס שטעלע. אַ טעַ־לעגראַפישער באַפעל איז גלייך אַרויסגעשיקט געוואָרען, באַשטי־מענדיג ווערכאָלאַן אַלס קאָמיסאַר — אַ זאַך, וואָס איז, אַגב, שטאַרק ניט געפעלען געוואָרען סעמאָסענקאָן און קיווערטשוקען. ווי ווערכאָלאַ האָט נאָר איבערגענומען דעם אַמט, האָט ער גלייך אַרויסגעלאָזען צוויי פּראָקלאַמאַציעס, אין וועלכע ער האָט געזאָגט צווישען אַנדערעס, אַז „זיך צו באַנוצען מיט נאַציאָנאַלען האַס און מיט פּאָגראָמען איז אַ שאַנד פאַר אוקראַינע און אַ שטערונג צו איר ווידעראויפלעבונג.“ אַזעלכע מיטלען זיינען שטענדיג — האָט ער באַטאָנט — די וואָפען פון רעאַקציאָנערען. פיינדליכע אַרויס־טרעטונגען פון אַ שטאַרקערען פאָלק געגען אַ שוואַכערען ווייזען, אַז דאָס גרויסע פאָלק קאָן ניט אָננעמען די פאָרמען, וואָס זיינען באַגרינדעט אויף גערעכטיגקייט און ברידערליכקייט. אַזאַ באַנע־מונג העלפט נאָר די שונאים פון אוקראַינע; און ער האָט אויס־געדריקט די האָפענונג, אַז די באַפעלקערונג וועט זיך ניט לאָזען באַאיינפלוסען פון אַזאַ פּראָוואָקאַציע. ער האָט פאַרלאַנגט, אַז אַלע אַגיטאַטאָרס, וואָס העצען אויף פּאָגראָמען, זאָלען אַרעסטירט און איבערגעגעבען ווערען צום קריגס־געריכט. (באַנד 3). אין דער צווייטער פּראָקלאַמאַציע האָט ער פאַרלאַנגט, אַז דאָס גאַנצע גע־

גנב'עטע אייגענטום זאָל געבראַכט ווערען אין קאָמיסאַריאַט, כדי עס זאָל צוריקגעגעבען ווערען די אייגענטימער.

ווי שוין געזאָגט, האָט זיך די שבת'דיגע שחיטה געדאַרפט ווידערהאָלען זונטאָג. דריי האַידאַמאַקעס, וואָס זיינען זונטאָג פרי געווען אין שטאָטישען הויפּטקוואַרטיר, האָבען, צווישען אַנדערע זאַכען, דערקלערט, אין ווערכאָלאַס געגענוואַרט, אַז זיי האָבען די דערלויבניש צו הרג'ענען אידען אין פאַרלויף פון דריי טעג. נאָך דער זונטאָגדיגער זיצונג פון שטאָט־ראַט האָט סעמאָסענקאָ באמת אויפגעפּאַסט, אַז די שחיטה זאָל אויפהערען, און קיין מאַסען־מאָרדען זיינען מער ניט פאָרגעקומען. אָבער מאָרדען פון איינ־צעלנע אידען, ווי שוין פריער געזאָגט, זיינען ווידערהאָלט גע־וואָרען זונטאָג און מאָנטאָג. די מאָרד־פאַלען זיינען געווען צאָל־רייך.

לויט סעמאָסענקאָס באַפעל האָבען די הרוגים געדאַרפט באַ־ערדיגט ווערען מאָנטאָג. די טויטע קערפּערס זיינען, פאָלגליך, פאַרבליבען אין די הייזער און אויף די גאַסען פון שבת ביז מאָנטאָג. פיל פון זיי זיינען געגריזשעט געוואָרען פון חזירים.

מאָנטאָג באַגינען זיינען פיל פויערשע פורען, מיט גרויסע קו־פּעס פון מתים אויף זיי, אַרויסגעפאָרען צום בית־עולם. דער עדות פינקעל זאָגט, אַז בעת ער איז געווען דאָרט, האָט ער איבער־געציילט מער ווי טויזענט טויטע קערפּערס. געדונגענע פויערים האָבען געגראָבען אַן אומגעהייער גרויסען גרוב, וואָס האָט געדינט אַלס געמיינזאַמער קבר פאַר די קרבּנות פון דער שחיטה. דער זעלבער עדות גיט אויך איבער, אַז עס זיינען אויפ'ן הייליגען אָרט ערשינען וואַגאַבונדען, וועלכע זיינען אונטער פאַרשידענע תירוצים צוגעקומען צו די קערפּערס, זיי געדרייט, געטאַפּט און באַרויבט. עס זיינען אויך געקומען קרובים, וואָס האָבען באַזוכט די מתים, און אַרויסגענומען, אין פיל פאַלען, געלט און ווערטפולע זאַכען; אין מייסטע פאַלען האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, אַז די מתים זיינען שוין פריער באַרויבט געוואָרען. מ'האָט געפונען טויטע פרויען מיט אָפּגעשניטענע פינגער, אויף וועלכע עס זיינען וואַר־שיינליך געווען רינגען, וואָס מ'האָט געוואָלט צונעמען און זיך ניט גענומען די צייט זיי פאַמעלעך אַראָפּצונעמען. דער אינספּעקטאָר דאַבראָוואָלסקי האָט געהאַט די אויפזיכט איבער די באַערדיגונגען.

זיין באַפעל איז געוועזן ניט צו לאָזען, אויף ביי נאַכט, קיין איין אומבאַערדיגטען קערפּער. ס'האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבען צו מקבר זיין אַלע מתים ביז דינסטאָג זייגער פיר בייטאָג. עס דאַרף צוגעגעבען ווערען, אַז חוץ די גרויסע געמיינזאַמע קברים האָט מען אויך אויסגעגראָבען פיר קליינע גריבער און פילע פון זיי מקבר געווען. אַ טייל אידען האָט זיך איינגעגעבען צו מקבר זיין די אייגענע קרובים אין באַזונדערע קברים.

ווי שוין געזאָגט, זיינען פיל איינצעלנע אידען ווייטער גע־מאָרדעט געוואָרען אין די קומענדע טעג, אי אין פראָסקוראָוו, אי אין דער אומגעגענד. פיל זיינען גע'הרג'עט געוואָרען אויפ'ן וועג, אַנטלויפענדיג צו די אַרומיגע דערפער, אויף די פעלדער, אין די וועלדער, אין די אַרומיגע שטעטלעך און דערפער. חוץ די אידען, וואָס זיינען דערמאָרדעט געוואָרען פון די בושעווענדע הייראַמאַ־קעס, זיינען אויך פילע אַרעסטירט געוואָרען אונטער דער באַשול־דיגונג, אַז זיי זיינען באָלשעוויקעס, און דערשאָסען געוואָרען. אין דער „אַרבייט" האָט זיך קיווערטשוקס געהילף, קאָוואַלעווסקי, באַזונדערס אויסגעצייכענט — ער איז געווען דער זון פון אַן אָר־טיגען הויז־אייגענטימער, אַן אויסגעלאַסענער, קאָרופּטער און גרוי־זאַמער קערל. (זעה דאָס עדות־זאָגען פון שרה העלמאַן, ז. 13־15).

זעהר אינטערעסאַנט אין פאַרבינדונג מיט דעם איז צאַצקיסעס עדות־זאָגען. אָט דער עדות איז מיט 10 אַנדערע פּאַראורטיילט געוואָרען דערשאָסען צו ווערען; זיי האָבען זיך אָבער ווי דורך אַ נס געראַטעוועט. אָט דער צאַצקיס, וועלכער איז שוין פריער דער־מאָנט געוואָרען, האָט, פאַרקליידט אין פויערשע קליידער, געהערט, זונטאָג פרי, אַ גרופּע האַידאַמאַקעס זאָגען צו אַ גרופּע קריסטען, אַז נאָך זייגער צוויי וועט זיך ווידערהאָלען די מאַסען־מערדעריי פון פריערדיגען טאָג. ער איז אַוועק צום הויז פון זיינע עלטערן אויף אַלעקסאַנדראָווסקאַיאַ גאַס, נעבען קאָמאַנדאַנטס הויז, זיי צו וואָרענען פון דער קומענדער שחיטה. אין שטוב האָט ער געפונען, חוץ זיינע עלטערן און שוועסטער, אַ יונגערען ברודער זיינעם, אַ קוזין, און אַ ווייטערען קרוב. פון פענסטער האָבען זיי באַלד גע־זעהן פינף האַידאַמאַקעס מיט'ן קאָמאַנדאַנטס געהילף, קאָוואַלעוו־סקי, צוקומענדיג צום הויז. קאָוואַלעווסקי איז גוט באַקאַנט געווען מיט זיין יונגערען ברודער און אים זאָגאַר געגעבען די דערלויבניש

צו טראָגען ביי זיך א רעוואָלווער. זיי האָבען שנעל באהאלטען דעם אַלטען פאָטער און די פרויען אין דאך־שטיבעל און אליין גע־עפענט די טיר פאר די האידאמאקעס. קאָוואלעווסקי איז אריין און דערקלערט, אז ער איז געקומען זוכען פארבאָרגענע „זאכען" און געווער. דער ברודער האָט געענטפערט, אז עס געפינען זיך ניט אין הויז קיין פארבאָרגענע „זאכען" און אז ער טראָגט א רע־וואָלווער מיט קאָוואלעווסקיס דערלויבניש. ער האָט אים גלייך איבערגעגעבען דעם רעוואָלווער און די דערלויבניש. קאָוואלעוו־סקי האָט כלומר'שט גענומען זוכען „זאכען" אונטער די בעטען און זיי דערנאָך געהייסען מיט אים געהן. ווען זיי האָבען אים אָנ־געוויזען, אז מ'קאָן דאָס הויז ניט לאָזען אליין, האָט ער ענדליך נאָך פיל בעטעניש דערלויבט דאָרט צו בלייבען דעם וויטען קרוב. צוויי האידאמאקעס זיינען אויך פארבליבען אין הויז און די אנ־דערע דריי האָבען זיי געפירט אין הויפטקוואַרטיר און זיי פאר־מאכט אין א צימער, וואו עס זיינען שוין געווען פילע געפאנגענע, אידען און קריסטען, פארדעכטיגט אַלס באָלשעוויקעס. דעם גאנ־צען טאָג האָט מען געהאלטען אין איין ברענגען נייע געפאנגענע און ענדליך האָט מען אויך אריינגעבראכט צאצקיסעס פאָטער. אין אָוועגט זיינען דאָרט געווען 32 קריסטען און 15 אידען. מ'האָט די געפאנגענע געפייניגט אויף אַלערליי אופנים. א גע־וויסער פאָליאַק, א געוועזענער לאנד־אייגענטימער, איז באזונדערס געמאַטערט געוואָרען; מ'האָט אים געשלאָגען מיט אייזערנע שטאנגען און אָנגעטאָן אנדערע מאטערנישען. איינצעלנע מענ־שען האָט מען גערופען צום פארהער, און צווישען זיי צאצקיסעס ברודער.

דער זעלבער קאָוואלעווסקי האָט געפירט דעם פארהער. אָבער דאָס איז ניט געווען קיין אמת'ער פארהער. ס'איז בלויז געווען אַן אָנשטעל, מחמת מ'האָט געשטעלט גאָר אומבאדייטענדע פראגען. דעם צווייטען טאָג, ארום זייגער פינף נאָכמיטאָג, האָט מען אַלע געפאנגענע ארויסגענומען אויף דער גאַס און אויסגעשטעלט אין רייען: קריסטען און אידען באזונדער. א געזונטער האידאמאק איז צוגעקומען צו דער גרופּע אידען און טריאומפירענד אויסגע־רופען: „איצט, אידען, וועט איר שוין מער צו אונז ניט צוריק־קומען; מיר וועלען אייך אַלע אוועקשיקען צום לאנדקאָמיטעט"—

און דאָס האָט אויפ'ן האַידאַמאַקישען לשון געמיינט „אויף יענער וועלט". זיי האָבען אָפּגעפירט אַלע געפאַנגענע צום וואָקזאַל, און זיי ווייטער געפּייניגט אויפ'ן וועג, באַזונדערס דעם דערמאָנטען פּאָליאַק. ביים וואָקזאַל האָט מען די אַלע אריינגעלייגט אין אַ באַזונדערען וואַגאָן. פאַרנאַכט האָט מען אויך אָנגעהויבען אויס־צורופען די קריסטען. זיי, ווי עס זעהט אויס, זיינען אריינגע־נומען געוואָרען אין אַ דערבייאיגען וואַגאָן, וואו דריי שכור'ע קאָ־זאַקען האָבען זיי פאַרשידענע זאַכען אויסגעפרעגט און דאַן זיי אריינגענומען אין אַן אַנדערען וואַגאָן. שפּעטער אַביסעל האָבען זיי אַרויסגעפירט פון וואַגאָן פינף אידען און צווישען זיי צאַצ־קיסעס ברודער. אַזוי ווי זיי זיינען ביז אין אַ שעה אַרום ניט צוריקגעקומען און מ'האָט וועגען זיי גאָרניט געהערט, האָבען די אַנדערע אידען פאַרשטאַנען, אַז מ'האָט זיי אַרויסגענומען צום דער־שיסען. ווי געזאָגט, האָבען זיי אריינגעפירט די קריסטען נאָכ'ן פאַרהער אין אַ צווייטען וואַגאָן, אריינשיקענדיג בלויז איינעם פון זיי אין וואַגאָן, וואו די אידען זיינען פאַרבליבען. אַרום זייגער צען האָבען זיי אַלע, ד. ה., צען אידען און איין רוס, אַרויסגע־נומען פון וואַגאָן. זיי האָבען זיי אַלע געשטעלט אָן אַ זייט, און פאַר אַלעמען זיי באַזוכט, צונעמענדיג זייער געלט. דאַן האָבען זיי די געפאַנגענע אויסגעשטעלט אין צוויי רייען און זיי געפירט צו אַ פּלאַץ, נעבען טייך, וואָס געהט באַרג אַראָפּ, צען וויאָרסט פון דאָרט, וואו די וואַגאָנען זיינען געשטאַנען. ס'איז קלאָר געווען, אַז מ'פירט זיי דערשיסען. אויפ'ן וועג האָט אַ האַידאַמאַק, וואָס איז געגאַנגען נעבען צאַצקיסען, גענומען טאַפּען זיין פּעלצענעם מאַנטעל. „דו ווילסט וויסען וואָס פאַר אַ גוטען מאַנטעל דו וועסט ירש'ענען נאָך מיר?" — האָט אים צאַצקיס געזאָגט. — „שטיל, דו פאַרדאַמטער איד, אָדער איך וועל דיך צוקאַליעטשען מיט מיין ביקס!" — האָט דער האַידאַמאַק אים געענטפערט, סטראַשענדיג אים מיט דעם אַנדערען עק פון דער ביקס. זיין פּאָטער, געהענדיג פון פאָרענט, האָט געהערט די רייד און געזאָגט דעם זון אויף אידיש, ער זאָל זיך ניט קריגען, כדי מ'זאָל אים ניט מאַטערען פאַר'ן טויט. ענדליך זיינען זיי אָנגעקומען צום באַשטימטען אָרט ביים טייך. די געפאַנגענע האָבען זיך געמוזט אויסטאָן די קליידער און די שיך און געבליבען שטעהן אין אונטער־וועש.

צאַצקים האָט געבעטען, מ'זאָל אים לאָזען זיך געזעגענען מיט דעם פאָטער. מ'האָט עס אים דערלויבט. ער איז צוגעגאַנגען צום פאָטער, אים אָנגענומען ביי דער האַנט, און צוזאַמען מיט אים האָט ער געזאָגט ודוי, דערמאָנענדיג דערביי די נעמען פון זיינע קינדער. מ'האָט זיי אַלע אויסגעשטעלט אין איין רייע מיט'ן פּנים צום טייך און הינטער זיי, נאָך דעם ווי דער באַפעל איז געגעבען געוואָרען, האָט אַ שיסעריי אָפּגעהילכט דריי מאָל. אַלע, אריינ־רעכענענדיג אים אַליין, זיינען געפאַלען. דאָס קרעכצען און גע־שריי פון פאַרוואונדעטע האָט אָפּגעקלונגען. די היידאַמאַקעס זיינען צוגעלאָפען און דערשלאָגען די קרעכצענדיגע. דאָס האָט זיי גענומען אַ לאַנגע צייט, באַזונדערס מיט דעם רוס, וועל־כער האָט עקשנות'דיג געקעמפּט מיט'ן טויט. ענדליך איז שטיל געבליבען. די קאָזאַקען זיינען אַוועק. צאַצקים האָט זיך אָנגע־הויבען אויפצוכאַפּען און איז ערשטוינט געבליבען זעהענדיג, אַז ניט נאָר איז ער לעבעדיג, נאָר אַז ער איז אפילו ניט פאַרוואונדעט. זיך אַרומקוקענדיג און זייענדיג זיכער, אַז קיינער איז ניטאָ אַרום, איז ער אַנטלאָפען אַזוי שנעל ווי מעגליך צום נעהענטסטען דאָרף. אויף איין אָרט, אַריבערגעהענדיג אַ וואַסער, איז ער אריין אין אייז ביז די קניען. אָבער ס'איז אים ניט געווען קאַלט און ער האָט ניט געפילט קיין מידקייט. ענדליך איז ער אָנגעקומען אין אַ דאָרף, צוגעקומען צו אַ באַקאַנטען פּויערס הויז, אים אויפגע־וועקט און אים דערציילט וואָס עס איז געשעהען. דער פּויער האָט געוויינט, ווען ער האָט געהערט די מעשה, נאָר האָט אים געראַטען ניט צו בלייבען ביי אים, ווייל עס איז צו נאָענט צו דער שטאָט. ער האָט אים נעגעבען שיך און קליידער און צאַצקים איז אַוועק צום צווייטען דאָרף, פון וואַנען ס'האָט זיך אים איינגעגעבען צו־צוקומען צום שטעטעל מעדזשיבעזש.

עס זיינען געווען אַנדערע מערקווירדיגע פאַלען, וואו מענשען האָבען זיך געראַטעוועט.

אין דעם פּרט איז די געשיכטע פון אַ יונגען־מאַן, מיט'ן נאָמען האַלפּערין, זעהר אינטערעסאַנט. פיר מאָל איז ער גע־שטאַנען פּנים אל פּנים מיט'ן טויט און איז יעדעס מאָל נצול גע־וואָרען. ער איז געווען אַ שילער פון דער קאָמערץ־שול, און, פאַר'ן פּאָגראָם, איז ער אויך געווען אַ מיטגליד פון דער וואַך־

גוואַרדיע. ער האָט אויף זיך געהאַט דעם מאַנטעל און דאָס היטעל פון אַ סאָלדאַט. שבת נאָכמיטאָג, ווען די קערפּערס פון די דערמאָרדעטע זיינען שוין געלעגען איבער די גאַסען, האָט ער זיך געלאָזט צו זיין היים, וואָס האָט זיך געפונען אין דער פאָרשטאָט אויפ'ן וועג צום דאָרף זאַריטשיע. נעבען הויז האָט אים באַגעגענט אַ גרופּע האַידאַמאַקעס און אים געפרעגט, צי ער איז אַ איד אָדער אַ רוס. ער האָט געענטפערט, אַז ער איז אַ רוס. מ'האָט פון אים פאַרלאַנגט אַ באַווייז און ער האָט געוויזען זיין סטודענטען־קאַרטע, אויף וועלכער ס'איז ניט אָנגעגעבען געוועזען די רעליגיע. דער קאָזאַק האָט איבערגעדרייט די קאַרטע, געקוקט אויף איר ווי מיט פאַרדאַכט און ענדליך געזאָגט: „גוט—מעגסט געהן.“ אנדערע קאָזאַקען זיינען צוגעשפּרונגען צו האַלפּערינען; דער ערשטער אָבער האָט צו זיי אויסגעשריען: לאָזט אים געהן; ער איז אַ רוס. האַלפּערין איז אַוועק אַהיים און געפונען דאָס הויז פאַרשלאָסען מיט אַ צעבראָכען פענסטער. ער האָט מורא געהאַט אַריינצוגעהן אין שטוב. ערשט שפּעטער האָט ער אויסגעפונען, אַז די פאַמיליע האָט זיך באַהאַלטען און איז ניט באַשעדיגט געוואָרען. אַ רייכער איד מיט'ן נאָמען בלעכמאַן, וועלכער האָט געוואוינט אין זעלבען הויז, איז באַרויבט און דער'הרג'עט געוואָרען מיט זיין פאַמיליע, וואָס איז באַשטאַנען פון זעקס פּערזאָן. האַלפּערין איז געגאַנגען צו אַ דאָרף נעבען זאַרעטשיע און באַזוכט אַ אידישען באַקאַנטען מיט'ן נאָמען ראָזענפעלד. אַרום ניין נאָכמיטאָג האָט מען אָנגעהויבען שטאַרק צו קלאַפּען ביי דער טיר און אַ גרופּע יונגע פּויערים האָבען זיך אַריינגעריסען אין הויז; זיי זיינען באַפאַלען דעם אַלטען ראָזענפעלד און אים דער'הרג'עט. ער אַליין מיט ראָזענפעלדס זון האָבען זיך געלאָזט לויפען צום וואַלד. ניט קענענדיג ווייט לויפען, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. די יונגע חברה־ליַיט האָבען אים אַרומגערינגעלט, געשאָסען אויף אים, אָבער אויסגעפינענדיג, אַז ער איז ניט פאַרוואונדעט, האָבען זיי באַשלאָסען אים צו נעמען אין שטאָט אַריין, אום אים איבערצוגעבען צו די האַידאַמאַקעס. פּונקט דעמאָלט איז אַ פּויער אָנגעקומען פון שטאָט און אָנגעפאַנגען צו דערציילען וואָס דאָרט קומט פאָר. די יונגע פּויערים האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויסצוהערען דעם נייאָנגעקומענעם און האַלפּערינען איז געלונגען זיך צו באַהאַלטען.

דאָן האָט ער זיך געלאָזט צום דאָרף גרינאָװוצי. אין יענעם דאָרף האָט געוואוינט א אידישער באקאנטער זיינער מיט'ן נאָמען בוכער. אָבער אזוי ווי ס'איז שוין געוועזן זעהר שפּעט, האָט ער ניט גע־וואגט צו געהן צום הויז און האָט פארבראַכט די נאכט אויפ'ן פעלד. דעם צווייטען טאָג איז ער געקומען צום הויז, אָבער דאָרט האָט ער זיך דערוואוסט, אז די פויערים האלטען אָפּ א באראטונג וואָס צו טאָן מיט די אידען פון דאָרף. ער איז דאָן צוריק אוועק אין שטאָט; אָבער אזוי ווי די לאגע איז דאָרט נאָך געוועזן אן אומזיכערע און ער האָט ניט געפונען זיין פאמיליע, איז ער צו־ריקגעקומען אין דאָרף, וואו ער האָט פארבראכט די נאכט. מאָנ־טאָג פרי האָבען זיך האידאמאקעס באוויזען און גענומען זוכען אידען. האלפערין מיט צוויי יונגע־לייט און א מיידעל זיינען אנטלאָפען, זיך באהאלטען אין וואלד. פארבלייבענדיג דארט א שטיקעל צייט, האָבען זיי באשלאָסען, אז ס'איז זיכערער זיך צו לאָזען אין שטאָט אריין, און זיי זיינען אוועק קיין פראָסקוראָוו. אויפ'ן וועג האָבען זיי באגעגענט דריי יונגע פויערים צוריקקו־מענדיג פון שטאָט אין דאָרף אריין. איינער פון זיי האָט געהאַט א ביקס. די פויערים האָבען זיי אָפּגעשטעלט, עקזאמינירט זיי־ערע דאָקומענטען און געזאָגט: „די סאָרט חברה דארפען מיר טאקע"; און זיי צוריקגענומען אין דאָרף אריין. האלפערינען האָט מען אויפגעזעצט אין א שליטען מיט'ן באוואָפענטען פויער. די אנדערע צוויי יונגע־לייט און דאָס מיידעל זיינען געגאנגען צו פוס. דאָרט האָבען זיי באגעגענט די זעלבע דריי האידאמא־קעס, וואָס זיינען פריער געקומען אין דאָרף אריין און האָבען זיך איצט צוריקגעקערט אין שטאָט. די האידאמאקעס האָבען זיי אָפּגעשטעלט. דער פויער מיט דער ביקס איז אראָפּגעגאנגען און דערקלערט די האידאמאקעס, אז ער נעמט די אידען, וואָס ער האָט געכאפּט, צוריק אין דאָרף אריין. די האידאמאקעס האָבען ארויסגענומען די שווערדען און גענומען הרג'ענען די, וואָס זיינען געגאנגען צו פוס. אלע דריי זיינען דערמאָרדעט געוואָרען. האל־פערין, וועלכער איז נאָך אלץ געוועזן אין שליטען, האָט גענומען שמייסען דאָס פערד, וואָס האָט אָנגעהויבען לויפען צום דאָרף. איינער פון די האידאמאקעס איז נאָכגעלאָפען, אָבער האָט אים ניט געקענט דעריאָגען. אָפּפאָרענדיג א היבשע שטרעקע, איז האל־

פּערין אַראָפּ פון שליטען, גענומען לויפען אויפ׳ן פעלד און זיך ענדליך אויסגעשטרעקט אויפ׳ן שניי. אין נעפּעל האָט מען אים שווער געקאָנט דערזעהן. שפּעטער אָבער זיינען פּויערשע שקצים אָנגעקומען און באַשלאָסען אים איבערצוגעבען צו די ציוויל־באַאַמטע אַלס אַ איד. זיי האָבען אים גענומען צום דאָרף גרינאָווצי, צונעמענדיג פון אים אויפ׳ן וועג זיין זייגער פון האַנט. אין גרינאָווצי, ווי עס האָט אויסגעזעהן, זיינען אַלע אידען אַרעסטירט געוואָרען און מ׳האָט אים אויך געלייגט צווישען די אַנדערע.

עס האָבען זיך געפונען, צוזאַמען מיט די קינדער, אַרום 40 אידען אין גרינאָווצי. זיי האָבען אַלע געהייסען בוכער און האָבען אַלע אָפּגעשטאַמט פון אַ געוויסען בוכער, וואָס האָט זיך באַזעצט דאָרט מיט יאָרען צוריק. צווישען די בוכערס און די מעכטיגע פּויערים האָבען שטענדיג געהערשט גוטע און שכנות׳דיגע באַציהונגען. דאָך, ווען די ניידעס פון דער פּראָסקוראָווער שחיטה איז אָנגעקומען, האָבען די יונגע פּויערים פון אָט דעם דאָרף באַשלאָסען זיך אָפּצורעכענען מיט זייערע אידען אויך. אַ טייל פון זיי זיינען אוועק קיין פּראָסקוראָוו און געבראַכט די דריי הייראַמאַקעס, וועלכע זיינען שוין דערמאָנט געוואָרען. הערענדיג דערפון, האָבען זיך די אידען באַהאַלטען; די פּויערים האָבען זיי אָבער אויפגעזוכט און זיי צונויפגעזאַמעלט מיט דער הילף פון די הייראַמאַקעס. די פראַגע איז אַנטשטאַנען, צי מ׳זאָל זיך דאָרט אָפּרעכענען מיט זיי אָדער אַנדערשוואו. די הייראַמאַקעס האָבען צוערשט באַזוכט די אידען און צוגענומען ווערטפולע זאַכען און געלט אין דער ווערט פון 30,000 רובעל. דאַן האָבען די הייראַמאַקעס פאָרגעשלאָגען, מ׳זאָל זיי אויפ׳ן שטעל אויס׳הרג׳ענען. די אַלטע פּויערים האָבען אָבער דערקלערט, אַז זיי וועלען זיך אַליין אָפּרעכענען מיט זייערע אידען, — און ניט אין דאָרף, נאָר אַרויס פון דאָרף. זיי האָבען די אידען מיט זייערע ווייבער און קינדער אַרויפגעלייגט אויף שליטענס און זיך מיט זיי געלאָזט צו פּראָסקוראָוו. אויפ׳ן וועג האָבען די יונגע פּויערים געוואָלט מאַכען אַ סוף פון זיי, אָבער די עלטערע זיינען פעסט געשטאַנען אויף דעם, אַז מ׳זאָל זיי איבערגעבען די באַאַמטע, וואָס וועלען מיט זיי געזעצליך האַנדלען.

מ׳האָט זיי געבראַכט צום קאָמאַנדאַנטס הויפּטקוואַרטיר אין

פראָסקוראָוו און פון דאָרט צום סטאַציאָנס־קאָמאַנדאַנט ביים וואָק־זאַל. דער לעצטער האָט זיי גענומען צום ביוראָ פון קריגס־גע־ריכט; פון דאָרט אָבער האָט מען זיי צוריק גענומען צום קאָ־מאַנדאַנטס קאַנצעליאַריע און פון דאָרט צו אַ צימער פאַר גע־פאַנגענע. אַזוי ווי דער דורשט נאָך אידיש בלוט האָט זיך שוין אין פראָסקוראָוו געהאַט עטוואָס געשטילט, איז עס באַשלאָסען געוואָרען זיי צו באַפרייען דעם קומענדען פרימאָרגען. אָבער נאָך דער באַפרייאונג האָבען זיי זיך ניט אומגעקערט צו זייערע היימען אין גרינאָוועצ. (זעה דאָס עדות־זאָגען פון די בוכערס, זייט 3). וואָס אָנבאַטרעפט האַלפּערינען, איז עס אים געלונגען, בעת מ'האָט זיי געפירט פון איין אָרט צום צווייטען, צו אַנטלויפען.

דער עדות מאַראַנץ דערציילט אויך אויף וואָס פאַר אַ מערק־ווירדיגען אופן ער האָט זיך געראַטעוועט. זונטאָג, דעם 15־טען פעברואַר האָט ער, אַלס מיטגליד פון שטאָט־ראַט, זיך ארויסגע־לאָזט צו געהן צו דער באַקאַנטער זיצונג, צו וועלכער סעמאָסענקאָ און קיווערטשוק זיינען אויך געקומען. אויפ'ן וועג האָט ער באַ־געגענט דעם ראַט־מאַן שטער און זיי זיינען ביידע ווייטער גע־גאַנגען. דערביי אָבער האָבען זיי באַמערקט, אַז אַ קאָזאַצקער אָפיציר יאָגט זיי נאָך אין אַ דראָזשקע. ווען ער האָט זיי דעריאָגט, איז ער ארויסגעשפרונגען פון דער דראָזשקע, ארויסגעכאַפּט די שווערד און זיי אָנגעגריפען. באַלד וואָלטען זיי פון די זעבעל־קלעפּ געוועזן געפאַלען. אין דעם מאָמענט אָבער האָט עמיצער אויף דעם אנדערען טראָטואַר אָנגערופען דעם אָפיציר ביים נאָ־מען; ער האָט זיך אויסגעדרייט און מאַראַנצען און שטערען איז געלונגען זיך צו באַהאַלטען אין אַ דערבייאיג הויז און זיי זיינען אזוי ארום נצול געוואָרען.

מיטוואָך פרימאָרגען, דעם 19־טען פעברואַר, איז געוועזן פאַר־העלטניסמעסיג שטיל און רוהיג אין שטאָט. די אידען האָבען זעלבסטפאַרשטענדליך ניט געעפענט זייערע געשעפטען, מהמת זיי האָבען דערצו קיין אינטערעס ניט געהאַט. סעמאָסענקאָס באַפעל האָט אָבער געלויטעט, אַז די געשעפטען מוזען גלייך געעפענט ווערען.

דעם 22־טען פעברואַר האָט סעמאָסענקאָ ארויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמאַציע, זאָגענדיג, אַז לויט די אינפאָרמאַציעס, וואָס ער

האָט, זעהט עס אויס, אַז עס געפינען זיך פיל באָלשעוויקעס אין פראָסקוראָוו און אַז ער פארלאַנגט, פאָלגליך, אַז די באַפעלקערונג זאָל זיי דעם זעלבען טאָג ביז 8 נאָכמיטאָג איבערגעבען צו די באַאמטע. וואָרים אויב ניט, וועלען די שטרענגסטע מאסרעגלען גענומען ווערען. צו דער זעלבער צייט האָט ער ווידער פאר־לאַנגט, אַז אַלע געשעפטען זאָלען גלייך אויפגעעפענט ווערען אונ־טער אַ געלט־שטראָף פון 6000 רובעל פאַר יעדען סוחר. די אידען האָבען אין דעם געזעהן אַ נייע פראָוואָקאַציע און אַ נייעם סטראַ־שונאָק. צו באַרוהיגען סעמאָסענקאָן, האָבען זיי צונויפגעזאַמעלט 300,000 רובעל און עס אָנגעבאָטען דער אָרטיגער רעגירונג, אום צו האָבען מיט וואָס צו באַזאָרגען דעם גאַרניזאָן. דער בירגער־מייסטער, סיקאָרא, האָט אויף זיך גענומען איבערצוגעבען די סומע; אָבער ער האָט עס אַזוי אומגעלומפּערט געטאָן, אַז סעמאָ־סענקאָ, וועלכער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז די סומע קומט בלויז פון די אידען, האָט אַרויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמאַציע, דערקלערענ־דיג, אַז ער האָט דערהאַלטען 300,000 רובעל „פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון פראָסקוראָוו", פאַר וועלכער ער האָט געדאַנקט, אויסדריקענדיג זיין אָפּשעצונג פון דער אַרבייט פון די קאָזאַקען.

צו דער צענטראַלער אַדמיניסטראַציע האָט ער מודיע געווען, אַז די איינוואוינער פון פראָסקוראָוו האָבען, אַלס דאַנקבארקייט פאַר דער אָרדענונג, וואָס ער האָט געהאַלטען, און דערפאַר, וואָס ער האָט זיי געראַטעוועט פון די באָלשעוויקעס, אים פרעזענטירט מיט 300,000 רובעל פאַר דער באַזאָרגונג פון גאַרניזאָן.

דעם 27־טען פעברואַר האָט סעמאָסענקאָ אַרויסגעגעבען אַ פּראָקלאַמאַציע, וואָס פאַנגט זיך אָן מיט די פאָלגענדע ווערטער: „אידען, איך האָב געהערט, אַז איר האָט נעכטען געוואָלט אָפּהאַל־טען אַ פאַרזאַמלונג אויף אַלעקסאַנדראָווסקאַיאַ גאַס, אום צו פאַר־כאַפּען די מאַכט, און אַז איר גרייט אייך אין פיר טעג אַרום צו מאַכען נאָך אַן אויפשטאַנד, ווי דער וואָס איז פאָרגעקומען דעם 14־15 פעברואַר." און נאָך דעם קומען אַ רייע דראָהונגען. (זעה באַנד 3).

די פּראָקלאַמאַציע האָט אינגאַנצען דערשלאָגען די אידען, וואָרים זיי האָבען געוואוסט, אַז קיין מיטינג איז ניט געפּלאַנט געווען און אַז די אידען האָבען ניט דעם מינדסטען געדאַנק צו

פארכאפּען די מאכט. פאר אלעמען האָבען זיי זיך געווענדט צו קאָמיסאר ווערכאָלא. ווערכאָלא האָט אין זיינע הענט געהאט געוויסע פאקטען, וואָס האָבען געוויזען, אז עמיצער אין פּראָסקוראָוו פארשפּרייט פּראָוואָקאטאָרישע קלאנגען מיט ריין אייגענע און ענגאָאיסטישע צוועקען. עס מוז דערביי באמערקט ווערען, אז א קאָמיסיע איז געשיקט געוואָרען פון קאמענעץ צו אונטערזוכען די אומרוען אין פּראָסקוראָוו. אָבער סעמאָסענקאָ האָט די קאָמיסיע אויפגעלייזט, און באשטימט אַן אייגענע צו אונטערזוכען, ניט דעם פּאָגראָם און די שחיטה, נאָר דעם באָלשעוויסטישען אויפשטאנד. איינער פון די אקטיווסטע מיטגלידער פון אָט דער קאָמיסיע איז געווען דער האידאמאק ראָכמאנענקאָ, וועמעס אמת'ער נאָמען איז ראָכמאַן. דער דאָזיגער ראָכמאַן, א איד, נאָך זיין אייגענער דערקלערונג, איז אריין אין די רייען פון די האידאמאקעס אלס וואָלונטיר. ער האָט זיך אָנגעגעבען אלס א געוועזענער סטודענט און אלס דער זון פון א רייכען לעדער־פאבריקאנט פון קיעוו. לויט אָבער די באווייזען, וואָס איך האָב צונויפגעקליבען, איז ער אַן אָרימער מענש מיט ווייניג בילדונג, וואָס האָט פריער געלעבט פון דעם געלט, וואָס ער האָט פארדינט געבענדיג אידישע לעקציעס. איז ער באשטימט געוואָרען אלס מיטגליד פון דער אונטערזוכונגס־קאָמיסיע, דערהאלטען די מאכט צו ארעסטירען מענשען אויף זיין אייגענער פאראנטוואָרטליכקייט און זיי צו ברענגען צו פּראָצעס. ער האָט באזונדערס ארעסטירט די זין פון רייכע עלטערן און דורך אַן אנדערן איד, פּראָסער, אין וועמעס הויז ער האָט געוואוינט, געקראָגען פאר זיי אויסלייז־געלט. (זעה דאָס עדות־זאָגען פון שטער, זייט 7-9).

ווערכאָלאן איז געלונגען צו באווייזען ניט נאָר, אז ראָכמאַנענקאָ איז א פארלוימדער און כאבארניק, נאָר אויך, אז אנדערע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע האָבען גענומען כאבאר. ער האָט דערפון געמאכט א דעטאלירטען באריכט צו סעמאָסענקאָן און פעסט געפאָדערט, אז ער זאָל אים באפולמעכטיגען זיי אלע צו ארעסטירען. סעמאָסענקאָ האָט נאָך א לאנגען ישוב הדעת איינגעשטימט אז ראָכמאַן זאָל ארעסטירט ווערען; ער האָט זיך אָבער אבסאָלוט אנטזאָגט צו לאָזען די אנדערע ארעסטירען. ווערכאָלא האָט געמאכט אַן אָביסק אין ראָכמאַנס צימער, אוועקגענומען פון

אים 18,000 רובעל מזומן, אים אַרעסטירט און אים געצוואונגען ביים פאַרהער צוצוגעבען, אַז ער איז שולדיג אין קרימינעלער פאַר־לוימדונג און געלט־אויספּרעסונג. צו דער זעלבער צייט האָט ראָכמאַן דערקלערט, אַז ער האָט דאָס רוב פון זיינע כאַבאַר־געל־דער איבערגעגעבען צו סעמאָסענקאָס שטאַב־שעף, גאַראָשטשענקאָ. ווערכאָלאַ האָט סעמאָסענקאָן מודיע געווען די רעזולטאַטען פון דעם פאַרהער און ראָכמאַנען אליין האָט ער איבערגעגעבען צום פּראָקוראָר. טראָץ דעם וואָס ווערכאָלאַ האָט געטאָן אַלץ, אַז די אָנקלאַגע זאָל מאַכען פאָרשריט, איז זי געגאַנגען זעהר לאַנגזאַם און ענדליך איז זי אין גאַנצען אָפּגעשטעלט געוואָרען; און כאָטש סעמאָסענקאָ איז געבעטען געוואָרען, אַז ער זאָל ווייניגסטענס אַרויסגעבען דעם רעקאָרד פון דער אונטערזוכונג, האָט ער דאָס ניט געוואָלט צוריקקערען. ראָכמאַנענקאָ אַליין האָט זיך אין טיורמע גערימט, אַז מ׳וואַגט אים ניט צו מאַכען אַ פּראָצעס; אַז ער וועט באַלד אַרויס אַ פרייער און וועט זיך ביטער נוקם זיין אָן זיינע שונאים. ווען די פּעטליוראָווצעס האָבען עוואַקואירט פּראָס־קוראָוו, איז ראָכמאַן אַוועקגענומען געוואָרען פון שטאָטישען גע־פענגעניש אין אַן אַנדער פּלאַץ, ווייל מ׳האָט ערוואַרט, אַז זיינע פריינד וועלען אים באַפרייען און אַוועקפירען. בעת מ׳האָט אים איבערגעפירט, האָט אים עמיצער, אויס פּערזענליכער נקמה, דער־שאָסען. און אַזוי האָט זיך געענדיגט דאָס לעבען פון אַן אוואַנ־טיוריסט און רענעגאַט, וועלכער האָט זיך, אַגב, באַרימט, אַז ער האָט גענומען אַן אַקטיווען טייל אין דער שחיטה אויף אידען.

עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז סעמאָסענקאָ האָט אַרויס־געלאָזט די פּראָקלאַמאַציע פון דעם 27־טען פעברואַר אונטער׳ן איינפלוס פון ראָכמאַנענקאָס פּראָוואָקאַטאָרישער טעטיגקייט און פון די אַנדערע מיטגלידער פון דער אונטערזוכונגס־קאָמיסיע, וועל־כע האָבען צוליב זייערע אייגענע אינטערעסען געזוכט צו שאַפען אַ פּאַניק צווישען די אידען און זיי צו אַלאַרמירען.

אין אמת׳ן טאַקע האָבען די אידען ניט געקאָנט פון זיך אָפּ־טרייסלען דעם פּאַניק־געפיל און מורא. צוזאַמען מיט׳ן קאָמיסאַר ווערכאָלאַ האָבען זיי באַטראַכט פאַרשידענע מיטלען, מיט וועלכע פּטור צו ווערען פון סעמאָסענקאָן. ענדליך האָט ווערכאָלאַ זיך געווענדט צום פּרעזידענט פון אוקראַינישען נאַציאָנאַלען פאַרבאַנד,

מודרי, וועלכער איז געווען אין פריינדליכע באַציהונגען מיט סע־מאָסענקאָס עלטסטען, דעם קאָרפּוס־קאָמאַנדיר קאַנאָוואַלאָף, און אים געבעטען, אַז ער זאָל פּועל'ען ביי קאַנאָוואַלאָפען, אַז דער לעצ־טער זאָל סעמאָסענקאָן איבערשיקען אויף אַן אַנדער אָרט, ווייל כל־זמן ער איז אין פּראָסקוראָוו, איז אוממעגליך צו באַרוהיגען די דאָרטיגע באַפעלקערונג. ווערכאָלאַ האָט זיך אויך פאַרזיכערט מיט קיווערטשוקס הילף, וועלכען עס איז ניט געפעלען דאָס, וואָס זיין גאַנצע מאַכט געהט איבער אין סעמאָסענקאָס הענט, און ער האָט דערפאַר ניט געטראָגען קיין גוט האַרץ אויפ'ן אַטאַמאַן. חוץ דעם האָט קיווערטשוק גערעכענט, אַז מיט דעם, וואָס סעמאָסענקאָ האָט אויסגעקוילעט אַ היבשען טייל פון דער אידישער באַפעל־קערונג, איז דעם לעצטענס ארבייט געענדיגט, און אַז מען דאַרף אים מער ניט האָבען. מודרי צוזאַמען מיט ווערכאָלאַן זיינען גע־גאַנגען צו קאַנאָוואַלאָפס הויפּטקוואַרטיר און דאָרט געקראָגען פון אים דעם באַפעל, אַז סעמאָסענקאָ זאָל אויפגעבען זיין אַמט אַלס גאַרניזאָן־קאָמאַנדאַנט און צוריקקערען צום פראָנט. קיווערטשוק האָט אויך אין גיכען פאַרלוירען זיין אַמט אַלס קאָמאַנדאַנט פון פּראָסקוראָוו און איז בלויז געבליבען קאָמאַנדאַנט פון פּראָסקוראָ־ווער אויעזד.

סעמאָסענקאָ האָט אָבער ניט געוואָלט גלייך אויפגעבען זיין אַמט. ער האָט געמאַכט פאַרשידענע פּלענער ווי צו פאַרבלייבען אין פּראָסקוראָוו און האָט אויך אָנגעפאַנגען צו אינטריגירען געגען קיווערטשוקען. עס האָט אים באַזונדערס פאַרדראָסען די באַפריי־דיגונג, וואָס די אידען וועלען האָבען פון זיין אָפּפאָרען. ווען ער האָט אָבער געזעהן, אַז ער מוז אַוועק, האָט ער אויסגענוצט דעם פאַקט, וואָס ער האָט געליטען פון אַ כראָנישער ווענערישער קראַנק־הייט, גערופען אַ באַראַטונג פון דאָקטוירים, און דורך זיין אַדיוּ־טאַנט גע'פּועל'ט, אַז זיי זאָלען אַרויסגעבען דעם באַשלוס, אַז צוליב זיין געזונדהייט איז עס נייטיג, אַז ער זאָל זיך, צייטווייליג, צוריקציען פון דינסט אין גאַנצען און זאָל בלייבען אין אַ שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפונען אַ היבשע שטרעקע פון פּראָסקוראָוו. (זעה דאָס עדות־זאָגען פון דר. סאַליטראַניק, זייט 41־43). מיט גרויס פאַראַד, באַגלייט פון סאַניטאַריער און באַרמהערציגע שוועסטער, איז סעמאָסענקאָ ענדליך אָפּגעפאָרען פון פּראָסקוראָוו.

אָט דער סעמאָסענקאָ, צוליב וועמען די גאַסען און הייזער פון פּראָסקוראָוו האָבען זיך געבאָדען אין אידיש בלוט, איז, לויט די שילדערונגען פון מערערע עדות, געווען אַ שוואַכער יונגער־מאַן פון 22 אָדער 23 יאָר, וואָס האָט אָנגעהויבען זיין דינסט אַלס וואָלונטיר אונטער'ן צאַר. מיט דער אָנגעשטעלטער ערנסטקייט פון זיין פּנים האָט ער אויף אַלעמען דאָך געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ צעדרייטען, נאַרישען, נערוועזען מענש. אורטיילענדיג אָבער פון מאַנכע באַשלוסען אין די באַריכטען, וואָס איך האָב געזעהן, מוז עס צוגעגעבען ווערען, אַז ער איז אויך געווען אַ מענש מיט אַ שטאַרקען באַשלוס און גרויס אויסרעכענונגס־פעהיגקייט.

לויט מיין אויסרעכענונג זיינען אין פּראָסקוראָוו און אומגעגענד דער'הרג'עט געוואָרען אומגעפער 1200 מענשען. חוץ דעם זיינען, פון די איבער 600 פאַרוואונדעטע, מער ווי 300 געשטאָרבען.

אזוי ווי די ערשטע פּראָקלאַמאַציע פון סעמאָסענקאָן האָט מיט דערשיסען געסטראַשעט די אויפהעצער צו פּאָגראָמען, און דאָס, וואָס זי איז ניט פאַרעפענטליכט געוואָרען, צוליב דעם, וואָס קיווערטשוק האָט צו יענער צייט געשטערט אויף אַלע אופנים סעמאָסענקאָס אַריינטרעטען אין מאַכט; און נעמענדיג אין באַטראַכט, אַז קיווערטשוק האָט אים וויליג איבערגעגעבען אָט די מאַכט, ווען דער אַטאַמאַן האָט זיך דערקלערט גרייט אויסצושלאַכטען די אידען — קום איך צום שלוס, אַז סעמאָסענקאָ איז בלויז געווען אַ פיזישער אינסטרומענט פון די בלוטיגע שרעקענישען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין פּראָסקוראָוו. אָבער נאָך מיין מיינונג איז דער הויפּט־פאַראַנטוואָרטליכער פון דער שחיטה אין פּראָסקוראָוו פּאָלקאָווניק קיווערטשוק — דער אַלטער צאַרישער טשינאָווניק און אומצווייפעלהאַפטער פּאָגראָמשטשיק און שוואַרץ־מאה'ניק.

עס איז געווען דער טרויעריגער שיקזאַל פון פּראָסקוראָוו צו שאַפען אַ נייע פאַזע אין דער טעכניק פון די פּאָגראָמען. פריערדיגע פּאָגראָמען האָבען געהאַט אַלס הויפּט־צוועק רויבעריי, ד. ה. דאָס באַ'גנב'ענען פון אידישען אייגענטום; מערדעריי פלעגט נאָכפאָלגען די פּלינדעריי, אָבער דאָך ניט אַלס הויפּט־אַבזיכט. די קאָזאַקען האָבען באַטראַכט די פּלינדערייען אַלס אַ גערעכטע באַלוינונג פאַר זייער איבערגעבענעם דינסט און אין דעם הרג'ענען פון פרידליכע און אומבאַוואָפענטע מענשען האָט נאָר אַרויסגע־

טראָטען זייער פארלאַנג צו ווייזען זייער העלדישקייט און בראַ־וואור. אָנפאנגענדיג מיט פּראָסקוראָוו ווערט אָבער דער גרונד־צוועק פון די פּאָגראָמען אין אוקראַינע די גענצליכע פארניכטונג פון דער אידישער באַפעלקערונג. רויבעריי קומט אויך פאָר, אָבער דאָס שפּילט שוין די צווייטע ראָלע.

אין פּראָסקוראָוו איז ווידערהאָלט געוואָרען די אומאַנער שחיטה פון די צייטען פון גאָנטאַ. דער אונטערשיד איז נאָר, וואָס אין אומאַן, אונטער גאָנטאַן, זיינען אי אידען אי פּאָליאַקען אויסגעשעכט געוואָרען, ווערענד אין פּראָסקוראָוו זיינען בלויז אידען געפאלען — מיט אַ שטרענגער נייטראַליטעט מצד די פּאָ־ליאַקען און די אנדערע קריסטען.

.3

## די „באַטקאָווטשינע"

מיט דעם פאַרנעמען קיעוו פון דער רויטער ארמיי, הייבט זיך אָן דער אזוי־גערופענער „אינערליכער פראָנט", — דער אויפ־שטאַנד פון אוקראַינישען דאָרף קעגען דער ראַטען־מאַכט. די לעצטע האָט באַקומען די גרעסערע שטעט (קיעוו, יעקאַטערינאָ־סלאַוו, כאַרקאָוו, אָדעס, טשערניגאָוו און אנדערע) און אַ גרויסען שטח פון די אייזענבאַן־וועגען, — אָבער שוין אויף עטליכע ווערסט ווייטער פון דער אייזענבאַן־ליניע איז אַלץ פאַרכאַפּט פון אויפשטאַנד. דער קאַמף געגען די בונטען, וועלכע נעמען אָן אַלץ אַ שאַרפערען און שאַרפערען כאַראַקטער, פאַרנעמט דעם הויפּט־אָרט און איז דער וויכטיגסטער פונקט אין דער ראַטען־עפּאָכע אין אוקראַינע, און די געשיכטע פון די פויערים־אויפ־שטאַנדען איז גלייכצייטיג די געשיכטע פון דער אידען־שחיטה אין אוקראַינע.

דער אוקראַינישער דאָרף איז באַוואָפענט ביז די ציינער, — נאָך פון דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט זיך דער דאָרף אומאויפהערליך באַוואָפענט. ניט נאָר רעוואָלווערען און ביקסען, — דאָרט זיינען געווען אויך אין אַ גרויסער צאָל קוילען־וואַרפער און אפילו קליינע האַרמאַטען. די ראַטען זיינען געווען פאַרנומען כסדר מיט דער מלחמה פון דער דירעקטאָריעס מחנות און האָבען ניט געקאָנט אריינדרינגען אין דאָרף און אים אַנט־וואָפענען; דערצו איז אויך די רויטע ארמיי פאַר אַזאַ אויפגאַבע ניט צוגעפּאַסט און ניט גענוג דיסציפּלינירט. די פּאָליטישע השפעה פון דער ראַטען־מאַכט אויף דעם מיטעלען

פויערטום איז געווען א קנאפּע. א צו־טיפער תהום האָט פאַנאַנ־דערגעשיידט די שטאָט און דעם אוקראַינישען דאָרף. דער אוקראַי־נישער דאָרף איז זעהר רייך; ער האָט אָבער ניט געוואָלט אָפּ־געבען דער פּאַראָרעמטער, חרוב־געוואָרענער שטאָט זיינע לאַנדס־פּראָדוקטען, זיין ברויט, פאר א הייפעל קערענקעס אָדער קאַרבאָ־וואַנצעס, וועלכע יעדער דאָרף־איינוואוינער, אפילו דער אָרים־סטער, האָט געהאַט אין איבערפלוס, גאַנצע קופּעס, און זיי האָבען אין זיינע אויגען פאַרלאָרען ווערט, ווייל די נייטיגע צו זיין ווירט־שאפט פּראָדוקטען, ווי אייזען, לאַנדווירטשאַפטליכע געצייג, מאַ־נופאַקטור, זאַלץ, א. ד. ג., האָט ער פאר זיי בשום אופן ניט גע־קאָנט קריגען.

די שטאָט און די ארמיי, וועלכע זיינען אָנגעוויזען געווען נאָר אויפ׳ן דאָרף, האָבען זיך געפונען אין א קריטישען מצב. דער ראָטען־צאַם ארום רוסלאַנד, די בלאָקאַדע, האָט אָפּגענומען ביים שטאָט די מעגליכקייט צו זיין כאָטש א פאַרמיטלער אין צושטעלען דעם דאָרף די נייטיגע אינדוסטריעלע פּראָדוקטען און אין אויס־טויש צו באַקומען ברויט. די ראַטען־מאַכט האָט זיך געזעהן געצוואונגען נאָר צו איין אויסוועג: אָפּנעמען דאָס ברויט דורך באוואָפענטער קראַפט, ווייל כאָטש זי האָט דעקרעטירט וועגען אַן אויסבייט פון לאַנדווירטשאַפטליכע פּראָדוקטען אויף זאַלץ און מאַ־נופאַקטור,*) נאָר די רעאַלע ממשות׳דיגע מאַנופאַקטור האָט עק־זיסטירט נאָר אויפ׳ן פּאַפּיר און אויך קיין זאַלץ איז ניט געווען (נאָכדעם ווי דער „אינערליכער פראָנט" האָט צעשטערט און אומ־מעגליך געמאַכט די אייזענבאַן־באַוועגונג איבער אוקראַינע, — דאָ און דאָרט פלעגט כסדר אויסגעריסען ווערען די ליניע, — איז ניט מעגליך געווען קיין זאַך איבערצופירען און צו ברענגען אין דעם באַשטימטען אָרט). און פאר פּראָדוקטען ניט אין באַר, נאָר אין דער פאָרם פון א פּרינציפּיעלער הבטחה, האָט דער דאָרף ניט געוואָלט געבען און טאַקע ניט געגעבען זיין ברויט, ניט טרוי־ענדיג מער דער „קאָמונע". אין דער „קאָמונע" האָט ניט נאָר דאָס רייכע פויערטום, נאָר אויך די מיטעלע, געזעהן א הידרא,

*) עס איז אָפילו אָיינגעשטעלט געוואָרען אַ טאַקסע: 1 פונט זאַלץ — 1 פוד מעל, און צום סוף אָפילו 2 פוד מעל.

וואָס שטרעבט ווי אַ פיסקאַל און באַטריגער אויסצופּאַמפּען פון דאָרף אַליז, און קיין זאַך ניט צוריקגעבען. נאָך זיין שטימונג איז דער באַזיצענדער, רייכער, זאַטער אוקראַינישער דאָרף גע־ווען אַנאַרכיסטיש: ער האָט אָנערקענט יעדע מאַכט נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זי האָט צו אים קיין שייכות ניט געהאַט, אויף וויפיל זי האָט ניט פּרעטענדירט אויף שטייערען, רעקרוטען, דאָרף־פּראָדוקטען א. אז. וו. אָבער ווי נאָר די מאַכט, אַלס אַזעל־כע, האָט אַרויסגעשטעלט צום דאָרף געוויסע פאָדערונגען, דער־מאָנט דעם דאָרף וועגען התחיבות'ן, איז דער לעצטער אויפגע־שטאַנען, אויסגעגראָבען די פאַרבאַהאַלטענע כלי־זין און סוף כל סוף, נאָך גרעסערע אָדער קלענערע אָנשטרענגונגען, די מאַכט גע־שטירצט.

דער אוקראַינישער דאָרף איז אַ רעטעניש, באַהאַלטען הינ־טער זיבען שלעסער, אַ ספינקס, וואָס קיינער קאָן ניט פאַרשטעהן, און וועלכער האָט אויפגעפרעסען יעדע מאַכט, וואָס האָט זיך אים געשטעלט אין וועג. דאָס באַשטימט מיט זיך די אייגענאַרטיג־קייט אין אוקראַינישען פּאָליטישען לעבען, די קינעמאַטאָגראַפישע וועקסלונג פון די רעגירונגען.

די עקאָנאָמישע באַציהונג פון שטאָט צום דאָרף, פון דער אָרימער, הונגעריגער שטאָט צום רייכען, זאַטען דאָרף, האָט גע־לאָזט פון זיך הערען ביי דער דירעקטאָריע, ביי ראַקאָווסקים רע־גירונג, ביי דעניקינען, — אין יעדען פאַל אויף אַ באַזונדערען אופן, מיט אַ פאַרשידענער קראַפט, אַ פאַרשידענער אָנשטרענגונג. נאָר יעדערער פון זיי האָט עס געפילט, און עס האָט זיך אפילו אויס־געבילדעט אַ באַזונדערע פויערשע, דאָרפישע פּראַזעאָלאָגיע: „מיר זיינען באָלשעוויקעס, — פלעגען טענה'ן די פויערים, — אָבער ניט קיין קאָמוניסטען.“ „די באָלשעוויקעס האָבען אונז געגעבען ערד, נאָר די קאָמוניסטען נעמען צו ביי אונז אַליז, אונז קיין זאַך ניט געבענדיג אין אויסבייט; מיר וועלען זיך ניט לאָזען אָנבינדען דורך דער רויטער אַרמיי, די קאָמונע.“ די באַציהונג פון די פויערים צו דער „קאָמונע“ ווייזט זיך אַרויס אין פאָלגענדען פאַקט, וואָס קלינגט ווי אַן אַנעקדאָט, ווען ער וואָלט ניט געשעהען ביי טראַגישע, טרויעריגע פּאָגראָם־אומשטענדען. אין קאַראַסטען האָט דער באַפּולמעכטיגטער פון הילפס־קאָמיטעט פאַר די פּאָגראָמירטע

ביים רויטען קרייז איינגעאָרדענט א קיך פאר די פאָגראָמירטע. דער קלאנג וועגען איינריכטען אן אלגעמיינעם קעסעל, — דעם זאָנדערבארען אלגעמיינעם קעסעל, מיט וועלכען די אגיטאטאָרען שרעקען אזוי די פויערים, — האָט זיך גיך דערקייקעלט צו דער באפעלקערונג פונ'ם נאָענטען אושאָמיר. די אושאָמירער האָבען אָנגעהויבען זיך טומלען, אז "די זשידעס בויען שוין די קאָמונע". עס האָבען זיך שוין געפונען אזעלכע, וואָס האָבען דעם קעסעל געזעהן מיט די אייגענע אויגען. די אושאָמירער קריסטען פלעגען זאָגען צו זייערע שטעטעלישע אידען: „געהט אין קאראסטען, דאָרט איז דאָך שוין פארטיג דער קעסעל." די אושאָמירער אידען, מורא האָבענדיג, מען זאָל זיי ניט באשולדיגען אין איינאָרדענען א קאָמונע, האָבען געבעטען דעם באפולמעכטיגטען ניט צו מאכען אין אושאָמירער קיך אזא קעסעל ווי אין קאראסטען, ניט ארויפצוציען אויף זיך דעם חשד אין קאָמוניזם. מיט איין וואָרט: נידער מיט דער קאָמונע . . . זאָלען לעבען די באָלשעוויקעס.

די נעגאטיווע באציהונג צו „דער מאכט פון שטאָט" האָט זיך אויסגעגאָסען אין א פאָרם פון אָפלייקענען יעדע מלוכה־מאכט בכלל. דער אנארכיסטישער דאָרף נייטיגט זיך כלל ניט אין קיין רעגירונג; זי האָט אין תוך פאר'ן דאָרף קיין שום עקזיסטענץ־ווערט נים. יעדע רעגירונג האָט זיך אירע אָנפירער, אירע „באטקעס", זי איז ניט קיין באשטענדיגע, זי האלט זיך אין איין בייטען און פארבייטען זיך (אוקראינע האָט פון דער מערץ־רעוואָלוציע אָן דער־קענט צופיל מושלים אויף א שעה, אז זי זאָל נאָך קאָנען גלויבען אין דער דויערהאפטיגקייט, פון וועלכער דאָס זאָל ניט זיין מלוכה־אָרדענונג: די צייטווייליגע רעגירונג, די צענטראלע ראדע און איר סעקרעטאריאט, דער ערשטער פעריאָד פון דער ראטען־מאכט, די דייטשע אָקופאציע, העטמאנשטשינע, דירעקטאָריע און דעניקינס פריווויליגע.)

אין דער זעלבער צייט האָט דער דאָרף אין זיך זיינע אטאַ־מאנעס, און דער באוואָפענטער דאָרף, בראש מיט זיין באטקא, גלויבט שטארק אין דער פעסטקייט און שטאנדהאפטיגקייט פון זיין אָרדענונג. דעם דאָרף קומט אפילו אויפ'ן זין ניט, אז ווער עס איז זאָל האָבען די העזה און דרייסטקייט זיך צו פארמעסטען און אָנגרייפען זיינע אומבאשטרייטבארע פעסטע רעכט „אויף דער

ערד און איר געדעטעניש.״ און ער ציטערט ווייניג־וואָס פאַר די פריצים און ווייסע גענעראַלען.

דאָרט אָבער, וואו דער דאָרף האָט דערפילט די געפאַר פון רעכטס; דאָרט, וואו זיינע לעבענס־אינטערעסען, זיין רעכט אויף דער ערד האָט געדראָט אַ סכנה — דאָרט האָט ער אונטערשטיצט יעדע לינקע מאַכט, וואָס האָט אים גאַראַנטירט שוץ און פאַרזי־כערט זיינע רעכט, גאַנץ געוויס האָט דער דאָרף ביי אַזאַ פאַל אויך אונטערשטיצט די ראַטען־מאַכט.

איך וויל דאָ נאָר אָנווייזען אויף איין זעהר כאַראַקטערים־טישען עפּיזאָד, וואָס ווייזט אונז די באַציהונג פון דאָרף צו דער ראַטען־מאַכט אין אַ מאָמענט פון אַ סכנה פון רעכטס. אין די לעצטע חדשים פון 2־טען פעריאָד פון דער ראַטען־מאַכט אין אוק־ראַינע, — יוני־יולי 1919, — זיינען פאָרגעקומען אָפטע אויפ־שטאַנדען אין די רויט־אַרמייאישע פּאָלקען, וואָס האָבען געהאַט אַ פּויערים־פּאַרטיזאַנישען צוזאַמענשטעל. איין רעגימענט אַזאַ, וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פון קיעוו, האָט באַשלאָסען אָנ־צוגרייפען קיעוו. „אַ רייב טאָן די זייטען די זשידעס־קאָמיסאַרען, חרוב מאַכען די קאָמונע און אויפשטעלען אַן אמת־באָלשעוויסטישע אָרדענונג.״ דעם פאָרשטעהער פון דער ראַטען־מאַכט האָבען זיי אויפגענומען, געלאָסען אויסגעהערט, האָבען אַ היבש ביסעל גע־מיטינגט און זיינען פאַרבליבען ביי זייער אַלטען באַשלוס. אין פולער מאַרש־אויסריכטונג האָט דער רעגימענט זיך באַוועגט צו קיעוו. דער פּאָליטישער קאָמיסאַר, וואָס איז געוועזן ניט קיין שלעכטער אַגיטאַטאָר, האָט געפּרואווט איינאָרדענען נאָך אַ מי־טינג, אויף צום פאַרפעסטיגען די שטימונג פון פּאָלק, וואו עס זיינען געוועזן פיל וואַקלענדיגע אונטער׳ן איינפלוס פון די רעדעס. דער פאָרשטעהער פון דער ראַטען־מאַכט, דער פּאָליטישער קאָמי־סאַר, איז אַרויסגעטראָטען מיט אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט דערוויזען די שעדליכקייט פון דער קאָמונע, און אַז עס איז בכלל גענוג שוין צו פירען מלחמות. ער האָט זיך אויף דעם גאַנץ ברייטליך און אויספירליך אָפּגעשטעלט און האָט פאַרענדיגט: „לאָמיר אַן ענד מאַכען מיט דער קאָמונע, און דאַן וועלען מיר שליסען שלום מיט דעניקינען און זיך פאַנאַנדערגעהן אַהיים יעדע־רער צו זיך.״ די פראַגע האָט געווירקט ווי אַן עלעקטרישער פונק.

„ער רופט אונז צו א שלום מיט די פּריצים, ער איז א באַטריגער, ער נאַרט אונז.“ דער אומגליקליכער אָראַטאָר איז תיכף געלעגען געבונדען, מען האָט אים איבערגעגעבען דער ראַטען־מאַכט, און דער רעגימענט איז לויט א באַפעל אוועק אויפ'ן פראָנט קעגען דעניקינען.

דער „באַטקא“, מיט פלייש און בלוט א כשר קינד פון אוקראַי־נישען דאָרף, ער איז אים נאָענט נאָך זיינע שטימונגען, איבער־לעבונגען און אידעאַלען, נאָך זיין גאַנצען ארט לעבען און כאַ־ראַקטער. ער איז ניט אַלעמאָל א פשוט'ער דאָרף־פויער ; ווי מיר וועלען עס שפּעטער זעהן, זיינען די באַדייטענדסטע „באַטקעס“ הויך־אנטוויקעלטע מענשען און מיט אייראָפּייאישער בילדונג. זיי האָבען אָבער געקאָנט נאָענט צוגעהן צום דאָרף, זיך דורכדרינגען מיט זיינע וואונשען און שטימונגען, פאַרקערפּערען אין זיך דעם ווילען פון אוקראַינישען פויער. און זיי פירען הינטער זיך „די דאָרפישע מחנות“, וועלכע זיינען זיי אָבער אונטערטעניג און גע־האָרכזאַם נאָר כל־זמן זיי דערפילען דעם דאָרפס־ווילען, וואָס זיי פאַרטרעטען. דער „באַטקא“ ווייס ווי צוצוגעהן צום פויער, ווייס מיט וואָס אים צו נעמען אין יעדען מאָמענט, ביי יעדען פאַל, און רוקט ארויס אין פאָדער־פלאַן דאָ דעם נאַציאָנאַלען, דאָ דעם סאָ־ציאַלען מאָטיוו און בייט זיי לויט דער ריי. דער באַטקא קאָן אויסגעצייכענט די גאַנצע רעוואָלוציאָנערע פראַזעאָלאָגיע און פּאַסט איר צו מיט ערפאָלג צו דעם דאָרפישען געברויך, צו דעם פויערשען באַנעמען. ער איז פריער פון אַלץ א דעמאַגאָג : אין זיינע רעדעס זאָגט ער זיך ארויס פאַר דער ראַטען־מאַכט, נאָר אָן די קאָמוניס־טען, ער וויל די מאַכט פון דאָרף איבער דער „ראַדע“. ער איז א געגנער פון דער בורזשואַזיע. ער איז געגען די קאָמוניסטען און פאַר די באָלשעוויקעס, און אָפטמאָל געפינט ער איין, אז אויך די קאָמוניסטען באַציען זיך צו ווייך צו דער בורזשואַזיע, וועלכע מען דאַרף בעצם חרוב ומוחרב מאַכען און אויסראָטען פון דער וועלט.

די „באַטקעס“ זיינען געגען א צענטראַליזירטער מלוכה־אָר־דענונג און איר אפּאַראַט ; זיי זיינען פאַר א פרייען פאַרבאַנד פון די אַנאַרכיסטישע, פרייע, אומאָפּהענגיגע דאָרפישע געמיינדעס, בראש מיט זייערע באַטקעס. זייער סאָציאַלע פּראָגראַם איז אַנאַר־

כיסטיש—פּרימיטיוו: „ראַבירט, רעקוויזירט, פאַרכאַפּט, פאַר־
ברענט, נעמט יעקאַטערינאָסלאַוו, נעמט קיעוו, נעמט כאַרקאָוו, —
די שטעט געהערען צו אייך, פאַרכאַפּט ביי די באַזיצענדע קלאַסען
זייער אייגענטום". האַנט אין האַנט מיט דער אַנאַרכיסטישער
פּראַזע, און מיט די אָנפאַלען אויף דער קיעווער ראַטען־מאַכט
געהט אויך די אַנטי־אידישע פּאָגראָם־אַגיטאַציע. די „באַטקעס"
האָבען אויסגעצייכענט פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט די אַלגעמיינע
סיטואַציע, די פרעמדע פאַר'ן דאָרף „אָנגעשוואָומענע מאָסקאַליש־
זשידישע ממשלה", פרעמד דעם דאָרף נאָך אירע פּאָליטישע שטרע־
בונגען און אידעאַלען, וועלכע זיינען דעם דאָרף נאָר באַקאַנט ווי
אַ דורשט אויסצושעפּען, אויסצופּאָמפּען פון אים אַלץ, געבענדיג
אַנשטאַט דעם געפּאַרבטע פּאַפּירלעך, וועלכע דער דאָרף האָט סיי־
ווי־סיי אין איבערפלוס; אַזאַ ממשלה, וואָס טרעט אַרויס געגען
דאָרף מיט אַ באַוואָפענטער מאַכט־קראַפט. און די אַגענטען פון
אָט דער מאַכט אויף די ערטער, — ניט זעלטען אידען, — רע־
כענען זיך מערסטענטיילס ניט מיט די אינטערעסען פון דער באַ־
פעלקערונג פון דאָרף און שטעטל, באַגעהען זיך גאַנץ אָפּט מיט
זיי שטרענג, גרוייזאַם. די פעלערען, מיסברויכען, פאַרברעכענס
פון די אַגענטען פון דער ראַטען־מאַכט אויף די ערטער ווערען
אויסגעטייטשט און אויסגענוצט פון קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע עלע־
מענטען אין אַ באַשטימטער ריכטונג, פאַר באַשטימטע צילען,
ווערען אַרויסגעשטעלט ווי עפּעס, אין וואָס עס איז שולדיג דאָס
אידישע פאָלק, וואָס הערשט און געוועלטיגט איבער דעם קריסט־
ליכען, רעכטגלויביגען פּויערטום. די ניפּט פון דער אַנטיסעמי־
טישער אַגיטאַציע האָט זיך גיך און ברייט פאַנאַנדערגעגאָסען איבער
גאַנץ אוקראַינע; די „באַטקעס" האָבען אויסגעצייכענט אָפּגע־
שאַצט דעם באַקוועמען מעטאָד פון פּאָליטישען קאַמף אין דער
פאָרם פון אידישע פּאָגראָמען, וואָס די דירעקטאָריע האָט ער־
פונדען. זיי האָבען געזעהען די וויכטיגע רעאַלע רעזולטאַטען פון
דעם: די געפעליגקייט, אונטערטעניגקייט און גרייטקייט אַלץ
אויסצופירען פון דעם צעווילדעטען המון, — און דאָס איז זיי דאָך
אַזוי נייטיג געווען. דאָס אידענטום, אָפּגעגעבען פאַר אַ חוב דעם
דאָרף, זיין גוטען ווילען, איז פאַר די „באַטקעס" אין פיל הינזיכטען
געווען נוציליך און באַקוועם.

ערשטענס, האָט דאָס אוקראַינישע שטאָטישע און שטעטעלשע אידישע באַפעלקערונג, וואָס איז טיילוייז שטאַרק רייך געוואָרען פאַר דעם העטמאַנס ממשלה, באַזעסען אַזעלכע חפצים, וואָס האָבען געפונען אַ שטאַרקען חן אין די אויגען פון אוקראַינישען פויערטום און אים שטאַרק גערייצט און צוגעצויגען, — ווי, למשל, הויז־ווירטשאַפט, מעבעל, און קודם־כל קליידער, וועש, שכוואַרג, וואָס האָבען בכלל אין דאָרף געפעלט. אפילו אַ פּאָר אַלטע צעריסענע העמדער פון אַן אָרימען אידען האָבען אויך צוגעצויגען די אויפ־מערקזאַמקייט פון דעם דאָרף, דעם רייכען אין ברויט און קע־רענקעס, אָבער אָרימען אין אַנדערע זאַכען. בעת די פּאָגראָמען, האָט מען די אידישע באַפעלקערונג, סיי די, וועלכע מען האָט גע־טייט, סיי די, וועלכע מען האָט געלאָזען לעבען, אויסגעטאָן מו־טער־נאַקעט. אפילו דאָס לעצטע העמד — אַליז האָט מען צו־גענומען.

די „באַטקעס" זיינען געוואָרען זעהר פּאָפּולער און באַליבט צווישען די דערפער פון אומגעגענד (אָפט אין אַ גאַנץ היבשען שטח), ווייל זיי האָבען דערקלערט דאָס אידישע האָב און גוטס אַלס אייגענטום פון די פויערים, און דאָס פאַרכאַפּטע דורך זיי אידישע גוטס האָבען זיי פאַנאַנדערגעשענקט אומזיסט צו דעם אָרימסטען טייל פון פויערטום, אָדער האָבען געמאַכט אַ וואָל־וועלען אויספאַרקויף. מאַכנאָ האָט אָפט פּראַקטיצירט דעם אופן צו באַפרידיגען דעם דאָרף.

צווייטענס, איז די נאַציאָנאַלע העצע און אידען־שנאה געווען אַ צעמענט, מיט וועלכען מען האָט אָפט געקאָנט פאַראייניגען דאָס גאַנצע פויערטום, וועלכעס איז טיילוייז געווען דיפערענצירט נאָך זיינע סאָציאַלע קלאַסען־אינטערעסען. דאָס איז איבערהויפּט וויכ־טיג, ווען דאָס מיטעלע פויערטום וואַקעלט זיך פון רעכטס אויף לינקס אונטער דעם איינפלוס פון דער סכנה פון רעכטס; ווען די פּאָליטישע פּראָגראַם פונ'ם „באַטקאַ" איז פאַנאַנדערגעגאַנגען, איז געווען ניט אין איינקלאַנג מיט דער שטימונג פון פויערטום, — די נאַציאָנאַלע העצע האָט דאַן געראַרפט אָנפילען די פּוסטע ער־טער אין זייערע צווישען־באַציהונגען.

דריטענס, דאָס צונויפמישען פון אידען און קאָמוניסטען (וואָס האָט, פאַרשטעהט זיך, אַ האָר ניט געשטערט זיי צו דערקלערען

די אידען פאַר בורזשועז און אויף דעם סמך רופען צו רוּיבערייען און הריגות) האָט געגעבען זיי די מעגליכקייט צו פירען אַ קאַמף געגען דער געפערליכער פאַר זיי ראַטען־מאַכט. נידער מיט די קאָמוניסטען . . . נידער מיט די אידישע קאָמיסאַרען . . .

אין אומאַן פירט אָן דער אוקראַינישער לינקער סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער שטאַגבאָן, אַן אינטעליגענט, אַן אַנטי־ראַטען און אויך אַ פּאָגראָם־אַגיטאַציע. אויף דעם פאַרהער פון דער אויסעראָרדענטליכער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע (טשרעזוויטשייקע) האָט מען אים אויך אַרויסגעשטעלט די באַשולדיגונג, אַז ער האָט געפירט אַן אַנטי־אידישע אַגיטאַציע, און מען האָט אים געפרעגט, צי האָט ער עס ניט פאַרשטאַנען, אַז דאָס קאָן אַרויסרופען אַ אידישען פּאָגראָם. ער האָט דערקלערט, אַז ער האָט עס טאַקע ווירקליך געטאָן, ווייל „אַנדערש האָט מען די פויערים ניט געקאָנט אַרויסרופען צו אַן אויפשטאַנד.“

אין דעם באַפעל, וואָס איז אַרויס באַלד נאָכ'ן פּאָגראָם אין אומאַן און איז געווען אונטערגעשריבען דורכ'ן הויפּטקאָמאַנדיר פון אומאַנישטשינע, קלימענקאָ, ווערט צווישען אַנדערעס געזאָגט: „די מאַכט פון די זשידעס איז פאַרענדיגט, און די אויפשטאַנדיגע ווערען אויפגעפאָדערט ניט צוצוהערען זיך צו די אידישע אַגענטען און פּראָוואָקאַטאָרען.“

אין מאַטוסאָוו, קיעווער גובערניע, לויט דער מיטטיילונג פון קימעלמאַן, באַציט זיך דאָס פויערטום מיט אומצוטרוי צו דער ראַטען־מאַכט, ניט רעכענענדיג איר פאַר ערנסט און אָננעמענדיג איר כמעט פאַר אַ פרעמדע אָנשיקעניש, ווי די דייטשע מאַכט. אָט דעם אומצוטרוי צו דער נייער מאַכט האָט מען קינסטליך אונטערגעהאַלטען אין די פויערים־מאַסען דורך דער אינטעליגענץ, וועלכע האָט זיך פון ערשטען טאָג אָן געשטעלט אין אָפּאָזיציע צו דער נייער מאַכט. די אָרטיגע אוקראַינישע אינטעליגענץ אין דער פערזאָן פון פּאָסט־פאַרוואַלטער און סעמינאַריסט, די לערער, האָבען געפירט אַן אָפענע אַגיטאַציע געגען דער ראַטען־מאַכט, און דערהויפּט האָבען זיי געשטעלט דעם פינטעל אויפ'ן יוד אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. „פעטליוראַס מאַכט, — טעהנה'ט איין מיט די פויערים דער פּאָטשט־נאַטשאַלניק קוליקאַ,—

איז אונזער אייגענע, ריין־אוקראַינישע; די מאַכט אָבער פון די באָלשעוויקעס איז א זשידישע.“

„אין טשערקאַס, — רעדט איין די פויערים דער לערער פּאַ־לעגאַ, — בין איך געווען אין בילדונגס־קאָמיסאַריאַט, און וואָס האָב איך דערזעהן — נאָר זשידעס, דער גאַנצער קאָמיסאַריאַט איז איבערפולט מיט זשידעס . . .“

די סאָציאַלע לאַגע פון דעם „באַטקאַ“ איז א פאַרשידענע, זיין מאַכט איז ווייט ניט גלייך אומעטום, זייער אמפּליטודע א שוואַנ־קענדע — פון „באַטקעס“, וואָס האָבען די מאַכט איבער א דאָרף, איבער א קרייז און ווען ניט ווען איבער עטליכע קרייזען, ביז „באַטקעס“, וואָס האָבען פאַרשפּרייט זייער מאַכט איבער גאַנצע גובערניעס און האָבען געשפּילט א גרויסע פּאָליטישע ראָלע (גרי־גאָריעוו, מאַכנאָ).

די לעצטע זיינען אָפטמאָל די פירער פון אוקראַינישען דאָרף, באַדייטענדע פיגורען מיט שאַרף באַצייכענטע און אויסגעדריקטע פּאָליטישע אָנשויאונגען. די קלענערע, ווייניגער וויכטיגע באַט־קעס (ווי זעליאַניי, סטרוק, אנגעל, יאַצענקאָ, טוטיוניק, קלימענקאָ, פּאָפּאָוו) זיינען ריין־פויערשע פיגורען — זיי פירען ניט קיין זעלבשטענדיגע פּאָליטיק, זיי ווערען אליין אויסגענוצט פון די אָנפירער, וועלכע פאַרשטעהען און קאָנען פּאָליטיש פאָרמולירען די אומצופרידענהייט פון מיטעלען פויערטום. יעדער פון אָט די „באַטקעס“ האָט זיין באַשטימטען ווירקונגס־ראַיאָן. אויף דרום פון קיעוו, אין טשערנאָבילער געגענט, איז טעטיג סטרוק; מערב־דיגער פון קיעוו, אין ראַיאָן פון ראַדאָמיסל און אין דער שכנות'די־גער געגענט פון זשיטאָמירער קרייז, פירט אָן סאָקאָלאָוו; צו דרום פון קיעוו, אין ראַיאָן פון טריפּאָליע, ביים דניעפּר — זע־ליאַניי; אין טאַראַשטשענער ראַיאָן זיינען טעטיג די באַנדעס פון יאַצענקאָ, גאָלוב און אַנדערע. אין ראַיאָן פון ברוסילאָוו — מאַר־זיילאָוום באַנדע. אין ראַיאָן פון ליפּאָוויץ — סאָקאָלאָווס א באַנ־דע; אַרום אומאַן — קלימענקאָ, טוטיוניק, פּאָפּאָוו. אין נעוו־סינער אומגעגענט — וואָליינעץ. ביי באַכמאַטש — אנגעל. כמעט אָט די אַלע "קליינינקע באַטקעס“ און פּעטליוראַס פּאַרטיזאַנעס (וואָס האָבען גע'ירש'ענט מעטאָדען פון פּאָליטישען קאַמף פון דער דירעקטאָריע און ווי געטרייע פּעהיגע תלמידים זיי גוט אויסגע־

נוצט) ווירקען און זיינען טעטיג אין דער אומגעגענט פון זייער אייגענער היים. סטרוק איז א פּויער פון דאָרף גריני, נעבען גארנאסטייפּאל, 23 יאָר אַלט. סאָקאָלאָווסקי איז אַן איינ־וואוינער פון דאָרף גארבינאָוו, 19 וויאָרסט ווייט פון ראַדאָמיסל, א זון פון דעם דאָרפישען דיאַקאָן (א נידריגער קלויסטער־דינער, באַהעלפער פונ'ם גלח ביים גאָטעסדינסט). זעליאַניי איז אַן איינוואוינער פון שטעטעל טריפּאָליע, אַן אָרטיגען סטאָליארס א זון, וואָס האָט זיך אין מלחמה דערדינט צו אַן אונטער־אָפיציר. מארדיילאָוו — פון דאָרף זאבייליאטש, ניט ווייט פון ברוסי־לאָוו. סאָקאָלאָוו — א געוועזענער פרידענס־ריכטער אין שטעטעל ליפּאָוועץ. וואַליינעץ — א פּויער פון דאָרף קאר־לאָווקע נעבען גייסין, 23 יאָר אַלט, געוועזען פריער א שרייבער אין א וואַלד־פארוואַלטונג. יאצענקאָ שטאַמט פון דאָרף קארזשאַ־ני, 3 וויאָרסט פון שטעטעל טאראשטשי, איז אַלט 24 יאָר, האָט געענדיגט א צוויי־קלאַסיגע פּאָלקס־שול אין טאראשטשי. אין מאַכט האָט ער זיך דערקלערט פאַר א פּעטליוראָוועץ און האָט גלייך אָנגעהויבען פירען אַן אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע: „די זשי־דעם זיינען אַלע קאָמוניסטען, זיי האָבען פארשוועכט אונזערע קלויסטערס, פאַרוואַנדלענדיג זיי אין פערד־שטאַלען."

די אָנפירענדע „באַטקעס" וואַנדערען אום פון איין געגענט אין דער צווייטער. אַזוי טוט גריגאָריעוו, וואָס האָט פארגאָסען מיט אידיש בלוט דעם גרעסטען טייל אוקראַינע. ער האָט נאָך ביים העטמאַן, פאַרנעמענדיג א פאַראַנטוואָרטליכע שטעל אויפ'ן עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטליכען געביט, באַקומען אַן ענגע פארבינדונג מיט'ן דאָרף (אליין שטאַמט ער פון אַלעקסאַנדריע, כערסאָנער גו־בערניע). ער פאָרט אום איבער די דערפער, אָרגאַניזירט אויפ־שטאַנדיגע גרופּען, בראש פון וועלכע ער איז אַרויסגעטראָטען, ווען פּעטליורא הייבט אויף די פאָן פון אויפשטאַנד נעגען העטמאַן. זיין קאַריערע־זוכען, זיין פאַרלאַנג זיך שטאַרקער אַרויסצורוקען; זיין פאַרשטעהן די קאַפּריזען פון דאָרף, זיינע מאָמענטאַלע פאַר־לאַנגען (און דער דאָרף האָט געשטרעבט, אַלס א רעאַקציע נעגען דער העטמאַנשטשינע, צו א לינקער מאַכט); — דאָס אַלץ צווינגט גריגאָריעוו'ן איבערצוגעהן אויף דעם צד פון די ראַטען. שטעלענ־דיג זיך בראש פון גרויסע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, מאַכט גריי־

גאָריעוו א זיגרייכען מארש אויף דרום, פארכאפט דעם גאנצען שטח ביז אָדעס, מיט דער לעצטער איינשליסליך. נאָר זיין א קריגספירער ביי דער ראטען מאכט באפרידיגט אים ניט, אים שמייכעלט בעסער א זעלבשטענדיגע טעטיגקייט אלס א מושל איבער דרום־רוסלאנד. ער פאנטאזירט וועגען זיין אייגענער דיק־טאטור. סיסטעמאטיש צעווילדעווענדיג זיינע אָפטיילונגען, צו־טרעטענדיג זייערע וואונשען, נאָכגעבענדיג זייערע תאוות און אינ־סטינקטען, גיט ער זיי אָפּען צו פארשטעהן, אז זיי איז אלץ דער־לויבט, ווייל זיי זיינען בעלי־הבתים איבער אָדעס. אָבער כאראק־טעריסטיש איז, אז ביז דעם מאָמענט ווען גריגאָריעוו האָט איבער־געריסען זיינע באציהונגען מיט דער ראטען־מאכט, זיך אָפּזאָגענדיג צו אונטערוואַרפען זיך דעם באפעל און ארויסצוטרעטען געגען רומייניען, — פירט ער קיין נאציאָנאלע העצע ניט.

אין אָדעס ראבירען זיינע אָפּטיילונגען ביי דער באפעלקערונג, כלומר'שט אונטער'ן אויסרייד פון א קאמף מיט דער בורזשואזיע, אָבער קיין ערנסטע עקסצעסען און פּאָגראָמען קומען ניט פאָר. אָבער גלייך ווי גריגאָריעוו ווערט דערקלערט פון דער ראטען־מאכט אויסער דעם געזעץ, כדי צונויפצוליטען, צו פארפעסטיגען די זיך פאנאנדערקריכענדע ארמיי, קומט אָן גריגאָריעוו צו דעם אלטען אויסגעפּרואווטען אין אוקראינע מיטעל: ער מאכט אידענטיש די ראטען־מאכט מיט'ן אידענטום און שטעלט ארויס דעם לאָזונג פון פארניכטען דאָס אידענטום.

גריגאָריעוו פּראָקלאמירט זיין „אוניווערסאל“, וועלכער איז א טרויעריגער אָנדענקען פון זיין טעטיגקייט און וועלכער האָט גע־שפּילט אזא פאטאלע ראָלע פאר'ן אוקראינישען אידענטום. אויס־געהאלטען אין סטיל פון רעוואָלוציאָנערער פראזעאָלאָגיע, האָט דער „אוניווערסאל“ צום סוף גערופען צום שטירצען די ראטען־מאכט, וואָס באשטעהט פון מאָסקאלען, פרעסער אויף א פרעמדען חשבון, און פון מענשען פון דעם לאנד, וואו מען האָט געקרייציגט קריס־טוסען; און ער פארענדיגט מיט'ן רוף אויסצומאָרדען די אידען. גריגאָריעווס לאָזונג האָט געפונען אָן אָפּקלאנג אין אוקראינישען דאָרף; אים כאפּען אויף אויף די ערטער, ווי די אָרטיגע „באט־קעס“, אזוי אויך די שווארץ־מאה'דיגע עלעמענטען פון אוקראינער שטאָט און דאָרף, און איבערהויפּט די שווארץ־מאה'דיגע אינטע־

ליגענץ, וואָס געפינט זיך אין אַ גרויסער צאָל אין שטאָט און שטעטעל. דאָס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר גריגאָריעווס פּע־ריאָד, וועלכער איז אַ פאָרלויפער פון דעניקינען אין דער הינזיכט. אַזוי איז אין שטעטעל ה אָ ר אָ ד י ש ט ש ע, קיעווער גובערניע, דער אָנפירער פון גריגאָריעווס אָטריאַדען אַ געוויסער גריצע, אַ געוועזענער אָפיציר. דעם פּאָגראָם פירט אָן אַ הייפעל לערער און שילער פון דער אָרטיגער גימנאַזיע און לאַנדווירטשאַפטליכער שול. זיי זיינען ניט נאָר די באַגייסטערער און אָנפירער, נאָר זיי האָבען אויך אַליין אַקטיוו געראַבירט און געמאָרדעט.

אין שטעטעל ז ל אַ ט אָ פּ אָ ל, קיעווער גובערניע, נעמט אַנטייל אין פּאָגראָם, חוץ דעם קליינבירגערטום, אויך אַ טייל פון דער אָרטיגער אינטעליגענץ, וואָס איז שוואַרץ־מאה'דיג גע־שטימט. אין גרויסען שטעטעל ס ט אַ ו ו י ש ט ש ע, קיעווער גובערניע (איבער 1000 אידישע משפחות), נעמען אַנטייל אין פּאָגראָם פיל פּ ר י צ י ם, ס ט ו ד ע נ ט ע ן, ג י י ס ט ל י כ ע, — זיי האָבען זיך אָפען דערקלערט פאַר וויים־גוואַרדייצעס.

דער שרעקליכער יעליסאַוועטגראַדער פּאָגראָם קומט פאָר אונ־טער די אויסרופען „שלאָג די אידען, שלאָג די קאָמוניסטען.“

אין נאָוואָמירגאָראָד האָט דער קאַזיאָנער ראַבינער אין זיין עדות־זאָגען מיטגעטיילט, אַז די סאָלדאַטען האָבען אים אָנגע־כאַפּט, זיך צוגעצילעט צו אים און געשריען: „דו זשיד — פאַר־פלוכטער פּרצוף! דו קאָמוניסט!“

אין באָגוסלאַוו האָבען די פּויערים דער'הרג'עט די אידען, דערקלערענדיג, אַז זיי זיינען אַלע קאָמוניסטען און באָלשעוויקעס. דאָס זעלבע קומט פאָר אין טאַראַשטשע, אין סטאַווישטשע און אין צענדליגער און הונדערטער צעגראָמירטע אידישע ישובים . . . אין טשערקאַס, אויסשלאַכטענדיג אָן אויסנאַם אַלע אידען, וועלכע מען האָט נאָר געדאַרפט, האָבען די מערדער געשריען: „אייך האָט זיך פאַרוואָלט הערשען איבער אונז! . . .“

ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גריגאָריעווטשינע, אַז אין דער אַגיטאַציע פון דער אינטעליגענץ אין דאָרף ווערט, חוץ די אַלע שוין באַקאַנטע מאָטיוועו, נאָך צוגעגעבען און באַזונדערס באַטאָנט, אַז די אידען האָבען פאַרכאַפּט און פאַרגוואַלטיגט די קריסטליכע רעליגיע, — אַ מאָטיוו, וואָס איז אַן אָפּקלאַנג פון

גריגאָריעווס אוניווערסאַל („פון אַ לאַנד, וואו מען האָט געקריי־
ציגט קריסטוס").

און דאָס, וואָס אַרום גריגאָריעוו'ן און די לאָזונגען, וואָס ער
האָט געוואָרפען אין לאַנד, האָבען זיך גרופירט ניט נאָר דער פוי־
ערטום־עלעמענט, נאָר אויך די שווארץ־מאה'ניקעס, וואָס חלומ'ען
נאָך וועגען דעם צוריקקער פון דער אַלטער ליבער צארישער אָר־
דענונג, גיט צו זיינע פּאָגראָמען אַן אויסערגעוויינליך גרויזאַמען,
אַכזריות'דיגען כאַראַקטער פון פּאַרניכטען און אויסראָטען דעם
גאַנצען אידענטום. די פּאָגראָמען פלעגען אומעטום דורכגעפירט
ווערען ווי דורך אַ פּאָראויס אויסגערעכענטען פּלאַן. דער זיגריי־
כער טריאומף־מאַרש פון גריגאָריעוו'ן ווערט באַגלייט און געפינט
זיך אונטער'ן צייכען פון פּאָגראָמען, וואָס ווערען אַמאָל געמאַכט
פון אים, „דעם אַטאַמאַן" אַליין, אַמאָל פון זיינע געהילפען:
אָוואַוראָוו, טוטיוניק, ניעטשאַיעוו און אַנדערע.

די פּאָגראָמען אין מאַי, איבער גאַנץ אוקראַינע, קומען פאָר
אונטער דעם צייכען פון גריגאָריעווטשינע און פאַרכאַפּען דעם
דרום־מזרח פון קיעווער גובערניע (טשערקאַס־טשיגאָרינער געגענט).
די איבעריגע האָבען אויסגעבראָכען אין די שכנות'דיגע טיילען
פון כערסאָנער און פּאָלטאַווער גובערניעס. אַ קלענערער טייל
פּאָגראָמען ווערט דורכגעפירט, ניט פון גריגאָריעווס באַנדעס גופא,
נאָר פון די אָרטיגע איינוואוינער, אונטער דער ווירקונג פון זיין
„אוניווערסאַל".

כראָנאָלאָגיש זיינע די פּאָגראָמען פאָרגעקומען אין פאָלגענ־
דער אָרדענונג: ז ל א ט אָ פּ אָ ל — דעם 2־8 מאַי; ז נ אַ־
מ ע נ ק אָ — דעם 3־טען מאַי; ל ע ב ע ד י ן — דעם 5־טען
מאַי; ה אָ ר אָ ד י ש ט ש ע — דעם 11־12 מאַי; אָ ר ל אָ ו ו ע ץ
— 12־טען מאַי; ז ל אָ ט אָ נ אָ ש ע — 12־טען; ר א ט מ י ס ט־
ר אָ ו ו ק ע — 13־14; מ א ט ו ס אָ ו ו א — 13־14; ב ע ל אָ־
אָ ז ע ר י ע — 14־15; ס מ ע ל א — 14־15; י ע ל י ס אַ־
ו ו ע ט ג ר א ד — 15־17; נ אָ ו ו אָ מ י ר ג אָ ר אָ ד — 17־טען
מאַי; ט ש ע ר ק א ס — 16־21; ר י י ג אָ ר אָ ד — 20־טען
מאַי; ס א ב אָ ל י נ ע, זנאַמענער צוקער־פאַבריק — 20־טען
מאַי; אַ ל ע ק ס אַ נ ד ר י ע — 22־טען מאַי; ט ש י ג י ר י ן —
25־טען מאַי; אַ ל ע ק ס אַ נ ד ר אָ ו ו ק ע — 15־18; ס ט ע־

פּאַנאָווקע — 18־טען מאַי; סעמיאָנאָווקע — 19; גראַסעלאָוו — דעם 20־טען מאַי.

צו דערזעלבער צייט קומען פאָר די פּאָגראָמען אין פונדוקלעיעווקא, לעבעדעווקע, קאַמענקע, טעלעטינע, אויף דער סטאַנציע באָברינסקאַיאַ, צוועטקאָוו, מאַשנע, גלאַווּבין, קאַסעל, טאָמאַשאָוו, איוואַנאָווקע, וועסיאָליי קוט, וועסיאָליי פּאָדאָל, און אַנדערע.

אין אַן ענגער פאַרבינדונג מיט גריגאָריעווס אוניווערסאַל שטעהען אויך די מאַי־פּאָגראָמען אין אומאַנער ראַיאָן, וואָס איז געאָגראַפיש דערווייטערט פון דער אוממיטעלבאַרער פאַנאַנדער־קוואַרטירונג און דורכמאַרשירונג פון זיינע אָטריאַדען.

פון זיי איז דער בלוטיגסטער געוועזן אין אומאַן, דעם 13־טען מאַי. דערנאָך אין דובאָווע, דעם 13־14־טען מאַי; אין טאַלנע, דעם 13־טען; אין קריסטינעווקע, לאַדיזשענקע, און אין די דערפער וויאַזאָוואַס, מאַנקאָווקע, איוואַנקע, בוק, און אַנדערע.

די איבערגעבליבענע רעשטען פון גריגאָריעווס אָטריאַדען טוען זייער הענקער־מלאכה אין יוני. זיי האָבען צעגראָמירט אין קיעווער גובערניע: דעם 15־טען יוני סטאַווישטשע; דעם 16־טען — טאַראַשטשע; דעם 20־טען — וואָלאָדאַרקע, רייזשאַנאָווקע; דעם 23־טען — סקווער; דעם 27־טען צום צווייטען מאָל אַלעקסאַנדריע, אין כערסאָנער גובערניע.

גריגאָריעווס באַוועגונג האָט אַ תל געמאַכט פון אַ רייע שטעט און שטעטלעך; צענדליגער טויזענטער אידען זיינען געטייט און פאַרקריפּעלט געוואָרען; טויזענטער אידישע פרויען און מיידלעך פאַרגוואַלטיגט. נאָך דעם פּאָליטישען ציל, וואָס ער האָט זיך געשטעלט, האָט זיך אים דאָך ניט איינגעגעבען צו דערגרייכען: קיין מושל איבער אוקראַינע איז ער ניט געוואָרען.

ער האָט געקאָנט אָרום זיך צונויפקלייבען מאַסען אויף דורכצופירען זיין צעשטערענדע טייוועלשע אַרבייט. דערצו זיינען געווען גענוג די אויפגערייצטע חיות־געפילען, די שנאה צו דער זשידישער ראַטען־ממשלה; אָבער שאַפענדעס, בויענדעס, פּאָזי־

טיוועס האָט זיין פראָגראַם ניט פאַרמאָגט. ער האָט געקאָנט אונטערגראָבען און אָפּשוואַכען די מאַכט פון די ראַטען און עפענען ברייט די טירען פאַר דעניקינען. מיט דעם לעצטען איז ער גע־שטאַנען אין געוויסע באַציהונגען. וועגען דעם זיינען פאַראַן גע־וויסע ידיעות. ער האָט אים פאָרגעלייגט געמיינזאַם אויפצוטרע־טען געגען דער ראַטען־מאַכט און אויך געגען דער דירעקטאָריע. אָבער ער איז אליין צעקלאַפּט געוואָרען, זיינע מחנות האָבען זיך צעשפּאָלטען: א טייל איז אריבער צו דער ראַטען־מאַכט, און די אַנדערע האָבען זיך פאַרנומען מיט דער פּאָזיטיווער ראַבירונגס־טעטיגקייט אונטער דער אָנפירונג פון באַזונדערע קליינע אטאַמאַ־נעס. גריגאָריעוו אליין איז דערשטאָכען געוואָרען פון א צווייטען גרויסען „באַטקא“, מאַכנאָ.

א קאָלאָסאַלען אינטערעס שטעלט פאָר מיט זיך די רעזאָלו־ציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען פון די פּאַרטיזאַנעס פון דעם „אידיינעם באַטקא“ מאַכנאָ בנוגע דער דערמאָרדונג פון גרי־גאָריעוו׳ן.

(די אויסצוגען זיינען אַרויסגענומען פון דעם פּראָטאָקאָל נום. 4 פון דער זיצונג פון רעוואָלוציאָנערען ראַט פון די פּאַרטיזאַנעס פון כערסאָנשטשינע, טאַורידע, און יעקאַטערינאָסלאַוושטשינע, צוזאַמען מיט די אָנפירענדע קאָמאַנדירען, דעם 28־טען יולי 1919.)

„פאַררעכענען די דערמאָרדונג פון דעם אטאַמאַן גריגאָריעוו, דעם 21־טען אויגוסט 1919 אין דאָרף סעפּראַווא, אלעקסאַנדריער קרייז, כערסאָנער גובערניע, דורך דעם אידיינעם פאָרשטעהער פון די אויפשטאַנדיגע, דעם באַטקא מאַכנאָ, פאַר אַן אומבאַדינגט נייטיגען געשיכטליכען פאַקט, ווייל זיין פּאָליטיק, זיין טעטיגקייט און זיינע אבזיכטען זיינען געווען קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע. ער האָט זיך געשטעלט אלס הויפּט־ציל צו העלפען דעניקינען און די איבעריגע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען, — דאָס באַווייזען די אידישע פּאָגראָמען און די באַוואָפענונג פון די קולאַקעס (די רייכע פּויערים).

„פאַררעכענען דאָס באַהעפטען פון זיין אַרמיי צו דעם „באַט־קא“ מאַכנאָס פאַר א נייטיגע, אום צוצונעמען פון אים די ערליכע פּאַרטיזאַנעס, וואָס קעמפען פאַר רעוואָלוציאָנערע אידעען, נאָר צו־ליב זייער אומבאַוואוסטזיניגקייט און פאַרפינסטערטקייט, געהען

זיי אים בלינד נאָך. מיר האָפען, אז איצט וועט ניט זיין ווער עס זאָל סאַנקציאָנירען אידישע פּאָגראָמען, און דאָס ערליכע ארבייטענדע פאָלק וועט אויפשטעהן געגען דער קאָנטר־רעוואָלוציע, ווי דעניקין און אנדערע, און אויך געגען די באָלשעוויקעס און קאָמוניסטען, וואָס ווילען מיט געוואַלט איינפירען זייער דיקטאַטור מיט דער הילף פון געדונגענע פּרעטאָריאַנער פון אונגאַרן, כינעזער און לאַטישען.

די היסטאָרישע פאָלגען פון גריגאָריעווס דערמאָרדונג האַלט די מאַכנאָווטשינע פאַר איר רעוואָלוציאָנערען חוב צו נעמען אויף זיך.

„נידער מיט די אידישע פּאָגראָמען! זאָל לעבען די רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנדיגע אוקראַינע! זאָל לעבען די אומאָפּהענגיגע סאָציאַליסטישע ראַטען־רעפּובליק! זאָל לעבען דער סאָציאַליזם!"

אונטערגעשריבען זיינען: דער פאָרזיצענדער באַטקא מאַכנאָ, דער סעקרעטער שעווצענקאָ, באַשטעטיגט דער געהילף־נאַטשאַלניק פון שטאַב מאַנגילאַס, און אנדערע.

לייענענדיג די רעזאָלוציע, קאָן דער לעזער געוויס מיינען, אז דער „אידיינער באַטקא" מאַכנאָ, וואָס האָט דערהרג'עט גריגאָריעוו'ן פאַר מאַכען אידישע פּאָגראָמען, איז געוויס ריין פון אידישען בלוט. הייבט זיך גאָר ניט אָן. די באַנדעס מאַכנאָס האָבען אָפּגעטאָן א סך מעשים תעתועים און האָבען חרוב געמאַכט גאַנצע אידישע שטעט און שטעטלעך.

אויף זיין געוויסען ליגען טויזענטער דערהרג'עטע און דערמאַטערטע אידען, די פולקומע פאַרניכטונג פון כמעט אלע אידישע קאָלאָניעס. דער „אידיינער באַטקא" אליין האָט דאָ גערופען צו פּאָגראָמען, דאָ געקעמפט געגען זיי, — אלץ האָט זיך געווענדט אָן דער פּאָליטישער סיטואַציע פון מאָמענט . . .

מאַכנאָ איז אַן אינטעליגענט, א דאָרפישער שול־לערער, א געוועזענער פּאָליטישער קאַטאָרזשניק, א קלוגער און מיט אַן אומגעהייערער ענערגיע. אין דער ערשטער פאַזע פון דער רוסישער רעוואָלוציע איז ער געווען א מיטגליד פון עקזעקוטיווען קאָמיטעט פון יעקאַטערינאָסלאַווער ארבייטער־ראַט. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע איז ער פּאָפּולער געוואָרען אין יעקאַטערינאָסלאַווער גו־

בערניע, וואו ער האָט צוגעגרייט אַן אויפשטאַנד געגען די דייטשען. אין די אויגען פון דאָרף איז מאַכנאָ געוואָרען איינער פון די „היי־ליגע קעמפער“ פאַר דער פאָלקס־זאַך, וואָס האָט צוגעגרייט דעם סוף פון דעם פאַרהאַסטען דייטשען יונקער־רעזשים, וואָס האָט אָפּגערייניגט אוקראַינע און דערביי אָנגעווענדט אין דאָרף די שאַרפסטע טעראָריסטישע מיטלען. אַזוי ווי גריגאָריעווס אַרמיי, פאַרנעמען מאַכנאָס מחנות אַ גאַנצע רייע דרום־גובערניעס (דעם 18־טען מערץ פאַרנעמט ער בערדיאַנסק, דעם 31־טען מערץ — מעליטאָפּאָל, אַטשאַקאָוו, סיוואַש), וועלכע געהען איבער צו דער ראַטען־מאַכט, און דעריבער איז זיין פאַרראַט ניט אַזוי פילבאַר געוועזן פאַר דער ראַטען־מאַכט, ווי גריגאָריעווס פאַרראַט.

מאַכנאָ האָט געשטרעבט צו אַ זעלבסטשטענדיגער פּאָליטיק; זיין נאָמען איז געוועזן זעהר פּאָפּולער אין יעקאַטערינאָסלאַוו־שטשינע און די שכנות'דיגע גובערניעס צווישען דעם פויערטום, און ער האָט עס אויסגענוצט. ער רופט זיך אַנאַרכיסט, דאָך לייקענט ער אָפּ יעדע פאַרבינדונג מיט די אַנאַרכיסטען. ער וויל זיין נאָך אַנאַרכיסטישער פון די אַנאַרכיסטען.

זיין פּאָליטיק בנוגע צו זיינע פּאַרטיזאַנעס און צו דעם פויער־טום איז זייער צו דערנעהנטערען צו זיך. ער גיט זיי אָפּ, באַזונדערס דעם אָרימערען טייל, דאָס אָנגעראַבירטע און פאַרכאַפּטע אין די שטעט און שטעטלעך, דערהויפּט אידיש אייגענטום. אַזוי האָט ער פאַנאַנדערגעגעבען זאַלץ (זעהר אַ זעלטענער און שרעקליך טייערער אַרטיקעל) צו די פויערים אומזיסט. אין זיינע באַצי־הונגען צו דער ראַטען־מאַכט איז ער אַ טיפּישער פאָרשטעהער פון מיטעלען פויערטום, דריקט אויס זיינע שטימונגען. ער איז קיינ־מאָל ניט געוועזן אויף דער זייט פון די ראַטען; ער האָט זיי אונטערשטיצט אין דעם ערשטען פּעריאָד, ווען מען האָט אומגע־שטירצט די העטמאַנשטשינע, רעכענענדיג איר אין פאַרגלייך מיט דער דירעקטאָריע פאַר דער שטאַרקער און קאָנזעקווענטער, אויס־געהאַלטענער; ער איז אויפגעשטאַנען געגען איר ווי געגען דער מאַכט פון שטאָט. נאָר אין דערזעלבער צייט קעמפט ער אויך געגען דעניקינען און דער פרייוויליגער אַרמיי, ווי געגען אַזעלכע, וואָס קומען פאַרשקלאַפּען דאָס פויערטום און אויפשטעלען די פריצישע הערשאַפט פון פאַר דער רעוואָלוציע. ער איז פאַר דער

ראַטען־מאַכט, נאָר איז געגען „די באָלשעוויקעס־קאָמוניסטען, אונ־גאַרען, כינעזער, לאַטישען."

אין אַ מאָמענט פון אַ געפאַר פון רעכטס קעמפט ער געגען דעניקינען, געגען גריגאָריעוו'ן, דערמאָרדעט אים אייגענהענטיג, מאָטיווירענדיג דאָס מיט גריגאָריעווס קאָנטר־רעוואָלוציאָנעריש־קייט, וואָס דריקט זיך אויס אין אונטערהאַנדלונגען מיט דער קיע־ווער רעגירונג, אין די אידישע פּאָגראָמען. אין מאָמענט אָבער, ווען ער קעמפט געגען די ראַטען, רופט ער אַליין צום דערמאָרדען, פאַרניכטען די אידען, באַנוצענדיג זיך דערביי מיט די אונז שוין באַקאַנטע לאָזונגען.

ווי אַ פּערזענליכקייט איז מאַכנאָ ניט טיפּיש פאַר אַ „באַט־קאַ" — פאַר דעם איז אין אים פאַראַן צופיל אינדיווידואַליטעט. ווי אַ פּאָליטיקער אָבער איז ער דער אמת־טיפּישער, מער צוגע־פאַסטער פון אַלע איבעריגע, אין יעדען מאָמענט פאַרקערפּערט ער אין זיך אין גאַנצען די אינטערעסען און דעם ווילען פון דעם מי־טעלען פויערטום פון דעם אוקראַינישען דאָרף.

אינטערעסאַנט, אָבער ניט טיפּיש, איז די דריטע גרויסע פיגור אויפ'ן פינסטערען פאָן פון דער „באַטקאָווששטשינע" — מ א ז ו ־ ר ע נ ק אָ , וועלכער טרעט אַרויס אין זיינע אויפרופען, ווי דער קאָפּ פון דער גאַנצער באַוועגונג, „דער באַטקאַ באַטקעוו", ד. ה. דער עלטסטער „באַטקאַ" צווישען די פילע קליינע דאָרפישע און קרייז־באַטקעס. מאַזורענקאָ שטאַמט אָפּ פון אַ באַוואוסטער אוק־ראַינישער משפחה פון פּאָליטישע טוער. ער איז אַן אינטעליגענט אין אייראָפּייאישען זין פון וואָרט. אין אָנפאַנג האָט ער פאַר־נומען אַ פאַראַנטוואָרטליכע שטעלע ביי די ראַטען, — ער איז געווען פאַרוואַלטער פון דער אַלאוקראַינישער אָפּטיילונג פאַר קונסט און איז צוגלייך געווען מיטגליד פון קיעווער אַרבייטער־ראַט, וואו ער האָט אָנגעהערט צו דעם לינקען פליגעל פון דער אוקראַינישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (די אומאָפּהענגיגע ס. ד.), וועלכע האָבען געשטרעבט צו דער דעמאָקראַטיזירונג פון דער ראַטען־סיסטעם אין אוקראַינע, שאַפענדיג אין די ראַטען אַ פויערים־מערהייט.

עס איז שווער זיך פאָרצושטעלען, אַז דערזעלבער הומאַנער מאַזורענקאָ האָט געקאָנט ווערען דער אויטאָר פון אַ גאַנצער ריי שרעקליכע אויפרופען געגען אידען און דער אויפהעצער צו פּאָג־

ראָמען, וועלכע זיינען דורכגעפירט געוואָרען פון די אויפשטאַנדיגע באַנדעס.

איך האָב שוין פריער אָנגעוויזען די נעמען און די געגענטען, אין וועלכע עס זיינען טעטיג געווען די וויכטיגסטע פון דער גרויסער צאָל קליינע באַטקעס. זיי זיינען פול אין גאַנץ אוקראַינע און מאַכען אַ תהו ובוהו אין זייערע „אייגענע" ראַיאָנען. דאָס אידענטום איז אינגאַנצען אָפּהענגיג פון דעם גוטען ווילען און פון די שטימונגען פון די „באַטקעס" און זייערע באַנדעס. פון זיי איז אָפּהענגיג דאָס לעבען און טויט פון צענדליגער, צענדליגער טויזענטער אידען. ארויסרייסען זיך, אַנטלויפען איז ניטאָ וואוהין. גאַנץ אוקראַינע איז פול מיט זיי, גאַנץ אוקראַינע איז צעטיילט צווישען זיי, און נאָר ווי איינזאַמע אינזלען שטעהען צעוואָרפען שטעט און אייזענבאַן־סטאַנציעס, וואָס דער ראַטען־מאַכט געלינגט ביז אַ געוויסער צייט איינצוהאַלטען. געלינגט אַ באַנדע איינצונעמען אַ שטאָט, מאַכט זי פון דער אידישער באַפעלקערונג דאָרט אַ תל. אַלץ ווערט חרוב ומוחרב, ביז וואַנען דער ראַטען־מאַכט גיט זיך איין די שטאָט ווידער אָפּצונעמען.

די סיסטעמאַטישע טעטיגקייט פון די באַנדעס הייבט זיך אָן צום אָנפאַנג מערץ. אין ראַדאָמייסלער געגענט הייבט אָן טעטיג צו זיין סאָקאָלאָווסקים באַנדע. אין אַפּריל בליט זיך פּאַנאַנדער, איבערהויפּט, די טעטיגקייט פון סטרוק אין טשערנאָבילער קרייז. דעם 7־12־טען אַפּריל טוט די מערדער־שייקע איר ארבייט אין טשערנאָביל גופא. אין אָנפאַנג מאַי צעגראָמירען זיי גאָרנאָסטייפּאָל (דעם 3־טען); איוואַנקאָוו (דעם 4־טען), און זיי מאָרדען און ראַבירען אין אַ גאַנצער ריי גרעסערע און קלענערע דערפער אין אומגעגענט. דערהויפּט ביי די ברעגעס פון דניעפּר, וואו זיי פלעגען אָפּשטעלען די שיפען און דערטרינקען די אידען. אַזעלכע חרוב געוואָרענע פונקטען זיינען ענדע אויגוסט פאַררעגיסטרירט געוואָרען 32. אין משך פון גאַנצען אַפּריל טוט אָפּ מעשים תעתועים סאָקאָלאָווסקי, אין זיין ראַיאָן. עס הייבט אָן צו ווירקען נעבען קיעוו גופא זעליאָנים באַנדע. פון איר ווערען צעגראָמירט וואַסילקאָוו (7־15 אַפּריל), רזישצעוו (דעם 9־טען אַפּריל), דער דאָרף פּליסעצקאָיע, דער דאָרף אַלשאַנקע, און אַנדערע.

עס באַוויזען זיך פּאַרטיזאַנעס אין טאַראַשטשער ראַיאָן, וועל־כע זיינען פון 4־טען ביז'ן 25־טען אַפּריל טעטיג אין באָגו־סלאַוו. אין משך פון די נאָענטע עטליכע חדשים זעצען די באַנדעס פאָר זייער שרעקליכע אַרבייט. אין סאָקאָלאָווסקים ראַ־יאָן האָט דעם צווייטען מאָל געליטען ראַדאָמיסל (דעם 13־טען יוני), ברוסילאָוו (דעם 15־טען יוני), כאַדאַט־קאָוו (דעם 20־טען), קראַסטאָישעוו (דעם '20־טען), טשערניאַכאָוו (דעם 24־טען), דערנאָך קאַרנין. דעם צווייטען מאָל ווערט צעגראַמירט דובאָווע (דעם 7־טען יולי). זעליאַניי צעראַבירט אָבוכאָוו (דעם 24־טען יולי) און קאַ־טשעאַרלייק.

אָן אויסערגעוויינליך מאַוים'דיגען כאַראַקטער נעמט אָן די פּאָגראָם־טעטיגקייט פון די באַנדעס דעם חודש יולי. פּאָגראָמען קומען פאָר אין פּאָדאָליער, קיעווער און וואָלינער גובערניעס, דער־ביי, פּונקט ווי אין יוני, געהט קיעווער גובערניע פּאָראויס.

פון די פאַררעגיסטרירטע פּאָגראָמען מיט אַ באַשטימ־טער דאַטע פאַלט אויס אויף קיעווער גובערניע פאַר דעם חודש — 26, אין וואָלין — 8, אין פּאָדאָליען — 13. אין קיעווער גובערניע ווילדעוועז נאָר די באַנדעס, אין די איבעריגע צוויי — די באַנדעס און פּעטליוראַס רעגולערע אַרמיי.

פון נייע געגענטען טרעט צום ערשטען מאָל אַרויס פּאָגרע־בישטשענסקער ראַיאָן, וואו עס זיינען צעגראַמירט באַר־שטשאַגאָווקאַ (דעם 3־טען יולי), דזשונקאָוו (דעם 5־טען), ניי־פּאַסטאָוו (דעם 11־טען), וואָלאָדאַרקע (דעם 2־טען, 9־טען און 11־טען יולי) און אַ ריי דערבייאיגע דער־פער. אין דער ריכטונג צו מערב, אויפ'ן גרעניץ מיט וואָלין: פּרילוקי (4־טען יולי), וואַכנאָווקע (דעם 8־טען), טורבאָוו (דעם 9־טען) און קאַלינאָווקע (דעם 14־טען). אין סאָקאָלאָווסקים ראַיאָן: ברוסילאָוו (דעם 5־טען), קאַרנין (דעם 9־טען), יאַסנאָגאָראָדקאַ (דעם 15־טען).

אין זעליאַניים געגענט: רזשישטשעוו (דעם 1־טען און 13־טען יולי), קאַזין (דעם 17־טען) און פּערעיאַסלאַוול, פּאָלטאַווער גוב. (דעם 15־19 יולי). אין טאַראַשטשער ראַיאָן: באַלטקי (דעם 2־טען יולי), קאַשעוואַטאָיע (דעם 17־24),

און צום סוף, דעם 24־טען יולי, די פורכטבארע שחיטה אין אומאַן.

אין וואָלינער גובערניע זיינען צעגראָמירט: קאדרי (דעם 6־טען און 15־טען), כאמאָווקע (9־11), קאמעניי בראָד, קאטעלניע און זארובינצי (10־טען), דאָמבראָוויץ (דעם 10־טען), סלאָוועטשנאָ (דעם 10־טען) און קסאראָוו (דעם 20־טען). אין פּאָדאָליער גובערניע: זשמערינקע (דעם 3־טען), בראאילאָוו, פּיקאָוו, שענדעראָוו, וואראָנאָוויץ, אבאַדין (דעם 10־טען יולי), יאנאָוו (11־15), טולטשין (14־טען), לוטין (18־טען), נאָוואָ־קאָנסטאנטינאָוו, טעפּליק, גייסין, פּעטשערא (דעם 20־טען ביז'ן 25טען יולי).

איייניגע פון די אויבען־אָנגערופענע פונקטען האָבען איבערגעלעבט צו עטליכע פּאָגראָמען (ראַדאָמיסל, טשערניגאָוו, קארנין, וואלאדארקע, יעליסאַוועטגראַד און פילע אנדערע). אייניגע האָבען איבערגעטראָגען צו 4, 5 און אפילו 10 פּאָגראָמען. אייניגע פּונקטען האָבען איבערגעלעבט א פּאָגראָם אָן אן איבעררייס, ביז וואנען עס איז מער ניט געווען וועמען צו קוילענען, עס איז מיט'ן שורש ארויסגעריסען געוואָרען די גאנצע אידישע באַפעלקערונג און צעראַבירט דאָס גאנצע אידישע פארמעגען.

די אויגוסט־פּאָגראָמען זיינען שוין אומבאדייטענדע. פּערעיאסלאוול (פּאָלטאַווער גובערניע) איז צום צווייטען מאָל צעראַבירט געוואָרען דעם 3־טען אויגוסט פון לאָפּאַטקינס באנדע. אזיניניעץ (2), גאָלאָוואנעווסק, דעם 4־טען, און דעם 28־טען בעלאָצערקאָוו.

די פּאָגראָם־לאָזונגען זיינען אין דער באַטקאָווּשטשינע דיזעלבע ווי ביי פּעטליוראַן, ווען ניט ווען מיט קליינע ענדערונגען אין נוסח.

אין מאַטוסאָוו האָבען די באנדיטען, דערמאָרדענדיג די אידען, געשריען: „זשידאָווּשטשינע, ווי לאנג וועט איר נאָך איבער אונז הערשען."

אין סלאָוועטשנאָ האָבען די מערדער געשריען: „נאט, אָט האָט איר אייך קאָמונע, אָט האָט איר אייך אַ זשידישע ממשלה."

אין טשערנאָביל האָבען סטרוקס באַנדיטען אַרויסגעשלעפּט די אידען פון די הייזער מיט די קולות: „זשידעס־קאָמוניסטען, מאַכט אויף די טירען, — אַניט וועלען מיר אייך אויסשלאַכטען, אויס'הרג'ענען און דערטרינקען אַלעמען". דאָרט האָבען די אָנ־פירער פון די סטרוקאָוועצעס דערקלערט, אז דער צוועק פון זייער קומען איז צו דערטרינקען און אומצוברענגען די קאָמוניסטען און די בורזשועס, וועלכע באַ'עולה'ן און באַ'גזלנ'ען דעם אַרבייטער־קלאַס און דאָס פויערטום. די קאָמוניסטען און די בורזשועס זיינען עס די זשידעס.

אין זיינע אויפרופען האָט סטרוק שטענדיג גערעדט וועגען די קאָמוניסטען און קיינמאָל ניט פאַרגעסען צוצוגעבען, אז די זשי־דעס־קאַפּיטאַליסטען האַלטען זייער צד. עס איז צו טרעפען מער קאָמפּליצירטע מאָטיווען, למשל, וועגען דער אוקראַינישער „סאַ־מאָסטינאָסט" — זעלבסטשטענדיגקייט.

סטרוק האָט אויף אַ מיטינג אין טשערנאָביל אויסגערופען צום המון: „שלאָגט די אידען, ראַטעוועט אוקראַינע!"

אין ראַדאָמיסל האָט סאָקאָלאָווסקי געגייט די אידען פאַר'ן דערשאָסען ווערען צו זינגען: „עס איז נאָך ניט אונטערגעגאַנגען אוקראַינע."

שרעקליכע פאָלגען האָט געהאַט די טעטיגקייט איבער אוקראַי־נע פון די פאַרשידענע באַנדעס און זייערע „באַטקעס".

די באַטקאָווטשטשינע האָט געהאַט אויך אַ גרויסע און נאָענטע שייכות צו דער דירעקטאָריע. אַ גאַנצע ריי „באַטקעס" זיינען נישט מער, ווי פּעטליוראַס פּאַרטיזאַנעס. זייערע געוואוינהייטען און מנהגים, די פּאָליטישע חכמה צו פירען דעם קאַמף מיט די באָלשעוויקעס דורך אידישע פּאָגראָמען, האָבען זיי איבערגענומען אין פּעטליוראַס און דער דירעקטאָריעס שול.

די באַטקאָווטשטשינע דערגענצט און פאַרפולקומט די פּאָגראָם־טעטיגקייט פון דער דירעקטאָריע. אַ דאַנק דער באַטקאָווטשטשינע דאַרף די דירעקטאָריע נאָר אין זעלטענע פאַלען אָנקומען צו מילי־טערישע פּאָגראָמען. די פּאָגראָמען דעמאָראַליזירען די אַרמיי, צושטערען איר דיסציפּלין און פאַרוואַנדלען איר אין אַ מערדער־און רויבער־שייקע, וואָס איז, זעלבסטפאַרשטענדליך, ניט געוואונ־שען דער מלוכה־מאַכט. די באַטקאָווטשטשינע איז אַ לאָקאַלע ער־

שיינונג, וועלכע שטיצט זיך איבערהויפּט אויפ'ן אָרטיגען פויער־טום. זי איז אומפּאַרטייאָרטליך פאַר דער מערב־איראָפּייאישער געזעלשאַפטליכער מיינונג. די „באַטקעס" קומט קיינמאָל ניט אויס, צוליב אינטערעסען פון הויכער פּאָליטיק, אָפּצוהאַלטען זייער דראַנג און ברייטען שוואונג אין דער פּאָגראָמען־טעטיגקייט. פאַר דער „אַנטאַנטע" דאַרף מען זיך לאַנג ניט פאַרקלערען וועגען אַ תירוץ, און מען קאָן די „באַטקעס" אַרויסשטעלען אַלס אַן אָר־טיגע רויבער־שייקע. אין דערזעלבער צייט פירען זיי אויסגע־צייכענט אויס די גאַנצע אומריינע, ניט אַנשטענדיגע, אָבער ניי־טיגע אַרבייט פון „אָנשרעקען" די אידישע באַפעלקערונג — אָן אָנשרעקען, נאָך וועלכען עס איז שוין מער כמעט ניט געבליבען וועמען צו שרעקען, — דיסאָרגאַניזירען די שטעט און שטעטלעך, און אויף אַזאַ אופן באַקעמפען די ראַטען־מאַכט. די „באַטקאָוו־שטשינע" האָט געזייט און די פירות האָט צונויפגענומען די די־רעקטאָריע. זי שטרעבט דעריבער צו אָרגאַניזירען דעם אויפ־שטאַנד, צענטראַליזירען זייער ווילען און שטרעבונגען, און ריכטען זייער טעטיגקייט נאָך אַ באַשטימטען פּלאַן.

אין די מיליטערישע באַריכטען, צוזאַמען מיט די ידיעות וועגען דער לאַגע אויף פּעטליוראַס פראָנט, ווערט דערציילט אויך וועגען די נצחונות אויפ'ן אויפשטאַנדיגען פראָנט.

פּעטליורא איז אין אויגוסט 1919 צוגעקומען צו קיעוו גלייכ־צייטיג מיט דעניקינען. פאָראויס פאַר אים האָבען אָנגעשפּאַרט אויף קיעוו די באַנדעס פון זעליאַניי און אַנדערע באַטקעס.

דער „באַטקאַ־באַטעק" כיאַזורענקאָ איז געווען אין זעהר נאָ־ענטע באַציהונגען צו דער דירעקטאָריע און איז משמעות געווען דער פאַרבינדענדער רינג צווישען דער דירעקטאָריע און דער באַט־קאָוושטשינע. עס זיינען פאַראַן אייניגע באַווייזען דערפאַר, אַז די דירעקטאָריע האָט איבער'ן גאַנצען אויפשטאַנדיגען ראַיאָן גע־האַט באַזונדערע עמיסאַרען, וואָס האָבען געהאַט די אויפגאַבע צו פאַרבינדען די באַטקעס מיט דער דירעקטאָריע . . .

נאָר ווי דאָס זאָל ניט זיין, האָט די דירעקטאָריע מיט דעם פּאָליטישען אויסנוצען פון אַזאַ שרעקליכען מיטעל, ווי די באַט־קאָוושטשינע, שוין מיט דעם אַליין געשאַפען אין גאַנץ אוקראַינע אַ שטימונג פון גלויבען אין דער אומבאַשטראָפבאַרקייט פון אידי־

שע פּאָגראָמען, אין דערלויבטען ראַבירען פון אידישען אייגענטום, פאַרגוואַלטיגען אידישע פרויען און אומברענגען דאָס אידענטום, אַלס אַזעלכע . . . זי האָט געשאַפען אַ שטימונג, ביי וועלכער די צעבושעוועטע, איבער די ברעגעס אַרויסגעשטראָמטע פּאָלקס־סטי־כיע, אַן אויפגערעגטע, פאַרווירטע, איז אין פּראָצעס פון רעוואָ־לוציאָנערען ברויזען און קאָן גערן געשטויסען ווערען צום פאַר־ניכטען אַ ווערלאָזע און שוצלאָזע נאַציע; און די דירעקטאָריע האָט דערביי געהאַט דעם איינציגען ציל: שאַדען אירע פּאָליטישע געגנער. זי צינדט אָן און היצט פאַנאַנדער די נאַציאָנאַלע שנאה, רופט אַרויס פון די טיפענישען פון דער אוקראַינישער פּאָלקס־נשמה די שוין לאַנג פאַרשטומטע און נאָר ערגעץ טיף פאַרבליבענע געפילען פון אומצוטרוי און אַנטיפּאַטיע צו דעם אידען. דאָס איז אַ באַציהונג צום אידען, ווי צו אַ פרעמדען, צו דעם אידען, ווי צו אַ הענדלער, אַ פאַרמיטלער, אַ מעקלער; צום אידען, ווי צו אַ געוועזענעם פּריצישען אַרענדאַטאָר, וועמען די אורעלטערן פון דעם איצטיגען דאָרף האָבען געהאַנגען צוזאַמען מיט דעם קסיאָנדזש (קאַטוילישער גייסטליכער) און דעם פּוילישען שליאַכטשיטש. די דירעקטאָריע האָט אָט דעם האַס אַרויסגערופען, אים צוגעגעבען אַ באַשטימטע פאָרם און ריכטונג, אַ באַשטימטען פּאָליטישען אינ־האַלט. און עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, אַז אָט דער יעזואיטיש־מאַקיאַוועלישער מעטאָד האָט אַרויסגעבראַכט אַזעלכע שיינע פּירות.

די אַגיטאַציע פון דער דירעקטאָריע האָט ניט נאָר אויפגע־וועקט אין די מאַסען אומבאַשטימטע תאוות און וואונשען, — זי איז מיט איר קאָנקרעטען אינהאַלט געוועזן דער העצער און אויפרייצער צום אויסמאָרדען די אידען.

די לאַמענטאַציעס, דער פאַריסעאישער פאַרענטפערען זיך, אַז זיי האָבען ניט געקאָנט באַהערשען די מאַסע, די באַנדעס; אַז די מאַסען זיינען אַוועק ווייטער ווי זיי האָבען עס געוואונשען — קאָנען ניט באַרעכטיגען זיי אפילו אין ריין יורידישען הינזיכט. וועגען מאָראַלער און פּאָליטישער פאַראַנטוואָרטליכקייט קאָן גאָר קיין פראַגע ניט זיין. זיי האָבען ניט נאָר געקאָנט פּאָראויסזעהן די פּאָלגען פון זייער אויפפירען זיך, נאָר זיי האָבען זיי פאַקטיש פּאָראויסגעזעהן און זיינען גאַנץ באַשטימט צופרידען געווען מיט

דעם. זיי האָבען אויף דעם געבויט, אויסגערעכענט, און דאָס האָט זיי טאַקע געבראַכט נוצען אויך.

דאָ האָבען מיר ניט צו טאָן מיט אַ פאַל, וואָס ווערט לויט דער טערמינאָלאָגיע פון דער קרימינעלער יוריספּרודענץ באַצייכענט „עקסצעסען מצד דעם אויספירער". אין דעם פאַל האָבען די אויספירער ווי פון נאָטען אויסגעשפּילט אַ באַשטימטען פּאָליטישען מאָטיוו; זיי האָבען אים אויסגעצייכענט אויסגעפירט צו דער גרעסטער פרייד און באַפרידיגונג פון די הערען אויפרייצער.

אין אויגוסט פאַלט די פּאָגראָם־כוואַליע אָפּ; עס באַרוהיגט זיך עטוואָס — ס'ווייזט זיך אַ געענדערטע פּאָליטישע סיטואַציע... די באָלשעוויקעס ווערען אַרויסגעשטויסען פון אוקראַינע... די פּעטליוראָווטשינע האָט אין ברייטסטען זין פון וואָרט דערגרייכט אַלץ: דער פיינד איז צעשלאָגען. נאָך דעם ביסען האָט אויסגעכאַפּט אַן אַנדערער: דעניקין פאַרנעמט כאַרקאָוו, יעקאַטערינאָסלאַוו, פּאָלטאַווע און דערנענטערט זיך צו קיעוו. די אומגעענדערטע סיטואַציע פּאָדערט אַנדערע קאַמפּס־מעטאָדען; דער מעטאָד פון אידישע פּאָגראָמען האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר ניט נייטיג, און מען שאַפט אים אָפּ, ריכטיגער, מען לייגט אים דערווייל אָפּ אָן אַ זייט.

ווי מיר האָבען שוין געזעהן, נעמט זיך כלומר'שט די דירעקטאָריע ספּעציעל צום קאַמף מיט די פּאָגראָמען.

דאָ קומט נאָך אַ וויכטיגער מאָמענט, וועלכען איך געפין פאַר נייטיג צו דערמאָנען. לויט די מיטטיילונגען פון עטליכע פּערזאָן און אויך לויט די אוקראַינישע צייטונגס־מיטטיילונגען, איז צו דער אַגיטאַציע געווען צוגעטשעפּעט אויך דער מאָמענט פון דער צווישענפעלקערליכער פּאָליטיק.

די אויסערליכע אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע אוקראַינעס איז געווען קלאָר און פאַרשטענדליך ניט נאָר די פירער, וואָס זיינען אויסגעצייכענט אין פּאָליטיק, נאָר אויך דער דאָרפישער אינטעליגענץ און אפילו טיילווייז די ברייטע פאָלקס־מאַסען. האָט דאָך אין דער הינזיכט דער אוקראַינישער דאָרף באַקומען אַן אויסגעצייכענטען דירעקטען אונטעררויכט: די דייטשע אָקופּאַציע און איר שווערער אומדערטרעגליכער רעזשים; דער אַנטאַנטעס פאַרכאַפּען אָדעס און די דרומ'דיגע ים־ברעגען; די אונטערהאַנד־

לונגען פון דער דירעקטאָריע מיט די אַנטאַנט־מלוכות דורכ'ן גע־נעראַל גרעקאָוו א. אַז. וו.

נייטיגענדיג זיך אין דעם עלעמענטאַרסטען, אַבסאָלוט ניט האָבענדיג ניט קיין מאַנופאַקטור, ניט קיין שיך, ניט קיין זאַלץ, מאַשינעס און ד. ג., — האָט דער אוקראַאינישער דאָרף געטרוימט און אומגעדולדיג געוואַרט אויף האַנדעלס־באַציהונגען מיט מערב־איירופּאַ. די דאָרפישע אינטעליגענץ — פּאָפּעס, לערער (ווי מיר האָבען פריער געזעהן, האָבען זיי געפירט אַן אַגיטאַציע נעגען די אידען און האָבען בכלל מיטגעהאָלפען די באַנדעס) פירען ווייטער זייער אַגיטאַציע, אַז די אַנטאַנטע וויל פאַרניכטען די באָלשעוויקעס, און היות די קאָמוניסטען און די זשידעס זיינען איינס און דאַסזעלבע, וועלען אידישע פּאָגראָמען זיין אַ מתנה, וואָס דאָס אוקראַאינישע פאָלק וועט אונטערטראָגען דער אַנטאַנטע, וואָס די לעצטע וועט געוויס ניט לאָזען אומבאַלוינט און וועט ניט פאַר־פעלען אויף אַ געהעריגען אופן אָפּצודאַנקען דעם אוקראַאינישען פאָלק.

אין אויגוסט האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז חוץ דעם, וואָס די אידישע פּאָגראָמען זיינען איצט איבעריג, ווי אַ מעטאָד, וואָס פירט ניט צום ציל, האָט מען אים געמוזט פאַרוואַרפען, ווייל ער האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר שעדליך; ווייל, ווי מיר האָבען שוין אָנ־געוויזען, האָבען די אומקלאָרע קלאַנגען וועגען אידישע פּאָגראָמען אַרויסגערופען אין איירופּאַ אַ געזעלשאַפטליכע אויפרעגונג. דעם סיגנאַל „אָפּהאַלטען זיך פון די אידען־פּאָגראָמען“, וואָס די די־רעקטאָריע האָט געגעבען פאַר דער אייגענער רעגולערער אַרמיי, האָבען דערזעהן און געפאָלגט אויך די געטרייע, געהאָרכזאַמע „באַטקעס“, און די פּאָגראָמען ווערען שטילער, זעלטענער. זיי טראָגען שוין מער ניט דעם פאַרוויסטענדען, אַלץ חרוב־מאַכענדען כאַראַקטער, נאָר ווי אַן אָפּקלאַנג פון אַ שטורם, וואָס דערווייטערט זיך, נעמען זיי אָן אַן אומשולדיגען (נאָך די אוקראַאינישע באַגריפען) כאַראַקטער, אַ פאָרם פון צעראַבירען אידישען פאַרמעגען מיט פאַלען פון איינצעלנע הריגות און פאַרגוואַלטונגען.

אין מאַי, ווי מען האָט זיך דערוואוסט שפּעטער פון אַ קאָמ־פּעטענטער, באַגלויבטער קוועלע, האָט דער באַטקא מאַכנאָ אַרויס־געלאָזען אַן אויפרוף צו זיינע אויפשטאַנדיגע באַנדעס, אַז זיי

זאָלען זיך אָפּהאַלטען פון אידישע פּאָגראָמען, ווייל „דער באַטקא פעטליורא האָט מודיע געווען, אַז די אַנטאַנטע איז מיט דעם שטאַרק ניט צופרידען.“ דער מיטגעטיילטער פאַקט איז אַ גאַנץ וואַרשיינליכער. מאַכנאָ איז אַלעמאָל געווען דער באַראָמעטער פון דער באַוועגונג. אַ קלוגער און אַ וויטזיכטיגער, האָט ער אויפ־געכאַפּט יעדען נייעם ווינטעל, די קלענסטע ענדערונגען אין די שטי־מונגען פון דאָרף און אין דער גאַנצער לאַגע.

---

צו ענד פון אָט דעם קאַפּיטעל „באַטקאָווישטשינאַ“ ווערט גע־בראַכט אַ קורצער באַריכט וועגען יעליסאַוועטגראַדער פּאָגראָם, — איינער פון די שרעקליכסטע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרען פון די גריגאָריעווצעס. אויסער דעם ווערט געגעבען אין גאַנצען אַ דעטאַליזירטער באַריכט פון דער פאַרזאַמלונג פון אַלע פּאַרטייי־און כלל־טוער וועגען די אורזאַכען און איינצעלהייטען פון אומאַ־נער פּאָגראָם. דער באַריכט שילדערט אויף דעם קלאָרסטען און קאָנקרעטסטען אופן די באַציהונגען צווישען דער שטאָטישער און דאָרפישער קריסטליכער באַפעלקערונג צו זייערע אידישע שכנים און ברענגט אַרויס די טראַגישע לאַגע, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען דאָס אוקראַינישע אידענטום אין יאָר 1919.

## פּאָגראָם אין יעליסאַוועטגראַד (כערסאָנער גובערניע)

### 15־17 מאי 1919

דעם 15־טען, 16־טען און 17־טען מאי האָב איך אַליין צו־געזעהן דעם פּאָגראָם, וואָס איז פאָרגעקומען אין יעליסאַוועטגראַד, כערסאָנער גובערניע.

די סאָוועט־אַרמיי, וועלכע האָט אונטער אַטאַמאַן גריגאָריעוו גענומען ניקאָלאַיעוו, כערסאָן און אָדעס, איז, נאָכ'ן נעמען פון אָדעס, אויסגעשטעלט געוואָרען אויף דער ליניע וואָזנעסענסק־פּאָ־מאָסטשנאַיאַ־יעליסאַוועטגראַד, זנאַמענקאַ־קרעמענטשוק און זנאַ־מענקאַ־קאַריסטאָווקאַ־פּיאַטיכאַטקאַ. צווישען דעם פּאַרטיזאַני־שען חיל, וואָס איז באַשטאַנען אויסשליסליך פון דעם אָפּזאָץ פון דער פויערשער באַפעלקערונג פון כערסאָנער גובערניע, זיינען געווען זעהר פיל פאַרברעכער, וועלכע זיינען מאַסענווייז אריין

אין גריגאָריעווס דיוויזיעס, בעת זיי האָבען אָקופּירט די שטעט, מחמת אַלע פאַרברעכער זיינען באַפרייט געוואָרען פון געפענגע־ניש בעת די שטעט זיינען געפאַלען אונטער דעם פּעטליורא־גרי־גאָריעוו רעזשים און אַ טייל פון זיי זיינען אריין אין גריגאָריעווס אַרמיי. דער גייסטיגער הינטערגרונד פון גריגאָריעווס סאָלדאַטען איז אַלעמאָל געווען אַ אידען־פיינדליכער, און ווען זיי זיינען, נאָכ'ן פאַל פון אָדעס, פריי געוואָרען פון מיליטערישער אקטיווי־טעט און זיך גענומען סקאדראָנענווייז צעשפּרייטען איבער דער אייזענבאַן־ליניע, האָט זיך די פּאָגראָם־אַגיטאַציע אָנגעהויבען צו פאַרגרעסערען צווישען זיי און רעדעס זיינען וואָס אָפטער גע־האַלטען געוואָרען איבער דער טעמע פון „דער שעדליכקייט פון די אידען און קאָמוניסטען.“

צוויי טעג פריער איז פאָרגעקומען דורך גריגאָריעווס טרופּען אַ פּאָגראָם אין זנאַמענקאָ (36 ווערסט פון יעליסאַוועטגראַד) און באַלד האָבען זיך גריגאָריעווס סקאַדראָנען אַ לאָז געטאָן אויף יעליסאַוועטגראַד. אַ גרויסע אויפרעגונג האָט געהערשט אין שטאָט. די געשעפטען האָבען זיך ניט געעפענט; אָנגריפען אויף הייזער האָבען זיך אָנגעפאַנגען. איבער אַלע גאַסען זיינען גרופען סאָל־דאַטען ארומגעגאַנגען און אויסגעפרעגט די פאַרביינעהער, צי זיי זיינען ניט קיין קאָמוניסטען. דעם 10־טען איז ערשינען אויף די גאַסען פון דער שטאָט אַ מאַניפעסט („אוניווערזאַל“) מיט גרי־גאָריעווס אונטערשריפט, וואָס האָט אויפגעפאָדערט די באַפעל־קערונג צו שטירצען דעם סאָוויעטען־רעזשים, וואָס איז באַשטאַנען, לויט'ן מאַניפעסט, פון פרעמדע פון „פאַרהאַסטער מאָסקווע און פון'ם לאַנד, וואו קריסטוס איז געקרייציגט געוואָרען“. די סאָ־וויעט־אינסטיטוציעס זיינען, דערנאָך, פאַרניכטעט געוואָרען, די מיליץ־אָפּטיילונגען צעבראָכען געוואָרען. די שטאָט איז געבליבען אָן וועלכען עס איז שוץ. אומעטום איבער דער שטאָט האָבען זיך אָנגעהויבען צו יאַווען כוליגאַנעס, פאָרשטעט־איינוואוינער, בראָ־דיאַגעס פון די מאַרק־פּלעצער, געבילדעטע שוואַרץ־מאה'ניקעס און מיטגלידער פון'ם „פאַרבאַנד פון רוסישען פאָלק.“ זיי האָבען אָנ־געפירט אָן אָפענע פּאָגראָם־אַגיטאַציע און אויפגעפאָדערט מ'זאָל פאַרניכטען דעם אידישען טייל פון דער באַפעלקערונג. אום אויפ־צוהעצען די פאָלקס־מאַסען געגען די אידען, האָבען די „עכטע“

רוסען אויפגעגראָבען די קערפּערס פון דעם אָרטיגען באַנדיט, פּעטקא סמעלי, און פון דעם געוועזענעם בירגערמייסטער, וועד רעשטשאגין, וואָס זיינען פון די באָלשעוויקעס דערשאָסען געד וואָרען גלייך נאָכ'ן צוריקטריט פון די פּעטליוראָווצעס, און זיי געמאכט א פּייערליכע לויה. אומאָפּיציעלע און איזאָלירטע אָנ־ גריפען אויף אידישע הייזער זיינען פאָרגעקומען בערך א גאַנצע וואָך. דעם 10־טען מאי האָט זיך דערנענטערט צו דער שטאָט פון דער אָדעסער ריכטונג א קליינע אָפּטיילונג פון סאָוויעט־סאָלדאַ־ טען, וועלכע איז אהין ארויסגעשיקט געוואָרען. זי איז באַשטאַנען פון גרוזינער און מאַטראָזען. די גריגאָריעווצעס האָבען שנעל פארלאָזט די שטאָט און זיך געלאָזט צו זנאַמענקאַ צו. די שטאָט איז אריבער אונטער דעם געוועזענעם רעזשים; אָבער ניט אויף לאַנג. דער אַטאַמאַן גריגאָריעוו, זיך דערוויסענדיג, אַז די סאָ־ וויעטען־ארמיי אָפּטיילונג איז קליין, האָט ווידער אָנגעגריפען די שטאָט, און אין דער נאַכט פון דעם 14־טען איז א שלאַכט פאָר־ געקומען נעבען יעליסאַוועטגראַד צווישען עטליכע טויזענט גריגאָ־ ריעווצעס און דער קליינער צאָל סאָוויעט־סאָלדאַטען.

ווען די באָלשעוויסטישע סאָלדאַטען און מאַטראָזען האָבען די גריגאָריעווצעס פארטריבען פון שטאָט, האָבען די לעצטע געסטראַ־ שעט, אַז ביים צוריקקערען וועלען זיי אויסשלאַכטען די אידען. די אידישע באַפעלקערונג האָט, אַלזאָ, געוואוסט, אַז אויב די שטאָט וועט דאָס מאָל אונטער זיי ווידער פאַלען, וועט שוין דער פּאָגראָם ניט אויסגעמידען ווערען. די אָפּטיילונג פון גרוזינער און מאַט־ ראָזען איז בלויז ווידערגעשטאַנען דעם אָנגריף עטליכע שטונדען. זעהענדיג, אַז די צאָל פון שונא'ס סאָלדאַטען איז פיל גרעסער, האָבען זיך די גרוזינער צוריקגעצויגען און עס איז זיי געלונגען צו אַנטלויפען אין דער ריכטונג פון אָדעס; די מאַטראָזען אָבער זיינען אריבער אויף גריגאָריעווס זייט און זיינען, צוזאַמען מיט זיינע טרופּען, אריין אין שטאָט דעם 15־טען מאי באַגינען. גלייך נאָכדעם האָבען זיי געעפענט דאָס שטאָטישע געפענגעניש, ארויס־ געלאָזט אַלע געפאַנגענע, און זיך אַליין צעלאָזט איבער דער שטאָט אין גרופּען פון צו פינף און צען מענשען, אָנפאַנגענדיג צו ברעכען געוועלבען און הייזער. צו זיי זיינען באַלד צוגעטראָטען אַנדערע, איינוואוינער פון די פאָרשטעט, מארק־פּרויען, בראָדיאַגעס און כו־

ליגאַנעס און אויך געבילדעטע שוואַרץ־מאַה'ניקעס. אין מיטען פון דער אויפגערייצטער מאַסע האָט מען געקאָנט געפינען באַאַמטע, לערער א. אַז. וו. די אָרטיגע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צייטונג „אונזער לעבען" („נאַשאַ זשיזן") איז אַ פּאָר טעג נאָכ'ן פּאָגראָם אָפען אַרויסגעקומען מיט'ן פּראָוואָרף געגען די אַרבייטער, פאַרוואָס זיי האָבען זיך אויך באַטייליגט אין פּאָגראָם. מענשען, וואָס האָבען זיך באַהאַלטען אין קעלער פון הויז וואו איך וואוין, האָבען געהערט עמיצען שפּילען אייסגעצייכענט אויף דער פּיאַנאָ פּאַר איבער אַ שטונדע, בעת דאָס הויז איז פון פאַרשידענע זייטען אַטאַקירט געוואָרען.

דעם ערשטען טאָג איז דער פּאָגראָם אויסגעפירט געוואָרען פון די סאָלדאַטען, מאַטראָזען און טיילען פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג. דעם צווייטען און דריטען טאָג איז די שטאָט אָנגעפילט געוואָרען מיט פּויערים פון די אַרומיגע דערפער, וואָס זיינען געקומען ראַבירען און אַוועקפירען אידיש אייגענטום. די מאָרדען זיינען באַזונדערס באַגאַנגען געוואָרען פון סאָלדאַטען, מאַטראָזען און פאַרברעכער. די איבעריגע האָבען געפּלינדערט. זיי האָבען אָפּעריִרט ווי לויט באַשטימטע פּלענער. אַ גרופּע סאָלדאַטען, באַוואָפענט מיט ביקסען, פּלעגט צוקומען צו אַ הויז אָדער קראָם, צעברעכען די טירען אָדער פענסטער, אַריינגעהן אינווייניג, דערמאָרדען די אידען, ווען ס'האָט זיך ניט איינגעגעבען צו באַהאַלטען זיך, אָדער זיך ניט גענוג גוט באַהאַלטען, און צונעמען אַלעס ווערטפולעס — געלט, גאָלד און זילבער. ווען די סאָלדאַטען פּלעגען אַוועק פון הויז, פּלעגט זיך אַ ווילדער המון אַריינלאָזען און ראַבעווען דאָס גאַנצע אייגענטום, איינשליסענדיג מעבעל און שווערע אַרטיקלען, וואָס מ'האָט אָנגעלאָדען אויף פּויערשע פורען און אַוועקגעפירט אין די אַרומיגע פאַרשטעטע אָדער דערפער. וואָס מ'האָט ניט געקאָנט צונעמען אָדער אַוועקפירען, האָט מען צעבראָכען און פאַרניכטעט. פעדערען פון פערענעס און איבערבעטען זיינען ווי אַ ווירבעל־ווינד אַרומגעפלויגען איבער די גאַסען. די סאָלדאַטען, וואָס האָבען זיך הויפּטזעכליך אָפּגעגעבען מיט מאָרדען און פּלינדערען, זיינען אַרומגעגאַנגען אין די דאַך־שטיבלעך און קעלערס, אויפגעזוכט די אידען, וואו זיי האָבען נאָר געקאָנט, פאַרלאַנגט פון זיי געלט, און דאַן, נאָכדעם ווי זיי האָבען

דאָס געקראָגען, זיי געשאָסען אויפ'ן אָרט. אויב מ'האָט זיי קיין געלט ניט געגעבען, האָבען זיי דערמאָרדעט אי די מענער אי די פרויען. דורך אַלע גאַסען האָט אָפּגעקלונגען דער געשריי: „טייט די אידען, טייט די קאָמוניסטען.“ די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך באַהאַלטען אין מאַנסאַרדען, קעלערס, שפּייכלערס און אין די הייזער פון קריסטליכע באַקאַנטע. זעהר פיל קריסטליכע בעלי־בתים האָבען באַהאַלטען אידען און אַזוי אַרום געראַטעוועט טויזענטער פון זיי, מחמת די פּאָגראָמשטשיקעס האָבען ניט אָנגערירט קיין איין קריסטליך הויז אָדער געוועלב. אויף די קריסטליכע הייזער זיינען געוועזען אָנגעצייכענט צלמים און איקאָנעס זיינען געווען אויסגעשטעלט אין די פענסטער; אַניט זיינען די קריסטען געשטאַנען פאַר דער טיר פון זייערע הייזער און די באַנדיטען זיינען פאַר זיי פאַרבייגעלאָפען.

דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבען דעם 15־טען מאַי אין דער פרי. דעם זעלבען טאָג זיינען פאַרטרעטער פון דער יוניאָן פון מעטאַל־ארבייטער און דער פּרעזידענט פון דעם פויערים־צוזאַמענפאָר, וואָס איז גראָד דעמאָלט פאָרגעקומען אין יעליסאַוועטגראַד, געקומען צו דער סטאַנציע און פערלאַנגט פון קאָמאַנדאַנט פון גריגאָריעווס טרופּען, פּאַוולאָוו, אַז ער זאָל זאָפאָרט אָפּשטעלען דעם פּאָגראָם. אָבער ניט דעם 15־טען און ניט דעם צווייטען טאָג, דעם 16־טען, האָט ער זיך צו זייערע רייד צוגעהערט. מ'האָט זיי זאָגאַר געוואָרענט, אַז אין פאַל פון אַן אויפשטאַנד געגען די גריגאָריעווצעס, וועט מען די שטאָט באָמבאַרדירען. אויפ'ן צווייטען טאָג, פאַרנאַכט־צו, איז עס געלונגען צו אָרגאַניזירען דעם „רעוואָלוציאָנערען קאָמיטעט“, באַשטעהענד פון דער יוניאָן פון די מעטאַל־ארבייטער און אַ פאַרטרעטער פון דעם פויערים־צוזאַמענפאָר, אַ קליינע ארמיי פון די קלאַסען־באַוואוסטע ארבייטער, אום צו פאַרטיידיגען די שטאָט. עטליכע אויטאָמאָבילען מיט באַוואָפּענטע ארבייטער זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען איבער דער שטאָט און די רויבער האָבען אָפּגעשטעלט זייער ארבייט. דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבען איינצושטילען און די אידען האָבען אָנגעפאַנגען זיך ארויסצואווייזען אויף די גאַסען. אויפ'ן דריטען טאָג, דעם 17־טען מאַי, איז עס געווען שטיל. ארום 10 פאַר־מיטאָג אָבער האָבען די באַנדיטען, רעכענענדיג אַז די שטאָט־וואַך

איז שוואַך, און די סאָלדאַטען, זיך דערוויסענדיג, אַז דער באַפעל אָפּצושטעלען דעם פּאָגראָם איז ניט געגעבען געוואָרען פון קאָמאַנדאַנט, ווידער אָנגעהויבען צו פּלינדערען און צו מאָרדען. אַזוי ווי אָבער די גאַנצע שטאָט איז שוין געווען אויסגעראַבירט, האָבען זיך די סאָלדאַטען באַזונדערס אָפּגעגעבען מיט מאָרדען אידען. די, וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון זייערע באַהעלטענישען, דעם צווייטען טאָג, האָט זיך ניט אַזוי גוט איינגעגעבען צו באַהאַלטען דעם דריטען טאָג, ווי דעם ערשטען, און דערפאַר איז די צאָל קרבנות דעם דריטען טאָג געווען באַזונדערס גרויס. גאַנצע פאַמיליעס זיינען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען; מ'האָט ניט געשוינט קיין אַלטע לייט און ניט קיין זייג־קינדער. דער המון איז, בעת דעם, אַרומגעלאָפען אין באַנדעס און חרוב געמאַכט די קראָמען און הייזער, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבען גאַנץ פון די פריערדיגע צוויי טעג.

די יוניאָן פון מעטאַל־אַרבייטער און די פויערים־פּאַרטרע־טער האָבען ווידער געבעטען דעם קאָמאַנדאַנט, פּאַוולאָוו, אָפּצושטעלען די שחיטה. דאָס מאָל, ענדליך, פּאַרנאַכט־צו, איז עס זיי געלונגען. יענעם אָוועגט איז אַ פּראָקלאַמאַציע אויסגעקלעפּט געוואָרען, וואָס האָט זיך אַזוי אָנגעפאַנגען: „איך האָב געהערט די פּאַרטרעטער פון די אַרבייטער און פון די פויערים און האָב באַשלאָסען זאָפאָרט אָפּצושטעלען די פּאַרוויסטונג פון אינדוסטריע־לען לעבען."

דער פּאָגראָם האָט זיך געענדיגט. די גריגאָריעווצעס זיינען צוריק אַריין אין די קאַזאַרמעס, די רויבערס זיינען פאַרשוואונדען און עס איז געוואָרען שטיל אין שטאָט. דריי טעג האָט אַנאַרכיע געהערשט אין שטאָט, צוליב דעם, וואָס גריגאָריעווס קאָמאַנדאַנטען האָבען גאָרניט געטאָן געגען דעם און דער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט האָט אָן זיי ניט געקאָנט נעמען קיין מאַסרעגלען. דעם 21־טען אָדער דעם 22־טען מאַי זיינען פיר סאָוויעט־רעגימענטען אָנגעקומען קיין יעליסאַוועטגראַד פון אָדעס און נאָך אַ קורצען אויסטויש פון שאָסען האָבען זיך די גריגאָריעווצעס צוריקגעצויגען קיין זנאַמענקאַ. די שטאָט איז אָקופּירט געוואָרען פון דעם סאָוויעטישען וואָזנעסענסקער רעגימענט.

מיט'ן אַריינקומען פון די סאָוויעט־טרופּען האָט זיך די אידיי־

שע באפעלקערונג געגומען ארויסרירען פון אירע באהעלטעגישען. עס איז אָבער געווען אוממעגליך צוריקצוקערען צו די הייזער, מחמת אלע אידישע הייזער זיינען געווען אויסגעראבירט, די בעטען און מעבעל אוועקגעפירט אָדער צעבראָכען אויף שטיקלעך, אלע הויז־ארטיקלען צוגענומען, און ס'איז ניט געווען אויף וואָס צו שלאָפען, מיט וואָס זיך צוצודעקען איבער נאכט, אָדער אין וואָס צו קאָכען מיטאָג. אין יעליסאַוועטגראד איז די צאָל פון אידישע איינוואוינער גערעכענט געוואָרען ארום 50,000 און זיי זיינען אלע געבליבען בעטלער. אין דער שטאָט איז געהאט געווען א ביסעל עסען־פראָוויאנט; אָבער ס'איז כמעט אין גאנצען צוגע'־גנב'עט געוואָרען. דאָס, וואָס איז פארבליבען ביי די קריסטליכע קאָאָפעראטיווען, איז גענוג געווען אויף א וואָך. דאָס מעל פון די מילען איז צוגע'גנב'עט געוואָרען בעת'ן פּאָגראָם; אין עטליכע מילען האָט מען די ראָד־רימענס צוגענומען און זיי האָבען דערפאר ניט געקאָנט פונקציאָנירען. די באפעלקערונג איז געווען אין גאנ־צען רואינירט און ווי פאראורטיילט צום טויט. דער האנדעל איז געווען פארניכטעט, און דערפון האָבען די פויערים אויך געליטען. פון הונדערט קראָמען און געוועלבען זיינען נאָר פינף פארבליבען, וואָס זיינען צופעליגערווייז ניט צעבראָכען און צעראבירט גע־וואָרען.

גלייך אויפ'ן צווייטען טאָג נאָכ'ן פּאָגראָם האָט מען גענומען פירען די קערפּער צו די בית־עלמנ'ס און אין די שפּיטאָלען. אלע שפּיטאָלען זיינען פול געווען מיט טויטע, וועלכע האָבען זיך גע־ציילט ארום צוויי טויזענט. די גריגאָריעוועצעס האָבען גלייך נאָכ'ן פּאָגראָם באפוילען מ'זאָל מקבר זיין די טויטע און פארבאָטען יעדען איינעם, חוץ די קברים־גרעבער, זיך צו ווייזען אויפ'ן בית־עולם. מ'ווייסט נאָך ניט אקוראט די צאָל פון די טויטע: נאָך מיין אָפּפאָרען, דעם 27־טען מאי, האָט מען נאָך אלץ געהאלטען אין איין געפינען טויטע קערפּערס אין פארשידענע פלעצער.

יעדע סאָרט הילף איז נייטיג. אויב הילף וועט ניט געשאפען ווערען פאר דער שטאָט יעליסאַוועטגראד, וועט די גאנצע אידישע באפעלקערונג אומקומען. דאָס איז ניט קיין איבערטרייבונג. מענ־שען קענען זיך ניט בייטען די וועש און ס'איז ניטאָ קיין מעגליכ־קייט דאָס צו קריגען. אויב באלדיגע הילף וועט ניט באזאָרגט

ווערען, וועלען זיך אָנשטעקענדיגע קראַנקהייטען יאָוועז און זייער פאַרשפּרייטונג וועט זיין אומפאַרמיידליך. ס'איז פאַראַן זעהר וויי־ניג עסען־פּראָוויאַנט און די פּויערים קומען ניט אין מאַרק, מחמת זיי האָבען ניט וואָס צו קויפען. מען אימפּאָרטירט ניט קיין עסענ־וואַרג און אַ הונגער האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען. עס זיינען פאַראַן טויזענטער אַלמנות און יתומים. עס זיינען דאָ פאַרוואונדעטע, אויף וועלכע מען מוז מעדיציניש אויפפאַסען.

אין יעליסאַוועטגראַד איז געשאַפען געוואָרען אַ הילפס־קאָ־מיטעט פאַר דער ליידענדער באַפעלקערונג; ער באַשטעהט פון אידישע און קריסטליכע כלל־טוער. דער קאָמיטעט האָט מיך באַ־פולמעכטיגט צו נוצען אַלע מיטלען צו קריגען הילף. אין נאָמען פון דעם קאָמיטעט און אין נאָמען פון דער פופציג טויזענטער אידישער באַפעלקערונג אַפּעליר איך צו אייך פאַר באַלדיגער הילף. איך קאָן ניט אָנגעבען קיין באַשטימטע באַגרעניצונג. דער פאַר־לוסט ווערט גערעכענט אין די הונדערטער מיליאָנען. עס איז נייטיג זאָפאָרט צו שיקען אונטערוועש און אַנדערע קליידער, עסענ־וואַרג און מעדיצינישע הילף. עס איז נייטיג צו שאַפען שפּייזונג־סטאַנציעס, אויפצופאַסען אויף די פאַרוואונדעטע, און, אויב מעג־ליך, אויסצומיידען די אַנטשטעהונג פון אַ שרעקליכער עפּידעמיע.

פון אַכט ביז צען טויזענט אידישע פאַמיליעס זיינען רואי־נירט. צען ביז פופצען שפּייזונג־סטאַנציעס זיינען נייטיג פאַר דער שפּייזונג פון צען ביז פופצען טויזענט מענשען. די נייטיגע מעדיקאַמענטען, באַנדאַזשען און דאָס נייטיגע דאָקטוירים־פּערזאָ־נאַל איז ניט פאַראַן אין שטאָט. גאָר צום ערשטען דאַרף מען אומבאַדינגט האָבען אַרום אַ צען טויזענט אונטערוועש־שטיקער.

## באַריכט פון אַ פאַרזאַמלונג פון פּאַרטיי־פּאַרטרעטער און כלל־טוער אין דער שטאָט אומאַן,

### איינבאַרופען פון דעם ראַיאָן־דירעקטאָר פון דער הויפּט־מיסיע פון דעם רוסישען רויטען־קרייץ פאַרבאַנד איבער דער פראַגע פון דעם גאַנג און די ראַמען פון די אָרטיגע פּאָגראָמען.

---

ביי דער פאַרזאַמלונג האָט כ. ד. פּראָסקוראָווסקי פאָרגעלעזען דעם פאָלגענדען באַריכט.

---

אומאַן איז אַן אויעזדנע שטאָט אין קיעווער גובערניע מיט אַ באַפעלקערונג פון אַן ערך 60 ביז 65 טויזענט. פון די זיינען ארום 35 ביז 40 טויזענט אידען; די איבעריגע 20 ביז 25 טויזענט זיינען אוקראַינער, רוסען און, איינגעשלאָסען, ארום דריי טויזענט פּאָליאַקען. די אידען שטעלען צונויף די איבערוועגענדע מאַיאָריטעט פון דער באַפעלקערונג, פאַרנעמען די הויפּט־גאַסען און, אַ חוץ עטליכע קלענערע גאַסען, וואו עס וואוינען די רייכע פּוילישע איינוואוינער, די אוקראַיניש־רוסישע טשינאָווניקעס און אין אַלגעמיין די, וואָס ווערען געהאַלטען פאַר דער אָרטיגער אריסטאָקראַטיע, ליגט דער גאַנצער צענטער פון שטאָט אין זייערע הענט. די פּאָרשטעט זיינען באַזעצט פון אַ גרויסער מאַיאָריטעט פון דער קליין־בורזשואַזיע. די אידישע באַפעלקערונג פון אומאַן האָט הויפּטזעכליך געצויגען איר פרנסה פון מלאכות און מסחר. דער פּראָצענט פון די ליבעראַלע פּראָפעסיעס איז געווען היבשליך: דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען, הייבאַמעס, פעלדשערם א. אַז. וו.; מעקלערס אין פאַרשידענע קאָמערציעלע אָפּעראַציעס. איבערהויפּט איז גרויס די צאָל פון די, וואָס האַנדלען מיט תבואה און פאַרשידענע לאַנד־פּראָדוקטען; אָבער ס'איז אויך דאָרט געווען אַ היבשער פּראָצענט פון אידען, וואָס האָבען זיך דערנערט פון שווערער ארבייט, אַלס פורלייט, טרעגער, וואַסער־פירער, האָלץ־העקער, טאָגלוינער א. אַז. וו. דער גרעסערער טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג האָט געלעבט אין אָרימקייט און

גויט. אָן אויסנאַם זיינען געוועזן אַ פּאָר צענדליג גאָר רייכע לייט, עטליכע הונדערט פאַרמעגליכע מענשען, אַ צוויי טויזענט, וואָס האָבען געלעבט אין מיטעלמעסיגע אומשטענדען און וואָס האָבען געהאַט מער־ווייניגער שטענדיגע פאַרדינסטען. פון די אוקראַי־נער און רוסען איז געקומען דער באַאַמטען־קלאַס און די אָנגע־שטעלטע אין די שטאַטס־אַנשטאַלטען. זיי זיינען געווען דער הערשענדער, רעגירענדער קלאַס. דאָס רוב פון די קריסטען האָט געוואוינט אין די פאָרשטעט און האָט זיך מייסטענס אָפּגעגעבען מיט 1) האַנדעל (פאַרקויף און אויסטויש) פון לאַנד־פּראָדוקטען און שפּייז־פּראָוויאַנט, 2) די פּראָדוקציע און פאַרקויף פון לעדער־אַרטיקלען, 3) דינסט און אַרבייט (הויז־דינער, טרעגער, פייער־לעשערס, פּאָליציי־לייט, וועכטערס א. אַז. וו.) — אַרבייט אין די פאַבריקען און ווערקשטאַטען און אין די בוי־פאַכען אַלס בויערער, פּלאַסטערער א. אַז. וו. די מייסטע פון זיי האָבען געהאַט אייגענס אין די פאָרשטעט: קליינע הייזער, שפּייכלערס, שטיקער גרונד, קליינע גערטנער א. אַז. וו. די פּוילישע באַפעלקערונג איז געווען די וואוילהאָבענדסטע אין שטאָט און איז באַשטאַנען פון לאַנד־אייגענטימער, לערער, פאַרוואַלטערס פון גיטער, דירעקטאָרען פון צוקער־פאַבריקען, דער העכערער און נידעריגערער פּערזאָנאַל פון אַגריקולטורעל־עקאָנאָמישע אונטערנעמונגען און פאַבריקען, אַד־וואָקאַטען, דאָקטוירים, טשינאָווניקעס, באַאַמטע פון די פּוילישע אַרבייטער־פאַרבאַנדען און אינסטיטוציעס און אַ טייל בלויז פון איר האָט זיך אָפּגעגעבען מיט פּראָסטערע סאָרטען באַשעפטיגונ־גען. אין צייט פון די מלחמה־יאָרען האָט זיך די באַפעלקערונג שטאַרק פאַרגרעסערט אַלס רעזולטאַט פון דעם צוקומען פון פליכט־לינגען, פון דער אויסוואַנדערונג פון דאָרף אין שטאָט אריין און פון דער נאַטירליכער פאַרגרעסערונג פון דער באַפעלקערונג. די געגענזייטיגע באַציהונגען זיינען קיינמאָל ניט געווען פריינדליך באַזונדערס זייט 1902 און 1903, דער אָנפאַנג פון דער אידען־פאַרפאָלגונג פאַר זייערע „רעוואָלוציאָנערע אידעען“, און זייט די געשעהענישען פון אָקטאָבער 1905, ווען אַ המון אין אומאַן, מיט דער סימפּאַטיע פון די קריסטליכע טשינאָווניקעס און גלחים, האָט געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף די אידען, ביי וועלכען עס זיינען געפאַלען דריי אידישע קרבנות און דאָס אייגענטום פון די אידען איז טייל־

ווייז צעפּלינדערט געוואָרען. די יאָרען פון 1905 ביז 1917 זיינען געווען יאָרען פון „שלעכטען פרידען" און שיינבארער געגנערשאפט מצד דער קריסטליכער באפעלקערונג קעגען דער אידישער. די מלחמה פון 1914 האָט פארשטארקט די געגנערשאפט און די אי־דישע באפעלקערונג האָט געפילט, אז דער שלום פון דער מלחמה און די דעמאָביליזאציע וועט איר ברענגען גרויסע אומגליקען. די רעוואָלוציע פון 1917 האָט צוערשט געהאט די טענדענץ צו פאר־בעסערען די באציהונגען, אָבער שפּעטער האָט די פארערגערונג אין דער עקאָנאָמישער לאגע, דער קאמף פאר מאכט, דער אינטער־נאציאָנאלער קאָנפליקט, די פולקומע אָפּטיילונג פון אוקראינע אלס טייל פון רוסישען רייך א. אז. וו., ביסלעכווייז ערגער און שווע־רער געמאכט די לאגע פון דער אידישער באפעלקערונג, וועלכע האָט שרעקליך געליטען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וועלכע עלע־מענטען עס האָבען געזיגט אָדער זיינען באזיגט געוואָרען. דער מאכט־איבערגאנג פון העטמאַן (סקאָראָפּאדסקי) צו דער דירעק־טאָריע האָט ניט געהאט קיין גוטע ווירקונג אויף אומאַן. די אידישע באפעלקערונג האָט סימפּאטיזירט מיט דער דירעקטאָריע; זי האָט אָבער גלייך אָנגעהויבען באמערקען, אז מען באציט זיך צו איר מיט פארדאכט. באלד האָט זי אויך גענומען פילען בייז־וויליגקייט, אונטערדריקונג, פארפאָלגונג און ענדליך אנטיסעמי־טישע אגיטאציע. די אדמיניסטראציע האָט דאָס דערקלערט (אויב זי האָט עס איבערהויפּט דערקלערט) מיט דעם, וואָס זי האָט גע־זאָגט, אז צווישען די באָלשעוויקעס — אויב ניט צווישען די לאָ־קאלע, איז צווישען די פון ווייטערע מקומות — איז פאראן א מערצאָל פון אידען. די שטעלונג פון דער אדמיניסטראציע צו די אידען אין די לעצטע טעג פון דער דירעקטאָריע איז געווען א פיינדליכע, א נקמה'דיגע, א פארפאָלגענדע. די היידאמאקעס האָ־בען געמאטערט די אידען אויף די גאסען, זיי געשלאָגען, גערויבט אָן דער מינדסטער שטערונג. עס זיינען געווען איינצעלנע מאָרד־פאלען אין שטאָט און פאגראָמען אין דער אומגעגענט (צום ביי־שפּיל אין קריסטאָנאָווקא, וואו א פינף אידען זיינען צעשניטען און ארויסגעוואָרפען געוואָרען פון א באַן־וואגאָן), איין איד האָבען די היידאמאקעס ארעסטירט אויף א פּוסטען תירוץ און אים גע־נומען אין דער קאזארמע, פון וואנען, נאָכדעם ווי זיי האָבען אים

געמאַטערט צום טויט און צעבראָכען די הענט און פיס, האָבען זיי אים אַריינגעוואָרפען אַ נאַקעטען אין אַ טיפען רינשטאָק. אין אַל־געמיין האָט, די לעצטע טעג, די אידישע באַפעלקערונג געלעבט אין טויט־שרעק צוליב דער באַנעמונג און אַגיטאַציע פון די האַי־דאַמאַקעס. אָבער אַ דאַנק דער אָנשטרענגונג פון אָרטיגע כלל־טוער און פאַרטרעטער פון שטאָט־פאַרוואַלטונג, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען פיל קריסטען, און דורך דער צאָלונג פון קאָנטריבוציע (פון די דריי מיליאָן, וואָס זיינען אַרויפגעלייגט גע־וואָרען אויף דער אידישער באַפעלקערונג, זיינען מער ווי אַנדער־האַלבען מיליאָן באַצאָלט געוואָרען) איז עס געלונגען אויסצומיידען אַ פּאָגראָם און אַ שחיטה.

דעם 11־טען מערץ, ביינאַכט, האָט דאָס דירעקטאָריע־מילי־טער, אונטער'ן דרוק פון די אָנקומענדע סאָוויעט־סאָלדאַטען, עוואַ־קואירט אומאַן און איז אַוועק קיין קרעסטאָנאָווקא, די נאָענטסטע פאַרבינדונגס־סטאַנציע פון אייזענבאַן. אַ מיליטערישע אָרגאַני־זאַציע, באַשטעהענד הויפּטזעכליך פון אידישע יונגע לייט, איז באַלד פאָרמירט געוואָרען און זי האָט אויף זיך גענומען די באַ־וואַכונג פון דער שטאָט. זי האָט זיך געהאַט אומלעגאַל אָרגאַ־ניזירט אין לויף פון לעצטען מאָנאַט פון דעם רעזשים פון דער דירעקטאָריע. דעם 12־טען מערץ, פרימאָרגען, האָבען די סאָוויע־טישע פאַרטיזאַנען־אָפּטיילונגען אַריינמאַרשירט אין שטאָט און געמאַכט אַ סוף צו דער קאַשמאַר־ענליכער לאַגע פון דער אידי־שער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך אַזוי געשראָקען פאַר אַ פּאָגראָם. גלייך אָבער נאָך זייער אַריינקומען אין שטאָט האָט מען אָנגע־הויבען צו ראַבירען די באַפעלקערונג (מייסטענס די אידישע), און אין דער פּלינדערונג האָבען זיך באַטייליגט די פאַרברעכער, וועל־כע זיינען פון דער סאָוויעטען־אַרמיי באַפרייט געוואָרען פון גע־פענגעניש און אַפילו די רויטע טרופּען זעלבסט. די רויבערייען זיינען פאָרגעזעצט געוואָרען צוויי־דריי טעג און זיך דערנאָך אָפּ־געשטעלט, באַזונדערס ווען די סאָלדאַטען־אָפּטיילונג איז אַוועק און אַן אַנדערע, באַשטעהענד פון דיסציפּלינירטע מענער, און פון וועלכער אַ טייל האָט געהאָלפען באַוואַכען די שטאָט מיט דער שטאָטישער אָרגאַניזאַציע, איז אָנגעקומען. דעם 17־טען מערץ זיינען די סאָוויעטען־אָפּטיילונגען צוזאַמען מיט דער סאָוויעטישער

אדמיניסטראַציע אַנטלאָפען אונטער דעם דרוק פון די האַידאַמאַ־קעס, וועלכע האָבען דורכגעבראָכען דעם פראָנט, און אריין אין אומאַן אין דער צאָל פון 100 מאַן. אַ שרעקליכער פּאַניק איז אַנטשטאַנען ביי דער אידישער באַפעלקערונג, מחמת זיי האָבען דערוואַרט דערפון אַ גרויסען אומגליק. עס איז אָבער גליקליכער־ווייזע געלונגען די שטאָטישע ראַט־מענער, מייסטע אוקראַינער, צו ווירקען אויף דעם קאָמאַנדיר פון די האַידאַמאַקעס, דיאַטשענקאָ, אַז ער זאָל אויסמיידען גוואַלדטאַטען. חוץ דעם איז די סיטואַציע געראַטעוועט געוואָרען דערמיט, וואָס מ'האָט געגעבען אַ גרויסע קאָנטריבוציע פון שיך, קליידער און אַנדערע נייטיגע אַרטיקלען.

דעם 22־טען מערץ איז די סאָוויעט־אָפּטיילונג, וואָס האָט פריער אָקופּירט אומאַן, ווידער אריין אין שטאָט. ווידער, און אין אַ גרעסערער מאָס, האָבען זיך אָנגעהויבען רויבערייען, ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג, אָבער איבערהויפּט ביי אידען — און דאָס איז געטאָן געוואָרען פון די רויטע סאָלדאַטען און מיט זיי פּראָפעסיאָנעלע רויבער, גנבים און אַנדערע פאַרברעכער, וואָס זיינען באַפרייט געוואָרען פון געפענגעניש, גלייך אריינטרעטענדיג אין דעם רעגימענט (דער אַכטער אוקראַאינישער סאָוויעט־רעגי־מענט). עס איז אָבער יעדענפאַלס דערביי ניט פאָרגעקומען קיין פערזענליכער גוואַלדטאַט. נאָכדעם איז אַ שטיקעל צייט געווען פאַרהעלטניסמעסיג שטיל, איבערהויפּט ווען דער פלינדערענדער רעגימענט איז אַוועק און די שטאָט איז געבליבען אונטער'ן שוץ פון דער אָרטיגער גוואַרדיע. דאָס לעבען פון די אידישע איינ־וואוינער איז אין לויף פון אַ חודש אָדער אַנדערהאַלבען מער ניט געווען אין געפאַר. דער סאָוויעט־רעזשים האָט אויף דער שטאָט אַרויפגעלייגט אַ קאָנטריבוציע פון פופצען מיליאָן און אַ רעקוויזירונג פון קליידער און נאָך עטליכע גרויסע רעקוויזירונגען, וואָס זיינען דאָס רוב נ י ט באַצאָלט געוואָרען. אַ טייל פון די רייכע און קאַרגע אידען אין שטאָט זיינען אַרעסטירט געוואָרען, אַ טייל פון זיי האָט מען געשטעלט צו פאַרשידענע אַרבייטען, ווי קערען די גאַסען און אַנדערע פּראָסטערע סאָרטען אַרבייטען. דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ באַשטימטע אַנטי־באָלשעוויסטישע אַגיטאַציע, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרען צווישען דער קריסטליכער באַ־פעלקערונג, פון די אוקראַאיניש־רוסישע טשינאָווניקעס, די גלחים

און דער בורזשואַזיע פון די פאָרשטעט. די הויפּט־מאָטיוועז פון אָט דער אַגיטאַציע זיינען געווען אַנטיסעמיטישע. אַזוי צום ביי־שפּיל זיינען צווישען דעם אומוויסענדען המון פאַרשפּרייט געוואָרען קלאַנגען, אַז די אידען האָבען אַריינגעכאַפּט די מאַכט אין זייערע הענט, אַז זיי האָבען פאַרמאַכט פּראַוואָסלאַווע קירכען און פון דעם געמאַכט שטאַלען, אַז אַלע אידען כמעט זיינען באָלשעוויקעס, אַז זיי באַרויבען די קליין־בורזשואַזיע פון זייער אייגענטום און נאָך אַ גאַנצע ריי פון פאַרשידענע העצערישע און אָפּנאַרערישע בלבולים און קלאַנגען. צו דער זעלבער צייט האָט זיך אין שטאָט גענומען פילען דער יקרות אויף לעבענס־מיטלען, די אַרבייטס־לאָזיגקייט, און אַן אַלגעמיין שטאַרקער עקאָנאָמישער קריזיס — אַן ערגערער ווי פריער. די האַנדלונגען פון די באָלשעוויקעס, צווי־שען וועלכע עס האָבען זיך געפונען פיל שמאָלזיניגע און אומווי־סענדע מענשען, די אַרבייט פון זייער טשרעזוויטשאַינער קאָמי־סיע, דאָס קאָנפיסקירען, דאָס רעקוויזירען און אַ געוויסע צאָל פון די שטרענגע מאָסרעגעלען, וואָס האָבען באַרירט אַלע צווייגען פון לעבען — דאָס אַלין האָט צעטומעלט און דערצאָרענט די אומווי־סענדע מאַסע פון דער פאָרשטאָטישער בורזשואַזיע, וועלכע איז אַלעמאָל געווען אַ גוטוויליגער אינסטרומענט אין די הענט פון דער אָרטיגער קירכע, פון דעם באַאַמטען־קלאַס און פון די קאָמערין־עלעמענטען. אָט דאָס איז דעמאָלט געווען די סיטואַציע אין שטאָט. אויפ'ן לאַנד איז פאָרגעקומען אַ צוגרייטונג צו אַן אויפ־שטאַנד געגען דער סאָוויעטען־מאַכט, וואָס איז געפירט געוואָרען פון די אַגענטען פון דער דירעקטאָריע, פון די פּויערים און פון דער דאָרפישער אינטעליגענץ אין אַלגעמיין, מחמת די דאָזיגע אינטעליגענץ איז צוליב פאַרשידענע אורזאַכען געווען אומצופרי־דען מיט דער סאָוויעטען־רעגירונג. צו דער זעלבער צייט איז אויך אין די רייען פון דעם אומאַנער גאַרניזאָן און פון דער אָפּטיילונג פון דער טשרעזוויטשאַינער קאָמיסיע אָנגעפירט געוואָרען אַן אַגי־טאַציע פון די אוקראַינישע לינקע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען מיט אַנטיסעמיטיזם אַלס זייער הויפּט־מיטעל און מאָטיוו. די, וואָס זיינען געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער אַגיטאַציע, זיינען געווען די אוקראַינישע לינקע סאָצ.־רעוואָלוציאָנערען שטאָגרין און קלימענקאָ. אין מיטען אַפּריל איז אַ באַוואָפענטער אויפשטאַנד

פון גאַרניזאָן פאַרגעקומען. מ'האָט אַרעסטירט דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט, אַראָפּגעוואָרפן די אידישע באַאַמטע, אַראָפּגעזעצט דעם מיליטערישען קאָמיסאַר פון דער גובערניע, אַ איד, און דעם מיליטערישען קאָמאַנדאַנט און אַנטוואָפּענט אַ קאָמפּאַניע פון (מי־ליטערישע) לערער, וואָס איז געווען פאַר דער סאָוויעטען־רעגירונג. אָבער זייערע אייגענע רייען האָבען זיך אויך אָנגעהויבען צו דיס־אָרגאַניזירען. אַ שטראָף־עקספּעדיציע איז אָנגעקומען און האָט אַנטוואָפּענט דעם גאַנצען גאַרניזאָן און ווידער איינגעשטעלט אָר־דענונג. שטאָגרין איז אַרעסטירט געוואָרען, האָט זיך אָבער אַרויס־געדרייט און איז אַנטלאָפען מיט קלימענקאָן אויפ'ן לאַנד, וואו זיי האָבען מיט זייער אַגיטאַציע באַלד אויפגעשטורעמט די באַפעלקע־רונג פון די דאָרפישע געגענדען אין אומאַנער ראַיאָן געגען דעם סאָוויעטען־רעזשים. דער לייט־מאָטיוו פון דער אַגיטאַציע איז שטענדיג געווען, אַז די מאַכט איבער'ן פאָלק איז פאַרכאַפּט גע־וואָרען פון „פרעמדע“, פון „צוגעקומענע“ און באַזונדערס פון אידען. די סאָוויעטישע מיליטערישע אָפּטיילונגען האָבען זיך אָנגעהויבען אַרויסצולאָזען אין די דערפער אַריין, אום צו „באַרוהיגען“ זיי. דאָס האָט די פּויערים נאָך מער אויפגערעגט. אין אָנפאַנג פון מאָנאַט מאַי האָט אַ סאָוויעטישע שטראָף־עקספּעדיציע געכאַפּט, אין אַ קאַמף, דעם פירער פון די רעבעלען, שטאָגרינען. ער איז דערשאָסען געוואָרען צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע אין אומאַן. דאָס האָט שרעקליך אויפגעבראַכט די פּויערים, מחמת שטאָגרין און די אַלע הינגעריכטעטע זיינען זיי גוט באַקאַנט געווען. אויפשטאַנדען האָבען גענומען, אָן אויפהער, פאַרקומען אין דער געגענט און עס איז שיינבאַר געוואָרען, אַז דער שוואַכער סאָוויעטען־רעגימענט וועט זיך ניט קענען ספּראַווען מיט די פיל באַוואָפּענטע רעבעלען. די אָרטיגע אָרגאַנען פון דער רעגירונג האָבען אָנגעהויבען פאַר־לאַנגען הילף פון זייערע עלטסטע; די לעצטע אָבער זיינען ניט געווען אין שטאַנד זיי צו שיקען אַ גענינגענדע צאָל פרישע סאָ־וויעט־סאָלדאַטען. אַרום דעם 10־טען מאַי האָט זיך גריגאָריעווס אויפשטאַנד אָנגעהויבען און די רעבעלען אין אומאַנער געגענט האָבען זיך אָן אים אָנגעשלאָסען גלייך נאָכדעם ווי זיי האָבען דער־האַלטען דעם גוט־באַקאַנטען אַנטיסעמיטישען מאַניפעסט („אוני־ווערסאַל“) פון גריגאָריעוו'ן. צו יענער צייט איז די רעבעלירענדע,

אַנטי־סאָוויעטישע און אַנטיסעמיטישע שטימונג געווען זעהר שטאַרק. די לאָקאַלע סאָוויעטישע מיליטער־אָפּטיילונגען, קליין אין צאָל און טיילווייז דיסאָרגאַניזירט, האָבען זיך אַרויסגעוויזען ניט צו זיין אין שטאַנד ווידערצושטעהן דעם אָנגריף פון די רע־בעלען, וואָס האָבען אַרומגערינגעלט אומאַן. זיי האָבען אַביסעל געקעמפט, אָבער באַלד פאַרלאָזען די שטאָט, מיטנעמענדיג מיט זיך די סאָוויעטישע אינסטיטוציעס און כמעט אַלע סאָוויעט־טוער. דער צוג איז אַוועק דעם 12־טען מאַי פרי, פאַר די אויגען פון די רעבעלען, וועלכע האָבען געשאָסען אויף דעם צוג בעת זיין פאַר־לאָזען די שטאָט. גלייך נאָכדעם ווי אָט דער צוג און דער סאָ־וויעטישער גאַרניזאָן איז פאַרשוואונדען, האָבען זיך די רעבעלען אַריינגעריסען אין דער שוצלאָזער שטאָט פון אַלע זייטען. די גרעסטע צאָל זייערע איז אָנגעקומען פון וואָקזאַל אַרום זייער עלף פאַרמיטאָג דעם 12־טען מאַי. די רעבעלען, מייסטענס רייטער און שיסענדיג און אויפהער, זיינען באַפאַלען די לאָקאַלען פון די סאָ־וויעטישע מיליטער־אַנשטאַלטען, פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט א. אז. וו., וואו זיי האָבען איבערגעשניטען די טעלעפאָן־דראָטען און פאַרכאַפּט די ווייניג פאַרבליבענע וואַפען. די שטאַרק־אָנגע־שראָקענע אידישע באַפעלקערונג האָט זיך באַהאַלטען אין די היי־זער, קעלערס און דאַך־שטיבלעך. פיל אידען האָבען געפונען שוץ ביי באַקאַנטע צווישען דער קריסטליכער אינטעליגענץ, אַ דאַנק וועמען זיי זיינען ניט באַרויבט, געשלאָגען אָדער דערמאָרדעט גע־וואָרען. מ'ווייסט פון צוואַנציג־דרייסיג פאַלען, וואו קריסטען האָ־בען באַהאַלטען אידען און זיי אַקטיוו אָדער פּאַסיוו פאַרטיידיגט. פאַראַן אַ פינף פאַלען, וואו קריסטען האָבען זיך אַליין געשטעלט אין געפאַר אום צו ראַטעווען די אידען פון טויט און רואינירונג. ניט געפינענדיג קיין „קאָמוניסטען" אין די עפענטליכע אַנשטאַלטען וואו זיי האָבען זיי געזוכט, האָבען די ערשט־אָנגעקומענע פויערים אָנגעהויבען צו באַפאַלען אידישע הייזער מיט'ן פאַרלאַנג: — „גיט אַרויס די קאָמוניסטען". דאָס רוב פון די, וואָס האָבען דאָס צו־געזעהן, דערקלערען, אַז אין די דאָזיגע הייזער האָבען די פויערים בלויז געזוכט געווער און „קאָמוניסטען" און ניט באַרויבט אָדער גע'הרג'עט קיינעם. דאָס האָט אָבער נאָר געדויערט ביז אַרום 4 אָדער פינף אַ זייגער בייטאָג פון דעם 12־טען מאַי. ביז דעמאָלט

האָבען שוין די אָרטיגע מעסטשאַנעס פון די פּאָרשטעט געהאַט אויספּייעט זיך צו באַוואָפּענען מיט דעם געווער, וואָס איז טייל־ווייז געווען באַהאַלטען, טיילווייז נאָר־וואָס געשאַפען. די מעס־טשאַנעס האָבען זיך פאַראייניגט מיט די פּויערשע רעבעלען; און מיט זיי אויך גנבים און מערדער, וואָס האָבען אויסגענוצט די גע־לעגענהייט צו אַנטלויפען פון געפענגעניש און צו ווערען פרייע מענשען. די דאָזיגע עלעמענטען זיינען שטענדיג געווען אַנטיסע־מיטיש און גענייגט צו רויבען אידיש אייגענטום. אָבער מיט זייער באַטייליגונג אין אויפשטאַנד האָבען זיי באַלד געביטען דעם כאַראַקטער פון דעם, וואָס איז פאָרגעקומען ביז פינף א זייגער. די קריסטליכע באַאַמטע, די גלחים, געוועזענע טשינאָוו־ניקעס און אַלע אידישע שונאים האָבען פריער ניט פאַרנאַכלע־סיגט אָנצופירען אַ גיפטיגע אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע צווישען די פּויערים, קליינבירגער און פאַרברעכער, און אונטער אָט דעם איינ־פלוס האָט זיך די באַנעמונג צו די אידען פון דער מאַסע, וואָס איז אריינגעדרונגען אין שטאָט, פאַרנאַכט־צו, שטאַרק געענדערט — ערגער געוואָרען. דאָך האָבען די עכטע פּויערים פאַרגאָסען וויניגער בלוט ווי די אַנדערע און צווישען זיי האָבען זיך מאָ־מענטענווייז געפונען באַשיצערס פון די אומשולדיגע. פיל אידען האָבען אויך אויסגעקויפט זייער לעבען ביי די פּויערים מיט געלט. דאָס פאַרניכטען און שיסען איז מייסטענס געקומען פון ציגיינער, וואָס זיינען אריינגעקומען מיט די רעבעלען, פון די קליינבירגער פון די פאָרשטעט און פון די פאַרברעכער; ווי אויך פון די פּוי־ערים פון דעם דאָרף סטאַריי באַבאַני, פון וואַנען שטאָגרין איז געווען אַ געבירטיגער — דער שטאָגרין, וואָס איז דערשאָסען גע־וואָרען פאַר אָרגאַניזירען מיליטערישע און פּויערשע אויפשטאַנדען געגען סאָוויעטען־רעזשים. דאָס געוויינליכע בילד פון פּלינדערען און מאָרדען איז געווען ווי פאָלגט: באַזונדערע באַנדעס האָבען זיך צעשפּרייט איבער דער שטאָט, אריין אין הייזער גרופּענווייז, געזוכט און אונטערזוכט מענשען און דאָקומענטען און פאַרלאַנגט געווער און קאָמוניסטען. חוץ אין די פאַלען, וואו די אָבלאַוועס זיינען געמאַכט געוואָרען אונטער דער לייטונג פון פּרינציפּיעלע רעבעלען, אָדער אונטער דער פירערשאַפט פון רעבעלישע באַאַמטע, האָבען זיך די אָנפאַלען שטענדיג געענדיגט מיט רויב, מיט שלאָגען

און דערמאָרדען און מיט דעם, וואָס מ'האָט אוועקגעפירט אידיש האָב און גוטס. אין אַ טייל פאַלען האָט זיך די „ארבייט" אָנגעפאַנגען מיט דער דערקלערונג, אַז מ'איז געקומען זוכען „קאָמוניסטען" און געווער; אין אַנדערע פאַלען מיט דער באַשולדיגונג, אַז קאָמוניסטען און אַנדערע זיינען דאָרט באַהאַלטען. אין מייסטע פאַלען אָבער זיינען די באַנדיטען אריין, פאַרלאַנגט געלט און געמאַטערט און געמאָרדעט פאַר אָדער נאָכ'ן קריגען דאָס געלט. אין געוויסע פאַלען האָבען די באַנדיטען, געפירט פון אָרטיגע פאַרברעכער, גלייך זיך געלאָזט צו די הייזער (וואָס זיינען באַקאַנט געווען צו די לעצטע) פון רייכע אידען און אָן אַן אורזאַך אָדער כלומר'שדיגען תירוץ געפּלינדערט און געמאָרדעט. אין פיל ערטער האָבען די באַנדיטען אונטערגעוואָרפען געווער און דאָס האָט געפירט צו דעם, אַז מ'האָט זיי געמוזט געבען גרויסע סומען אויסקויף־געלט, אָדער צו דעם, אַז מ'האָט אַלע אין שטוב אויסגעשאָסען. דעם ערשטען טאָג זיינען דרייסיג ביז זעכציג מענשען דער'הרג'עט געוואָרען. אין אָוועגט זיינען די פּלינדערייען און מערדערייען ווי איינגעשטילט געוואָרען. אַ טייל פון די הונדערט אידען, וואָס זיינען ארעסטירט געוואָרען אין זייערע הייזער, האָט מען אוועקגעפירט אין קוואַרטיר פון דער טשרעזוויטשאַינער קאָמיסיע, וואָס איז פון די רעבעלען פאַרכאַפּט געוואָרען, אַן אַנדערען טייל אין זייער הויפּטקוואַרטיר אָדער אין געפענגעניש. דעם צווייטען פּרימאָרגען (דעם 13־טען) איז די פּראָקלאַמאַציע נומער 1, אונטערגעשריבען פון קלימענקאָ אַלס קאָמאַנדאַנט פון די רעבעלירענדע טרופּען פון דעם אומאַנער געגענט, אויסגעקלעפּט געוואָרען אין שטאָט. אין איר איז דערקלערט געוואָרען, אַז די אידישע מאַכט איז געשטירצט געוואָרען און אַז די רעבעלען זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרען ניט צו דינען „די אידישע אַגענטען און פּראָוואָקאַטאָרס". אין דער פרי האָט דער פּאָגראָם ווידער אויפגעפלאַקערט: אידען זיינען ארעסטירט געוואָרען און מ'האָט זיי אָנגעהויבען שיסען מיט אָדער אָן באַפעלען אין זייערע היימען אָדער גרופּענווייז אויסער דער שטאָט. דעם גאַנצען טאָג האָט מען געקאָנט הערען דעם אָפּקלאַנג פון שיסען — וואָס האָט גע'הרג'עט אידען — און דאָס קלינגען פון קירכען־גלעקער אין דער שטאָט און אין די פאָרשטעט. אויפ'ן דריטען טאָג פון דער שחיטה איז, אונטער דער

לייטונג פון די שטאַטישע פּראַוואָסלאַוונע גלחים, פאַרגעקומען א פּראָצעסיע מיט פאָנען, אין וועלכע די גאָט־בעטער זיינען פאַרביי די קערפּערס פון פריש־געקוילעטע אידען. דער פּאָגראָם און די שחיטה האָבען געדויערט דעם גאַנצען טאָג, און 100 ביז 150 אידען זיינען גע'הרג'עט געוואָרען. צו יענער צייט האָט זיך שוין גע־האַלטען אין אויפשטעלען די נייע רעבעלען־רעגירונג מיט א מי־ליטערישען שטאַב און א הויפּטקוואַרטיר, און א רייע פּראָקלאַ־מאַציעס, ווי אויך אויפרופען, זיינען צו דער באַפעלקערונג אַרויס־געגעבען געוואָרען. אין דער צווייטער פּראָקלאַמאַציע איז ווידער געזאָגט געוואָרען, אז „די אידישע מאַכט איז געשטירצט גע־וואָרען." אין אָוועגט האָט זיך דער פּאָגראָם איינגעשטילט; די קערפּערס פון די קרבנות זיינען געבליבען ליגען דאָרט, וואו זיי זיינען געפאַלען. די פון דער אידישער באַפעלקערונג, וואָס האָבען עס נאָר געקאָנט, האָבען זיך באַהאַלטען אין קעלערס, שפּייכלערס, דאַך־שטיבלעך, און גריבער, אָדער אין קריסטליכע הייזער, וואו די איינגענטימער האָבען זיי אַריינגעלאָזען. דער פּאָגראָם און שחיטה האָט זיך ווידער אָנגעהויבען אויף מאָרגען, דעם 14־טען מאַי, און דאָס פּלינדערען און רויבען, לויט דעם דערמאָנטען סיסטעם, איז פאָרגעזעצט געוואָרען ווי פריער. יענעם טאָג זיינען נאָך א 150 אידען דער'הרג'עט געוואָרען. אין אָוועגט פון זעלבען טאָג האָט זיך די שחיטה אָפּגעשטעלט און איז שוין מער ניט באַנייט גע־וואָרען, כל־זמן די רעבעלען זיינען געבליבען אין שטאָט. דער פּאָגראָם, אַלס א מאַסען־מאַניפעסטירונג, איז אויך געקומען צו א שטילשטאַנד; איינצעלנע און אָפּגעזונדערטע פאַלען פון פּלינ־דערען זיינען אָבער אויך ווייטער פאָרגעקומען די גאַנצע צייט, וואָס זיי זיינען אין אומאַן געווען. דעם דריטען און פערטען טאָג האָט קלימענקאָ, דער אַטאַמאַן פון די רעבעלען, דערלויבט די אידען מקבר צו זיין זייערע טויטע. צו דער זעלבער צייט האָבען די רעבעלען פון אים געקראָגען א באַפעל צו טרייבען די אידען צום צונויפקלייבען די קערפּערס פון די הרוגים אין די הייזער און אויף די גאַסען. די קערפּערס האָט מען אַריינגעוואָרפען אין פורען און זיי אָוועקגעפירט צום אידישען בית־עולם, וואו זיי זיינען מקבר געוואָרען אַלע אין דריי גרויסע גריבער. מ'האָט די אידען ניט דערלויבט צו גראָבען באַזונדערע קברים; מ'האָט זיי באַ־

פוילען שנעל אריינצוליי‫געז די טויטע אין געמיינזאמע גריבער; און בעת'ן גראָבען האָבען די פּאָגראָמשטשיקעס געלאַכט, געשפּאָט, געררייצט זיך מיט די אומגליקליכע אידען, ניט דערלויבט די פרויען צו וויינען און זיי געסטראַשעט מיט זייערע ביקסען. גרופּען פון די פּאָגראָם־מאַכער, פאַרבייגעהענדיג דעם בית־עולם און זעהענדיג וואָס דאָרט קומט פאָר, האָבען אָנגעהויבען זינגען לוסטיגע לידלעך. עס זיינען אָבער דאָך געווען קריסטען, איבערהויפּט פרויען, וועלכע האָבען געוויינט זעהענדיג די גרויסע קופּע מיט הרוגים. דער סך־הכל פון די אויסגעשאָכטענע אידען באַטרעפט פון 300 ביז 400, איינשליסענדיג מענער פון 18 ביז 95 יאָר, און פרויען, ווי אויך קינדער אונטער 18. ספּעציעל דאַרף מען זיך אויך אָפּשטעלען אויף דעם אויסשעכטען פון גאַנצע פאַמיליעס, ווי למשל, פון די פיר מיטגלידער אין משפחה קאַטשוק (זאַגאָראָדנאַיאַ גאַס); צוויי זין און אַן אײדעם רוטהויזער; פאָטער, צוויי זין און אײדעם בערגון; דער מאַן און פרוי וויגאָדמאַן; דער פאָטער און צוויי זין גאָליכאָוו; דער זון, פּלימעניק און צוויי אייניקלעך פייטעל־זאָן, און פילע אַנדערע. ס'איז אויך געווען דער פאַל פון דער דערמאָרדונג פון דער גאַנצער פאַמיליע נחום באַגדאַנים, וואו עס איז געווען אַ זקן פון 95, זיין אײדעם, טאָכטער, אייניקעל און אור־אייניקעל. עס זיינען געווען פאַלען, וואו מ'האָט מיט באַזונ־דערער ראַפינירטקייט און באַרבאַרישקייט געמאַטערט די קרבנות, ווי למשל דאָס אָפּשניידען פון הענט, פיס, אויערען, נעז, ברוסטען פון פרויען א. אז. וו.

אַלע קערפּערס זיינען געפונען געוואָרען נאַקעט אָדער האַלב נאַקעט. אויף דער גאַס באָלשאַיאַ פּאָנטאַנקאַ, אין פּאָלאַקס הויז, האָבען די באַנדיטען דערמאָרדעט דעם מאַן און פאָטער פון אַ פרוי, וואָס האָט געפּרואווט זיי צו באַשיצען מיט איר אייגענעם קערפּער. זי איז אַליין דערביי פאַרוואונדעט געוואָרען אין דער ברוסט פון אַ קויל. די פרוי איז געווען שוואַנגער און האָט ביים צווייטען טאָג געהאַט אַ קינד, בעת אויפ'ן דיל פון הויז זיינען געלעגען דריי הרוגים, אריינרעכענענדיג איר מאַן און איר פאָטער. אַ געוויסע צאָל פאַרגוואַלטיגונגען ווערען פאַרצייכענט, וועגען וועלכע מ'קאָן ניט געבען קיין אַקוראַטע אינפאָרמאַציעס. וועגען זעהר פילע פאַלען ווערט באַריכטעט, וואו אין אַ העלפט פון הויז, באַוואוינט

פון אידען, עס האָט געהערשט רויב און מאָרד, ווערענד אין דער אנדערער העלפט, מיט קריסטליכע איינוואוינער, האָט מען זיך גע־לעבט פרידליך, נאָכדעם ווי מ'האָט ארויסגעהאנגען צלמים אויף די ווענט און איקאָנעס אין די פענסטער. עס ווערט צו דער זעל־בער צייט איבערגעגעבען פון זיכערע קוועלען — פון א טייל פון די קרבנות — אז ס'איז געווען גענוג פאר א קריסט צו פארזי־כערען, אז געוויסע אידען זיינען אנשטענדיג און ערליך און די באנדיטען האָבען זיי דאן ניט געטשעפעט. א געוויסע צאָל פאלען ווערען פארצייכענט, ווי געוויסענהאפטע קריסטען האָבען באַ־האלטען אידען אין זייערע שטיבער אָדער זיך פאר זיי אָנגענ־נומען, און דערמיט זיי געראטעוועט פון רואינע אָדער טויט. אויף דער טאָרגאָוואיא גאס האָט א קריסט געראטעוועט די גאנצע גאס אידען מיט זיין ארייננמישען זיך. אין אנדערע פאלען אָבער האָבען באאמטע און „אינטעליגענטען" זיך צוגעקוקט מיט דער גרעסטער גלייכגילטיגקייט אויף די סצענען פון מאָרד און פאר־ניכטונג פון אידען, וואָס האָבען געוואוינט אין שכנות, און ניט געמאכט דעם מינדסטען פארזוך זיי צו שיצען. פארקערט, אין געוויסע פאלען האָבען זיי ארויסגעוויזען בייזוויליגע פרייד און פארמאכט די טירען אויף די, וואָס האָבען געבעטען שוץ, אָדער געהעצט אויף א דירעקטען אופן געגען זייערע אידישע שכנים. פון א גענויער צאָל פאלען פון פולשטענדיגער אוממענשליכקייט דארף מען ציטירען די פאָלגענדע, וואָס זיינען אלס אמת'ע באַ־שטעטיגט געוואָרען:

אויף יענער זייט קראסני קרעסט, אויף די פעלדער, זיינען פינף אידען דערשאָסען געוואָרען, פון וועלכע איינער א זקן מיט א ווייסער באָרד איז ניט גלייך געשטאָרבען, נאָר איז געלעגען א לאנגע צייט אין שווערער גסיסה. דאָס האָט ארויסגערופען די אויפמערקזאמקייט פון די קריסטליכע קינדער ארום, וועלכע האָ־בען גענומען צונויפזאמלען שטיינער און אים פשוט פארשטיי־נערט. — ניט ווייט פון דאָרט האָבען די באנדיטען אויך דער־שאָסען א אידען, וועלכער איז געפאלען א טויטער. ניט קוקענדיג אויף דעם האָבען זיי אים אויפגעהויבען, צוגעבונדען צום צאַם מיט שטריק און דערנאָך זיך לאנג אמוזירט, שיסענדיג אויף דעם מענש־ליכען ציל־ברעט. — די קערפערס פון פילע גע'הרג'עטע אידען

זיינען נאָך ניט געפונען געוואָרען, מחמת פיל זיינען באַגראָבען געוואָרען פון די באַנדיטען דאָרט, וואו זיי זיינען דערשאָסען געוואָרען — אויסער דער שטאָט, אין די פעלדער, וועלדער, גרי־בער א. אז. וו. אַ וואָך נאָכ׳ן פּאָגראָם האָט מען געפונען 28 קערפּערס, וואָס זיינען ניט גענוג טיף באַגראָבען געווען, ערגעץ־וואו נעבען אומאַן. זיי זיינען געלעגען נעבען שליאַך און הינט האָבען אָנגעהויבען זיי צו גריזשען. מאַנכע פון די מעשטשאַנעס, מורא האָבענדיג פאַר אָנשטעקונג, האָבען אוועקגעשטעלט וועכטער, וואָס זאָלען מיט שטעקענס אוועקטרייבען די הינט פון די אידישע קערפּערס.

די שחיטה איז אָפּגעשטעלט געוואָרען דעם 14־טען מאַי, פאַרנאַכט־צו, און אויף מאָרגען האָט די רעבעלען־צייטונג געדרוקט אויפרופען צו דער באַפעלקערונג, זאָגענדיג, אַז די פּאָגראָמען זיינען אומדערטרעגליך און זיינען אַ שאַנד פאַר דעם פרייהייטס־קאַמף א. אז. וו. פּראָקלאַמאַציעס זיינען אויך ערשינען פון די בראַטססטוואָ קיריל און מיפאָדי און אויך פון קלימענקאָן, וואָס האָבען גע־סטראַשעט מיט דערשיסען די, וועלכע וועלען העצען צו ווייטערע פּאָגראָמען. די אַגיטאַציע געגען פּאָגראָמען איז פון דער לאָקאַלער צייטונג, וואָס האָט געזוכט צו באַווייזען, אַז שולדיג אין דער שחיטה זיינען אַ געוויסער אָרטיגער גלח (ניקאָלסקי) און די לאָ־קאַלע צאַריסטישע טשינאָווניקעס, מיט גרויס פליס פאָרגעזעצט געוואָרען. די זעלבע צייטונג איז אויך שטאַרק נייגעריג געווען צו באַווייזען, אַז די פאַראַנטוואָרטליכע פאַר די פּאָגראָמען זיינען די מעשטשאַנעס פון שטאָט, די איינוואוינער פון דער פאָרשטאָט לייסאַיאַ גאָרא און די נידעריגסטע עלעמענטען פון שטאָט, אָבער ניט די רעבעלישע פּויערים.

דער אָפּשטעל פון דער שחיטה און פון דעם מאַסען־רויב האָט נאָר פאַרהעלטניסמעסיג פאַרבעסערט די לאַגע פון די אידען. די גאַנצע צייט, וואָס די רעבעלען זיינען אין שטאָט פאַרבליבען, איז די פאַרפאָלגונג טיילוויין פאָרגעזעצט געוואָרען. דאָס ערגסטע פאַרפאָלגונגס־מיטעל מצד די פּויערים און די שטאָט־סוחרים איז געווען זייער אַנטזאַגען זיך צו פאַרקויפען וואָס עס איז דער אידי־שער באַפעלקערונג, איבערהויפּט שפּייז־פּראָדוקטען. דער פּרייז אויף ברויט איז גלייך געשטיגען פון דריי אויף צוועלף, ביז

פופצען רובעל א פונט. די פויערים האָבען געזאָגט, אַז זיי וועלען די אידען טרייבען צו א הונגער־טויט. די איינוואוינער פון די פאָרשטעט און די בורזשואזיע, וואָס האָבען געוואוינט נעבען דער שטאָט, האָבען געהאלטען אין איין איינרעדען די פויערים, אַז זיי זאָלען קיין זאך ניט פארקויפען די אידען. זיי אַליין האָבען גע־קויפט לאנד־פּראָדוקטען פאר א קלייניגקייט און זיי פארקויפט מיט פראָפיטירישע פרייזען. זיי האָבען אויך פארשפרייט קלאנגען, אַז אידען האָבען פאר'סמ'ט די ברונעמס א. אז. וו., און אזוי אַרום געבראַכט צו דעם, אַז די פויערים האָבען מורא געהאַט צו געהן אויפ'ן מארק און ברענגען אהין זייערע פּראָדוקטען. אַן אנדערע אידען־פארפאָלגונג איז געווען דאָס פאָלגענדע: ווען אידען האָבען גראָד דאָך געקויפט שפּייז־פּראָדוקטען פון גוטע פויערים, האָט מען דאָס פון זיי אוועקגענומען און מ'האָט זיי אויך געשלאָגען און ארעסטירט. אַ סך אַזעלכע פאלען זיינען פארצייכענט גע־וואָרען. עס זיינען געווען פאלען, ווי מ'האָט זיך אַנטזאָגט אויפ'ן מארק צו פארקויפען שפּייז צו קריסטליכע פרויען, וואָס האָבען אויסגעזעהן ווי אידישע.

צו דער זעלבער צייט זיינען אַ טייל פון קלימענקאָס שטאַב און פון די רעבעלען געווען אין כעס אויף אים דערפאר, ווייל ער האָט פארווערט ווייטערע פּאָגראָמען און שחיטות אויף אידען און אים אָפען באַשולדיגט, אַז „ער האָט זיך פארקויפט צו די אידען." ביי דער פארזאמלונג פון די פויערים־פארטרעטער, וואָס איז פון די רעבעלען איינבארופען געוואָרען, איז די מאַכט אריבער פון די לינקע סאָציאל־רעוואָלוציאָנערען, צו וועלכע קלימענקאָ האָט געהערט, צו די פארטיזאנען, אָנהענגער פון דער דירעקטאָריע, אַזעלכע ווי דאראָשענקאָ, נאָוואַק און אנדערע. ביי דער פארזאמ־לונג האָבען פיל אוקראַינער געהאלטען רעדעס געגען פּאָגראָמען, צו גונסטען פון די אידען, און די פארזאמלונג האָט אויפגענומען און אויסגעהערט א אידישע דעלעגאציע, וואָס האָט זיך צו איר געווענדט. אונטער'ן איינפלוס פון אָט די רעדעס האָט די פאר־זאמלונג אָנגענומען אַן אַנטי־פּאָגראָמען־שטעלונג און זיך אזוי אַרום געשטעלט געגען די שטאָטישע מעשטשאַנעס, די קלעריקאלען, די טשינאָווניקעס, וועלכע האָבען געהאַט פארטרעטער ביי דער פאר־זאמלונג, וואָס זיינען געווען די איינציגע אויפהעצערס צו פּאָג־

ראָמען. די פּויערים־רערנערס האָבען געזוכט צו דערווייזען, אַז, חוץ אין געוויסע פאַלען, וואָס זיינען געווען דער רעזולטאַט פון דער אַגיטאַציע פון די שטאָטישע שוואַרץ־מאה'ניקעס, וואָס האָבען קיין געמיינשאַפטליכעס מיט'ן פּויערים־אויפשטאַנד, האָבען זיי זיך גאָרניט באַטייליגט אין די פּאָגראָמען. צווישען די פיל אידישע הרוגים האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז קיין איינער פון זיי איז ניט געווען קיין קאָמוניסט. צוויי קאָמוניסטען זיינען דערה'רג'עט געוואָרען אָן אַ פּראָצעס — אָבערביידע זיינען זיי געווען אוקראַינער קריסטען: מאַקאַר דאַווידענקאָ און אַנאַני סטראַיגאָראָדסקי. צו דער זעלבער צייט האָט מען געוואוסט פון זיכערע קוועלען, אַז דער קאָמוניסט קראַסני, אַן אוקראַינער, דער פּרעזידענט פון דעם אומאַנער עקזעקוטיוו קאָמיטעט, וועלכער איז געלעגען, אַ קראַנקער, צו בעט, איז עטליכע מאָל באַזוכט געוואָרען פון די פירער פון אויפשטאַנד (פון קלימענקאָ, נאָוואַק, דער געוועזענער אויעזדנער קאָמיסאַר פון דער דירעקטאָריע, און אַנדערע), וועלכע האָבען מיט אים פריידליך גערעדט, שיצענדיג אים פון וועלכען ס'איז אָנגריף, כאָטש קראַסני האָט ניט געהאַט אויפגעגעבען זיינע קאָמוניסטישע אנזיכטען. פון דער אַנדערער זייט זיינען געווען פאַלען פון באַקאַנטע סאָוויעטען־באַאַמטע און אַ געוויסע צאָל ארבייטער, וואָס האָבען פריער געשטיצט די סאָוויעטען־מאַכט, וועלכע זיינען אריבער אויף דער זייט פון די רעבעלען און פון דער דירעקטאָריע. דערצו איז ניט פיל נייטיג געווען צו טאָן: „מ'האָט בלויז געדאַרפט, ווי מ'האָט געזאָגט אין אומאַן, „פאַרדרייען דעם דאַשעק"; — די רעבעלען זיינען אריין אין שטאָט מיט די דאַשעקעס פון זייערע קאַשקעטען פאַרדרייט און דאָס האָט געדינט אַלס אַ צייכען פון אויפשטאַנד.

די רעבעלען זיינען פאַרבליבען אין אומאַן פון 12־טען מאַי ביז דעם 21־טען פון זעלבען חודש, איינשליסענדיג אָט דעם לעצטען טאָג. טראָץ דעם, וואָס דער רעבעלען־רעזשים האָט אין די לעצטע טעג זיך געשטעלט געגען גוואַלדטאַטען אויף אידען, דאָך האָבען די אידען, דערשלאָגען און צעדריקט פון די שרעקליכע ערפאַרונגען, ניט געוואַגט ארויסצוגעהן אויף די גאַסען. אַלע באַפעלען פון דער אַדמיניסטראַציע אויפצועפענען די קראָמען און צו פירען אַ נאָרמאַל לעבען האָבען ניט געהאַט קיין ווירקונג און

די שטאָט האָט געהאַט א לעטארגישען פּאראליזירטען אויסזעהן. קיין מענשען זיינען ניט געווען אויף די גאסען; אפילו די קריס־טען האָבען זיך ווייניג־וואָס באוועגט.

דער רעבעלען־שטאב האָט אָרגאָניזירט טרופּען, וועלכע ער האָט טיילווייז געשיקט אין דער ריכטונג פון די אייזענבאנען־סטאנציעס וואסניאָרקע, צוועטקאָווא, און קאזאטין, וואו די רע־בעלען האָבען פארכאפּט א רייי סטאנציעס. זייער ציייטונגס־אָרגאַן „וויסטי" („נייעס") האָט יעדען טאָג געמעלדעט זיגען, איינשלי־סענדיג דאָס נעמען פון קיעוו, כארקאָוו, יעקאטערינאָסלאוו, פּאָל־טאווא און אנדערע שטעט אין אוקראינע. די קריגערישע שטי־מונג פון די אומאנער רעבעלען איז אָבער טראָץ דעם שוואכער געוואָרען און פיל פויערים פון דער געגענט האָבען זיך געקליבען אהיים, מיטנעמענדיג זייערע וואפען און אוועקפירענדיג אויפ'ן לאנד אין פורען, דאָס האָב און גוטס, וואָס זיי האָבען אָנגערויבט בעת'ן פּאָגראָם אין אידישע הייזער און געשעפטען. א טייל פון די פויערים האָט געראַבענט, אז זי האָט איר פליכט דערפילט מיט דעם דריי־טאָגיגען פּאָגראָם און ניט געוואָלט געהן איבער די גרע־ניצען פון אומאנער אויעזד. א טייל פון די פויערים זיינען געווען איינגעשראָקען פון דעם פיל פארגאָסענעם אומשולדיגען בלוט, פון וועלכען די פירער אפילו האָבען נאָכ'ן פּאָגראָם גערעדט, און זיי זיינען אהיימגעגאנגען, מחמת זיי האָבען ניט דערווארט קיין גוטע רעזולטאטען פון אזעלכע האנדלונגען. די רעבעלען זיינען באזונ־דערס אלארמירט געוואָרען אין די לעצטע טעג, ווען סאָוויעט־טרופּען האָבען געמאכט אָן אָפּענסיווע אויף דער גאנצער אייזענ־באן־ליניע, אום צוריקצוקריגען די פארלוירענע וויכטיגע פונקטען און אָנגעפאנגען שטארק דריקען די רעבעלען. די אידישע באַ־פעלקערונג האָט ווידער איבערגעלעבט טעג פון גרויסער שרעק, מורא האָבענדיג, אז די רעבעלען וועלען באצייכענען זייער צוריק־טריט מיט א פרישען בלוט־באָד אויף אידען.

צו דעם אלעמען איז די טראגעדיע דערפרישט געוואָרען פון די נייעס־באריכטען, וואָס האָבען די אידען אין אומאַן געמעלדעט פון פּאָגראָמען און שחיטות אויף דער אידישער באפעלקערונג אין די שטעט און שטעטלעך פון דעם גאנצען אויעזד. און דאָס איז אמת געווען: גלייכצייטיג מיט דעם אומגליק אין אומאַן זיינען

פּאָגראָמען און מערדערייען פאַרגעקומען אומעטום אין דעם געגענט. אומעטום, וואו אידען האָבען געוואוינט, האָט מען זיי געפּלינדערט און געמאָרדעט, און דער פּראָצענט פון די באַראַבעוועטע און דער־הרג'עטע אידען אין די דערפער און שטעטלעך איז שטענדיג געווען העכער ווי דער פּראָצענט פון אידישע קרבנות אין שטאָט. דאָס בילד פון די פּאָגראָמען און שחיטות איז געווען כמעט דאָס זעלבע אומעטום, רויבעריי, מערדעריי, מאַטערונג אויף אַ גרויסען מאַס־שטאַב, פאַרגוואַלטיגונג א. אז. וו. דאָס האָט פּאַסירט אין די שטעטלעך לאַדייזשענקאָ, דובאָוואָ, איוועקאָ, בוק, טאַלנאיע און אומעטום וואו אידען וואוינען. די הויפּט־ראָלע אין די פּאָגראָמען און שחיטות האָבען געשפּילט די רעבעלען־באַנדעס, וואָס האָבען ארויסגעוואַנדערט איבער'ן אויעזד. דאָך, האָבען אין פילע ערטער די אָרטיגע פּויערים אַרויסגעהאָלפען די פרעמדע באַנדעס — אָפט האָבען דאָס געטאָן פּויערים, וואָס זיינען זייט צענדליגע יאָרען געווען די שכנים פון ארבייטזאַמע אידען, וואָס זיינען אַלע זייערע יאָרען געווען אָרעם און נויטבאַדערפטיג.

די אידען, וואָס זיינען ביים לעבען געבליבען, זיינען אנטלאָפען פון זייערע אַלטע הייזער, וואו די אויגען האָבען זיי געטראָגען — איבער וועגען פול מיט רעבעלען — דורך וועלכען פיל זיינען אומ־געקומען אויף די שליאַכען און זייערע קערפּערס זיינען נאָך ניט געפונען געוואָרען. אַ טייל זיינען אנטלאָפען קיין אומאַן, וואו זיי האָבען געזוכט זיך צו באַהאַלטען צווישען די אָרעמע לייט פון שטאָט, אין די שולען, אונטער'ן פרייען הימעל א. אז. וו. אין פיל שטעטלעך און שטעט זיינען די פּאָגראָמען ווידערהאָלט גע־וואָרען מער ווי איין מאָל: — יעדעס מאָל, וואָס די רעבעלען זיינען דורכגעגאַנגען.

אין אָווענט פון 21־טען מאי האָט מען פלוצלונג דערהערט אַרטילעריע־שיסעריי פון דער ריכטונג פון דער אייזענבאַן־ליניע און באַמבעס האָבען אָנגעהויבען צו פאַלען ניט ווייט פון דער שטאָט. ווי מ'האָט זיך שפּעטער דערוואוסט, איז די שיסעריי געקומען פון די קוילען־וואַרפער פון דעם געפּאַנצערטען סאָוויעטען־צוג פון דער רויטער־אָפּטיילונג, וואָס האָט אָנגעגריפען אומאַן. אַ גאַנצע נאַכט איז דער קאַמף פאָרגעקומען צווישען די סאָוויעטען־טרופּען און די רעבעלען אַרום אומאַן. ער האָט זיך געענדיגט מיט

דעם, וואָס די רעבעלען זיינען באַזיגט געוואָרען און אַ טייל האָט זיך אונטערגעגעבען, ווערענד אַן אַנדערער איז אַנטלאָפען. דעם 22־טען מאַי, פרימאָרגען, איז די סאָוויעטישע מיליטער־אָפּטיילונג, באַשטעהענדיג הויפּטזעכליך פון דער זיבעטער סאָוויעט־אינפאַנ־טעריע, אַריין אין אומאַן. מיט איר האָבען זיך אויך אומגעקערט די מיטגלידער פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט און די מייסטע סאָ־וויעט־באַאַמטע און אַרבייטער. די קוילען־וואַרפער פון דעם גע־פאַנצערטען צוג האָבען געשאָסען אויף אַ טייל פון די אַרומיגע געגענדען, וואו מ'האָט פאַרדעכטיגט, אַז רעבעלען־באַנדעס זאַמלען זיך צונויף. די סאָוויעטישע טראַנספּאָרט־אויטאָמאָבילען, אָנגע־פילט מיט רויטע סאָלדאַטען, זיינען אַרומגעפאָרען איבער דער שטאָט איינשטעלענדיג אָרדענונג און איינשטילענדיג די אָנגעשראָ־קענע באַפעלקערונג, וואָס האָט מורא געהאַט אַרויסצוגעהן פון די הייזער.

מיט'ן אָנקומען פון די סאָוויעטען־טרופּען איז אָבער דאָס דיסאָרגאַניזירטע לעבען פון דער שטאָט ניט איינגעשטעלט גע־וואָרען. אפילו אין ערשטען טאָג נאָך זייער אָנקומען האָט מען פאַרצייכענט פאַלען, וואו באַוואָפענטע מענער זיינען אַריין אין פּריוואַטע הייזער, מייסטענס אידישע, און גע'גנב'עט אייגענטום. שטרענגע מאַסרעגלען זיינען אָבער באַלד אָנגענומען געוואָרען, וועל־כע האָבען פאַרקלענערט די צאָל פון רויבעריי־פאַלען, אין די קו־מענדע טעג. די צרה איז נאָר געווען, וואָס אין עטליכע טעג אַרום האָט מען פון אומאַן צוריקגעצויגען דעם זיבעטען סאָוויע־טען־רעגימענט און דעם פּלאַץ האָט פאַרנומען דער אַכטער סאָ־וויעטישער אוקראַינישער רעגימענט, וואָס איז שוין געווען צוויי מאָל פריער פאַרנומען אין לויף פון מאָנאַט מערץ. גלייך נאָכ'ן ערשטען טאָג פון זיין אָנקומען האָבען זיך שוין אָנגעהויבען מאַסען פּלינדערייען, און מייסטענס אין אידישע הייזער. אין געוויסע פּלעצער און אין געוויסע טעג האָט עס אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ פּאָגראָם. באַוואָפענטע מענער מיט רויטע לענטעס, מיט בייטשען, רעוואָלווערען, שווערדען, ביקסען, און אין מאַנכע פאַלען מיט מאַשין־ביקסען, האָבען זיך אַריינגעריסען, מיט אָדער אָן אַ תירוץ, אין די הייזער, געראויבט און געבראָכען אַלץ, פאַרלאַנגט געלט און אוועקגענומען אַלעס ווערטפולעס. די גאַנצע באַפעל־

קערונג פון דער שטאָט זאָגט, אַז צווישען די רויבער זיינען געווען פּראָפעסיאָנעלע גנבים און פאַרברעכער, פּאַראורטיילטע אויף לאַנגע יאָרען אין די געפענגנישען און אויף קאַטאָרזשנער ארבייט, וועלכע זיינען אריין אַלס וואָלונטירען אין דעם 8־טען סאָוויעט־רעגימענט, און כל־זמן אָט דער רעגימענט איז געבליבען אין שטאָט, האָבען זיך די גע׳שלעגען, רויבערייען און מערדערייען ניט אָפּגעשטעלט. ער איז ערשט אַוועק דעם 3־טען יולי, און אין לויף פון זעקס וואָכען איז די באַפעלקערונג פון אומאַן, באַזונדערס די אידישע, געלעגען אונטער דער מאַכט פון גוט־אָרגאַניזירטע באַנדעס פון פּאָגראָמ׳טשיקעס און באַנדיטען, געגען וועלכע די העברע מיליטערישע באַאמטע האָבען זיך ניט געקענט אַנטקעגענשטעלען. אַ סך אידישע הייזער, ווי אויך פיל קריסטליכע וואוינונגען, זיינען עטליכע מאָל ראַבירט געוואָרען און אַלעס אין זיי — איינשליסענדיג קישען, קאָלדרעס און וועש — איז צוגענומען געוואָרען. קיין שוּין, אחוץ עטליכע אויסנאַם־פאַלען, איז דער באַפעלקערונג פון קיינעם ניט געגעבען געוואָרען. אמת, מ׳האָט געשאָסען אַ צען פון די פּאָגראָמירענדע באַנדיטען; זיי האָבען אָבער באַלאַנגט, אין געפערליכקייט, צום צווייטען ראַנג, מחמת זיי זיינען ניט געווען קיין טייל פון אַכטען רעגימענט. די הויפּט־אָרגאַניזירער פון די פּאָגראָמען זיינען אומבאַשטראָפט געבליבען, און דאָס צוליב דעם, וואָס די העכערע באַאמטע האָבען פשוט מורא געהאַט, אַז דאָס וועט אַרויסרופען געגנערשאַפט און ראַכעזוכט ביי די פיל באַוואָפענטע גרופען און זייערע נאָכפאָלגער. חוץ דעם זיינען די סאָלדאַטען פון דעם 8־טען רעגימענט באַשטימט געווען אַנטיסעמיטיש געשטימט און שיצען אידען האָט ביי זיי אַרויסגערופען אַ נקמה־ און צאָרן־געפיל געגען די שיצער און באַשיצטע. דערפאַר האָט דער קאַמף געגען באַנדיטעריי, אויף וויפיל ער איז אָנגעפירט געוואָרען, זיך מייסטענס אויסגעדריקט אין דעם אָפּטען אַרויסגעבען פון באַפעלען, וואָס האָבען געסטראַשעט די באַנדיטען מיט דערשיסען זיי אויפ׳ן שטעל און אַמאָל אויך אין רעפּרעסיווע מאַסרעגלען געגען אומבאַדייטענדערע באַנדיטען. די באַנדיטען האָבען, פילענדיג זיך זיכער און כמעט פריי פון באַשטראָפונג, אָפּגעטאָן אַזעלכע צענדליגע און הונדערטער שרעקליכע גוואַלדטאַטען, וואָס האָבען אין אַ געוויסען זין איבערטראָפען אין ווילדקייט די שרע־

קענישען פון די פּאָגראָמען. אזוי למשל ווערען פארצייכענט פאַ־לען, וואו באנדיטען האָבען אין מיטען העלען טאָג אויסגעטאָן נאַקעט מענער און פרויען און פארגוואלטיגט די לעצטע כמעט אויף דער גאַס אין דער געגענוואַרט פון פארבייגעהער, וואָס זיינען געווען מאַכטלאָז זיי צו העלפען. שלעגעריי, רויבעריי, סקאַנדאַלען פון שכורים, מיסהאַנדלונגען און שיסעריי זיינען געוואָרען געוויינ־ליכע געשעהעענישען, געגען וועלכע מ'האָט זיך שוין ניט באַקלאָגט. באוואָפענטע מענער, באַצירט מיט גרויסע רויטע האַלז־טוכען, פלע־גען אָפּשטעלען די ווייניגע אידען, וואָס זיינען דאָך אמאָל אַרויס אויף דער גאַס מיט דער פראַגע: „זייט איר אַ איד?" און אויב זיי זיינען אין דעם איבערצייגט געווען פונ'ם ענטפער, אָדער פון זייער אייגענעם איינדרוק, פלעגען זיי די אומגליקליכע שמייסען מיט זייערע בייטשען ביז זיי האָבען זיי געלאָזען האַלב־טויט אויף דער ערד. דאָס כאַראַקטעריסטישסטע פון די באוואָפענטע מענער מיט די רויטע לענטעס און בענדער איז געווען אידען־פיינדליכקייט און אַנטיסעמיטיזם. זיי האָבען שטענדיג געסטראַשעט „אויפצו־שניידען די העלזער פון אַלע אידען". מ'ווייסט למשל פון פאַלען, וואו באוואָפענטע מענער מיט רויטע בענדער האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון קויפען סעמעטשקעס פון אָרימע קריסטליכע פרויען דערפאַר, ווייל מ'האָט זיי פארדעכטיגט צו זיין אידישע פרויען, און וואו זיי האָבען ניט געוואָלט געבען קיין נדבה אַ קינד־בעטלער צוליב דעם פאַרדאַכט, אַז ער איז אַ איד. עס זיינען אויך געווען אין 8־טען רעגימענט פיל אידישע וואָלונטירען, פון וועלכע אַ טייל איז באַשטאַנען פון אָרטיגע פאַרברעכער און גנבים, וועלכע, אויב זיי האָבען אַליין ניט געפּלינדערט, האָבען זיי אָנגעוויזען אויף די רייכע הייזער אין אומאַן, וואָס זיינען זיי גוט באַקאַנט געווען. די אויבען־דערמאָנטע פאַקטען ווייזען, אַז דאָס קאָמערציעלע, אינ־דוסטריעלע און אַנדער סאָרט לעבען אין שטאָט איז געווען פול־שטענדיג פאַראַליזירט אין אומאַן גופא און אין גאַנצען אויעזד. לעבענסמיטלען האָבען אומגעהייער געשטיגען, ווייל די פּויערים האָבען גאָרניט אַריינגעבראַכט, מחמת זיי האָבען זייער זיכערקייט ריזיקירט אויף צוויי אופנים — מצד די רעבעלען אין די דערפער און מצד די באַנדיטען, וואָס האָבען באַרויבט די פּויערים אין שטאָט.

די געשעפטען און פאבריקען זיינען, טראָץ אַלע באַפעלען, גע־בליבען געשלאָסען גאנצע צוויי חדשים און די גאַסען זיינען געוועזן אומהיימליך ליידיגע אפילו בייטאָג. זייגער פינף פארנאַכט פלעגט מען זעהן אויף די גאַסען בלויז באוואָפענטע מענער, מייסטענס שכור׳ע, וועמעס געשרייען, שמוציגע לידלעך און מיאוס׳ע זידלע־רייען, ווי אויך שיסערייען, עס האָבען אומאויפהערליך אָפגעהילכט. און דאָס זעלבע איז אויך פאָרגעקומען בייטאָג.

די אידישע באַפעלקערונג פון דער שטאָט, בארויבט פון דעם ביסעל אייגענטום, וואָס איז איר פארבליבען פון די רעבעלען־פּאָג־ראָמען, אָפט אָן ברויט־פארדינער (גע׳הרג׳עט אין פּאָגראָם) און אָן מיטלען צום לעבען, טעראָריזירט פון די אַנטיסעמיטיש־גע־נייגטע באַנדעס מיט רויטע סטענגעס פון איין זייט און פון דער אנדערער זייט די געפאַר פון נייע אָנגריפען מצד די רעבעלען — האָט איבערגעלעבט אומבאַשרייבליך שרעקליכע טעג. ביי פיל איז דאָס לעבען געוואָרען עפּעס ווי אָן אומוויכטיגע זאַך. זיי האָבען נאָר געלעכצט נאָך וועלכער ס׳איז באַפרייאונג פון די באַנדיטען, וואָס האָבען זיי געמאַטערט — פון די רעבעלען, דירעקטאָריסטען, רויטע אָדער אַנדערע. דאָס שטאַרקע בענקען נאָך רעטונג האָט מעגליך געמאַכט געוויסע פאַנטאַסטישע נייעסען: אַזוי למשל איז ארוים א קלאַנג, אַז די אַנטאַנטע האָט געשלאָסען אַן אָפּמאַך מיט דייטשלאַנד פאַר דער באַשיצונג פון די איבערגעבליבענע אוקראַי־נישע אידען און אויך אַז אַ נעוויסער אידיש־אַמעריקאַנער רעגי־מענט קומט צו דער הילף פון די אומגליקליכע אידען אין אוקראַי־נע און דאַרף אין אַ באַשטימטען דאַטום אָנקומען קיין אומאַן. די בענקענדע רעטונג־שטימונג איז באַלד געוואָרען אַלגעמיין. קיין הילף איז אָבער ניט געקומען; און ערשט אין אָנפאַנג יולי איז אַ פרישער סאָוויעטען־רעגימענט אָנגעקומען, כאָטש די פאַרטרע־טער פון דער אומאַנער רעגירונג האָבען אָפט געבעטען דורך שריפט און דורך וואָרט פון דעלעגאַטען, וואָס מ׳האָט געשיקט קיין קיעוו, אַז מ׳זאָל שיקען נייע מיליטער. די ענדערונג האָט אָבער ניט גע־קאָנט פאָרקומען צוליב דער קריטישער לאַגע אויפ׳ן אוקראַינישען פראָנט, אינווייניג און פון דרויסען, ווי אויך צוליב דעם, וואָס דאָס סאָוויעטישע מיליטער־מאַכט האָט באַשטימט דעם אַכטען רעגי־מענט, וועלכער איז געוועזן אַ זעהר קאַמפּלוסטיגער, פאַר דער קריגס־

קאמפּאניע געגען די רעבעלען. און דער אמת איז, אז דער אכטער רעגימענט איז געווען א געפערליכע אָרגאניזאציע געגען די רע־בעלען־גרופּען פונ׳ם אויעזד, וואָס האָבען אָפּט געפּרואווט ווידער צו נעמען אומאן. אין עטליכע שלאַכטען האָט ער פולשטענדיג פארניכטעט די סאָלדאטען פון די אטאמאנען טיוטיוניק, פּאָפּאָוו און קלימענקאָ און פארכאפּט אלע זייערע וואפען און אנדערען קריגס־מאטעריאל. א צווייטע אָקופּירונג פון אומאן מצד די רע־בעלען, וואָס וואָלט גאנץ מעגליך געווען אונטער אנדערע אומ־שטענדען און וואָלט ווידער געווען געפירט צו א פּאָגראָם, איז געווען אויסגעשלאָסען, בעת דער אכטער רעגימענט האָט די שטאָט פארטיידיגט.

אין די ערשטע טעג פון יולי איז קיין אומאן אָנגעקומען דער ערשטער אוקראַינישער סאָוויעט־רעגימענט — א רעגימענט פון רייטער, אונטער דער קאָמאנדע פון גריבענקאָ, וואָס איז פארבלי־בען אין אומאן פינף טעג. צוויי טעג נאָך זיין אָנקומען איז דער אכטער רעגימענט אוועק פון אומאן קיין ניקאָלאיעוו. גלייך איז די פּלינדעריי אָפּגעשטעלט געוואָרען. וואָס אָנבאלאנגט דער שטע־לונג פון ערשטען רעגימענט צו דער אידישער באפעלקערונג, דארף געזאָגט ווערען, אז, כאָטש אין אלגעמיין פיל בעסער פון דער פון אכטען רעגימענט, איז זי אויך געווען אין געוויסע פאלען גאנץ בייזוויליג. אזוי למשל פלעגען זיך באווייזען אויף סטאָליפּינ־סקאיא, זאגאָראָדנאיא און אנדערע ארומיגע גאסען רייטענדע באַ־וואָפענטע מענער, וואָס האָבען געפּלינדערט די הייזער און גע־שלאָגען די פארביינגעהער, דערקלערענדיג צו דער זעלבער צייט, אז זיי זיינען געגען „אידען און קאָמוניסטען". פונ׳ם עדות־זאָגען פון טאלאבאניוק, א מיטגליד פון דעם עקזעקוטיווען קאָמיטעט, וואָס איז געשיקט געוואָרען אלס אָרגאניזירער און אגיטאטאָר אין די דערפער ווערכניאָטשקא און דובראָוו, דערוויסט מען זיך, אז אָן אָפּטיילונג רייטער פון ערשטען רעגימענט האָט זיך ארייננגע־ריסען, צוליב וועלכער ס׳איז אורזאַך, און באגאנגען עטליכע גוואלד־מאטען געגען די פּויערים, פארלאנגענדיג, צווישען אנדערעס, זיי זאָלען ארויסגעבען „די אידען און קאָמוניסטען". אין איין אָרט האָבען זיי שיער דער׳הרג׳עט א אידיש מיידעל, ווייל נאָך זייער מיינונג האָט זי "פארדרייט די קעפּ פון די סאָלדאטען" מיט איר

שיינקייט. אין אַלגעמיין אָבער האָט דער קאַוואַלעריע־רעגימענט, כאָטש ער איז באַשטאַנען פון אוקראַינישע פּאַרטיזאַנישע סאָלדאַטען און איז אָן צווייפעל אויך געווען געניגט, פּונקט ווי דער אַכטער רעגימענט, צו זיין אידען־פיינדליך, ניט אַרויסגעוויזען זיך צו זיין באַזונדערס אַגרעסיוו אין דער קורצער צייט, וואָס ער איז געשטאַנען אין אומאַן — חוץ אין דער ריי פון אויבען־אויסגערעכענטע פאַלען.

דער דאָזיגער רעגימענט איז אַוועק פון אומאַן קיין פּאָלטאַווא דעם 15־טען יולי. אויף זיין אָרט איז געקומען דער פערטער אינטערנאַציאָנאַלער סאָוויעטען־רעגימענט, וואָס איז באַשטאַנען פון אונגאַרען, כינעזער, דייטשען, אידען און גרויס־רוסען. אין אָט דעם רעגימענט האָט די אומאַנער באַפעלקערונג צום ערשטען מאָל געזעהן אַ ווירקליך סאָוויעטישע דיסציפּלינירטע מיליטערישע איינהייט, וועלכע האָט ניט געמאָרדעט און ניט געפּלינדערט קיינעם צוליב נאַציאָנאַלע אָדער קלאַס־מאָטיוען. די גאַנצע באַפעלקערונג האָט אויפגעלעבט נאָך די לעצטע צוויי חדשים פון שרעקעניש. די געשעפטען האָבען זיך גלייך געעפענט; מענשען האָבען אָנגעהויבען זיך צו ווייזען אויף די גאַסען; אַ סוף איז געמאַכט געוואָרען צו דער שלעכטער באַהאַנדלונג נאָר מחמת אידישער אָפּשטאַמונג, דאָס אַרומרייטען און שיסען איבער די טראָטואַרען און גאַסען פון באַזויפענע מיליטער־לייט האָט אויפגעהערט. דאָס לעבען אין שטאָט, וואָס איז פּאַראַליזירט געווען פאַר צוויי מאָנאַטען, האָט ביסלעכווייז גענומען קומען צו זיך און זיך אויסגעדריקט אין קאָמערציעלער, אינדוסטריעלער און יעדער אַנדערער סאָרט טעטיגקייט, וואָס די באַדינגונגען האָבען נאָר דערלויבט.

יעדענפאַלס דאַרף עס געזאָגט ווערען, אַז מיט'ן אָנקומען פון פערטען רעגימענט איז די לאַגע פון דער אידישער באַפעלקערונג באַדייטענד פאַרבעסערט געוואָרען, איבערהויפּט אין דעם, וואָס זי איז אין שטאַנד געווען אַרויסצוגעהן אויף דער גאַס און זיך נעמען צו באַשעפטיגונגען, אויב עס זיינען איבערהויפּט אַזעלכע געווען. די אידישע און אַרבייטער־באַפעלקערונג איז איצט פריי פון די אָנגריפען אויף איר לעבען, ערע און אייגענטום; עס פאָדערט זיך אָבער גרויס אָנשטרענגונג און הילף אין אַ גרויסען מאַסשטאַב צו היילען די שווערע וואונדען, וואָס זיינען איר גע־

מאַכט געוואָרען אין עקאָנאָמישען זין דורך דער דערמאָרדונג פון הונדערטער ברויט־פאַרדינער און דורכ׳ן אומאויפהערליכען פלינ־דערען אין לויף פון צוויי חדשים.

די פאַרזאַמלונג האָט אויסגעהערט דעם באַריכט פון טאָוואַ־רישטש פּראָסקוראָווסקי און אים איינשטימיג געשטיצט און גוט־געהייסען, צוגעבענדיג דערביי געוויסע קלענערע דערקלערענדע ערגענצונגען.

אָט די ערגענצונגען (18 אין צאָל) לאָזען מיר, צוליב מאַנגעל אין פּלאַץ, ארויס.

דער באַריכט און די ערגענצונגען זיינען אונטערגעשריבען פון אַלע אַנוועזענדע.

.4

# דעניקינשטשינע און די אידישע פּאָגראָמען

דער אויפשטאַנד פון גריגאָריעווס מחנות האָט ברייט פאַנאַנ־דערגעעפענט די טירען פון אוקראַינע פאַר דער פרייוויליגער אַרמיי. גריגאָריעווס פאַרראַט האָט געגעבען אַ טויט־קלאַפּ דער רויטער אַרמיי. זי קאָן מער צו זיך ניט קומען, און טרעט אָפּ פאַר דער גרויסער גוט־באַוואָפענטער און דיסציפּלינירטער פרייוויליגער אַר־מיי. דער אינערליכער פראָנט, וואָס האָט זיך אַלץ מער און מער פאַרשטאַרקט, האָט סוף כל סוף געבראַכט דערצו, אַז די ראַטען־מאַכט האָט אָפּגעטראָטען איין שטאָט נאָך דער אַנדערער, און דע־ניקין פאַרנעמט נאָך דער ריי כאַרקאָוו, יעקאַטערינאָסלאַוו, פּאָל־טאַווע און ענדליך, דעם 2־טען סעפּטעמבער, קיעוו.

אוקראַינע איז „באַפרייט" פון די באָלשעוויקעס, פּעטליוראַס אַרמיי איז אומטעטיג, די, וואָס טרעטען יאָ אַרויס געגען דער פרייוויליגער אַרמיי, ווערען אַנטוואָפענט, נאָר די צאָל זייערע איז אומבאַדייטענד. זיי פאַרבאָרגען זיך ערגעץ אַרום די גרעניצען פון גאַליציען. דער אינערליכער פראָנט ווערט ביז אַ געוויסער צייט איינגעשטעלט. דאָס פּויערטום האָט ווי געוואָלט אויף ממשות'דיגע פאַקטען זיך איבערצייגען, וואָס עס ברענגט מיט זיך דער נייער בעל־הבית, וואָס וועט געבען דעם דאָרף דער פאָרשטע־הער פון דעם „איינהייטליכען ניט־געטיילטען רוסלאַנד".

קיין ישועות האָט דאָס פּויערטום ניט דערוואַרט, קיין אילו־זיעס זיך ניט געמאָלט און אין חשבון זיך ניט גענאַרט. דאָך האָט ער ווי באַשלאָסען זיך אָפּצורוען פון די בונטען, איבערכאַפּען דעם אָטעם, לויט דעם באַוואוסטען רוסישען היילמיטעל („פּערעדייש־

קעס"). אגב האָט דער דאָרף געוואָרט אויף די סחורות, וואָס די אנטאַנטע וועט צושיקען, איבערהויפט אויף מאַנופאַקטור.

אנדערש האָט זיך באַצויגען די שטאָט צו דעם נייעם מושל. די גרויס־ און מיטעל־בורזשואזיע, וועמען דער באָלשעוויסטישער רעזשים האָט שטאַרק צוגעפּרעסט און איז זיי געווים געוועזן ניט נאָכ'ן גוסט; דער גרעסטער טייל אינטעליגענץ, וועמען דאָס ראַ־טען־סיסטעם איז געוועזן פרעמד און דערווידער, וועלכע האָבען זיך אפילו צוגעלאָזט צו איר, אריינגעשאַרט אין אירע אינסטיטו־ציעס, אָבער ביי וועמען טיף אין דער נשמה האָבען געדרעמעלט חלומות און האָפענונגען וועגען אַן אנדער סיסטעם, אַ נאַענטען, אַ פאַרשטענדליכען און געוואונשטען; דאָס קליינבירגערטום, וואָס איז געוועזן פעסט איינגעגלויבט, אז אויפ'ן שפּיץ פון דעם באַיאָנעט ברענגט אים די פרייווילינגע ארמיי אַ פינף־קאָפּעקענע ווייסע בול־קע, אנשטאַט דעם שווארצען ברויט, פאַר וועלכען מ'מוז צאָלען 50־60 רובעל אַ פונט; די שווארץ־מאה'דיגע שיכטען פון המון, — אָט די אַלע שיכטען פון שטאָט האָט זעהר געשמייכעלט דאָס אָנ־קומען פון דער נייער מאַכט; זיי האָבען אין איר געזעהן זייער גואל. דאָס אידענטום, אויסגעמאַטערט פון די פּאָגראָמען, האָט אין זיין איבערוועגענדער מערהייט (אויסער די אידישע ארבייטער) באַגעגענט די נייע מאַכט, כאָטש מיט אַ געוויסען פחד, דאָך האָט טיף אין הארצען זיך באַוועגט אַ האָפענונג, אז אויף דעם אָרט פון דער ניט־פעסטער, ניט־באַשטענדיגער ראַטען־מאַכט וועט קומען אַ מאַכט אַ פעסטע, אַן אנטשלאָסענע, וואָס וועט געפינען די ניי־טיגע עצה און תרופות געגען דאָרף און וועט געווים לעבען בשלום מיט'ן פּאָליטיש־כשר'ען וואוילגעשטימטען טייל פונ'ם אידענטום, יעדענפאַלס אויף דעם באַריכט־אדרעס, וואָס עס האָבען אונטער־געטראָגען דעניקינען די פאָרשטעהער פון די יעקאַטערינאָסלאַווער, באַרקאָווער, ראָסטאָווער און טאַורישער אידישע קהלות (זעה דעם נומ. 4 בולעטין פון קאָמיטעט פון די אידישע דעלעגאַציעס ביי דער שלום־קאָנפערענץ) ווערט געזאָגט: „געהערענדיג פון עקאָנאָ־מישען שטאַנדפונקט צום קליינבירגערטום (90 פּראָצענט בעלי־מלאכות און סוחרים, 5 פּראָצענט קאַפּיטאַליסטען און נאָר 5 פּראָ־צענט ארבייטער), האָט דאָס אוקראַינישע אידענטום מיט ניט־פאַרדעקטען אומגעדולד ערוואַרט דאָס אָנקומען פון דער פרייווי־

ליגער אַרמיי, וואָס וועט זיי באַפרייען פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. דאָס אידענטום האָט באַגעגענט די פרייוויליגע אַרמיי מיט ענטוזיאַזם און איז גרייט געווען צו קומען איר צו הילף מיט געלט און מיט מענשען־מאַטעריאַל." פאַרשטעהט זיך, אַז די טרייע אונטערטעניגע געפילען זיינען דאָ ביז אַ געוויסער מאָס גוזמא'דיג איבערגעשאַצט. ס'איז אָבער קיין שום ספק ניט, אַז דער קלאַס פון אידישען מיטעלען בירגערטום, וועגען דער גרויס־בורזשואַזיע שוין אָפּגערעדט, פיליכט אפילו אַ טייל פון די אָרי־מערע בעלי־מלאכות, האָבען זיכער געגלויבט, אַז עס וועט זיין מעג־ליך אויסצואַרבייטען מיט דער ניי־אָנגעקומענער מאַכט אַ געוויסען מאָדוס וויווענדי, אַ מעגליכקייט צו לעבען צוזאַמען.

די אַלע קלאַסען האָבען ניט געגלויבט אין דער פעסטקייט און דויערהאַפטיגקייט פון דעם ראַטען־סיסטעם; זיי האָבען גע־האַט גענוג ממשות'דיגע באַווייזען אין עבר, אום ביי זיי זאָל זיך נאָך אָפּשטעלען וועלכע עס איז ספקות בנוגע דער אידען־פּאָליטיק פון דער דירעקטאָריע. דאָס וויכטיגסטע, וואָס זיי האָבען גע־וואונשען, וועגען וואָס זיי האָבען גע'חלומ'ט, איז געווען אַ דער־טרעגליכער רוהיגער לעבען. ווייל דער קאָכען זיך אין אוקראַי־נישען פּאָליטישען קעסעל־גרוב אין משך פון צוויי יאָר, — די אַלע פּאָליטישע איבערקערענישען, ענדערונגען, די פּאָגראָמען, די באַטקאָווטשטשינא, — האָט אין זיי פאַרטעמפּט אַלע אינטערעסען און געבליבען איז דער איינציגער פאָדלאַנג: רוהיג לעבען. זיי האָט ווייניג־וואָס געקימערט דער פאַרלוסט פון דער רוחניות'דיגער, אילוזאָרישער פערסאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, אין וועלכער זיי האָבען קיין ווירקליכען פּאָליטישען נוץ ניט געזעהן, — אַבי עס זאָל זיי נאָר גאַראַנטירט ווערען די מעגליכקייט צו לעבען און ווי עס איז דורכצוקומען; פון דעם שטאַנדפונקט איז דאָס אָנ־קומען פון אַ מאַכט, ביי וועלכער עס איז מעגליך אַ ל ע ג א ל ע, דערלויבטע ספּעקולאַציע, באַשטימט באַגריסט געוואָרען פון ברייטע שיכטען פון דער אידישער באַפעלקערונג. פון דער אַנדער זייט האָבען זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז דעניקין באַציט זיך גינסטיג און פריינדליך צו דעם כשר־געשטימטען טייל פונ'ם אי־דענטום; מען האָט אפילו געשמועסט פון זיין מער ווי טאָלע־ראַנטער, כמעט גינסטיגער באַציהונג צו די פּראָפעסיאָנעלע און

צו די רעכט־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס (מענשעוויסטישע). מען האָט זיך סקעפּטיש באַצויגען צו די מיטטיילונגען וועגען ווייסען טעראָר, וועלכע עס האָט געדרוקט די ציימונג „נאַכריכטען פון קיעווער ראַט". מען האָט עס ניט געגלויבט, האַלטענדיג דאָס פאַר אַ בלבול, אין וועלכען די ראַטען זיינען פאַראינטערעסירט. דעניקינס אָנהענגער האָבען פאַרשפּרייט אין קיעוו פּראָקלאַמאַציעס, אין וועלכע עס ווערט גערעדט וועגען דער גוטער באַציהונג צו אַלע מעסיגע קלאַסען און פּאַרטייען, ספּעציעל, וואָס איז שייך צו אידען, ווערט דאָרט געזאָגט אומגעפער פאָלגענדעס (איך ציטיר נאָכ'ן זכרון): „בירגער אידען! מיר איז גאַנץ גוט באַוואוסט, אַז פון די באָלשעוויקעס האָט געליטען ניט נאָר די קריסטליכע באַפעלקערונג, נאָר אויך די אידישע. די פרייוויליגע אַרמיי ברענגט פרידען און גליק פאַר אַלע בירגער פון רוסלאַנד, אָן אונטערשיד פון נאַציע און גלויבען. וואַרט רוהיג אויף איר אָנקומען, שטיצט איר, ווייל זי פאַרטיידיגט און דערלייזט אייך פון דעם באָלשעוויסטישען טעראָר. איך בין איבערצייגט, אַז איר וועט אַליין אַרויסגעבען די אַלע אויסוואורפען און עקעלהאַפטע נפשות, וואָס געפינען זיך אין אייער סביבה."

די פרייוויליגע אַרמיי פאַרנעמט קיעוו און ווערט גלייכצייטיג דער בעל־הבית איבער אוקראַינע. נאָכ'ן זיג דאַרף דעניקין זיך מער ניט מאַסקירען. ער רייסט אַראָפּ די מאַסקע, וואַרפט אָפּ די שוין ניט נייטיגע פראַזען און ערשיינט אין זיין גאַנצער פּראַכט און שיינקייט. דער דאַרף האָט ווידער באַקומען דעם פּרייז, וועמען ער האָט שוין לאַנג אָפּגעזונגען און אַ מצבה נאָך אים געשטעלט. די ערד נעמט מען אָפּ און מען קערט זי אום צו די פריערדיגע בעלי־בתים. מען גיט אַרויס דעם באַרימטען באַפעל וועגען יעדען דריטען גאַרב, וואָס דער פּויער דאַרף אָפּגעבען דעם פּריץ פאַר זיין ערד, וואָס ער באַאַרבייט. קיינע „אַנטאַנטישע" סחורות, קיין מאַנופאַקטור, שוכוואַרג און אַנדערע אַזעלכע נייטיגע פאַר'ן דאָרף פּראָדוקטען האָט די פרייוויליגע אַרמיי ניט געבראַכט. זי האָט אים געבראַכט אַן אַנדער מתנה: קאָנפיסקאַציעס און רעקוויזיציעס פון ברויט. דאָס פּויערטום נעמט אָן קעגען יורש פון דער ראַטען־מאַכט דיזעלבע מיטלען און פאָרמען פון קאַמף, ווי קעגען די אַוועקגעגאַנגענע. מיט אַמאָל, אומדערוואַרטעט, ווי פון דער

ערד אַרויס, וואַקסט אויס פאַר דער פּריוויליגער אַרמיי אַ נייער פראָנט, אַן אינערליכער, וועגען וועלכען מיר האָבען שוין פריער געשריבען.

די אַלטע שוין אונז גוט־באַקאַנטע באַטקעס, צו וועלכע עס קומט צו נאָך אַ גאַנצע ריי נייע העלדען, פירען מיט דער פּריי־וויליגער אַרמיי אַ פאַר'עקשנ'טען, אינטענסיווען און ערפאָלגריי־כען קאַמף. דער אַטאַמאַן אַנגעל הייבט אויף אַן אויפשטאַנד אין פּאָלטאַווער גובערניע, און אים גיט זיך איין אַפילו אַ גע־וויסע צייט צו פאַרכאַפּען די פאָרשטעט פון פּאָלטאַווע גופא. דער אַטאַמאַן זעליאַניי ווייזט אַרויס אַן אומגעווײנליך ענערגישע טעטיגקייט צו דרום פון קיעוו, אין ראַיאָן פון וואַסילקאָוו. לויט געוויסע ידיעות האָט עס טאַקע דעמזעלבען זעליאַניין זיך איינ־געגעבען צו פאַרכאַפּען די מערב'דיגע פאָרשטעטלעך פון קיעוו. אין ראַיאָן פון דער אייזענבאַן־ליניע צווישען קיעוו און פּאָלטאַ־ווע און אויך פון דעם שאָסיי־וועג, וואָס געהט לענג אויס דעם לינקען ברעג דניעפּר, צווישען פּערעיאַסלאַוול און זאָלאָטאָנאָשאַ, אַנטוויקעלט אַ שטאַרקע טעטיגקייט דער אַטאַמאַן טשעפּעלאַ, וועק־קענדיג און אויפרופענדיג די פּויערים צו אַן אויפשטאַנד געגען דעניקינען. חוץ דעם האָבען באַוויזען צו בילדען זעהר באַדיי־טענדע אָטריאַדען די אַטאַמאַנעס סאָקאָלאָווסקי און אַרבעל אין ראַיאָן פון דער אייזענבאַן־ליניע פּאָלטאַווע־קיעוו, און דער אַטאַ־מאַן מאַלינאָוו אין דער אומגעגענט פון כערסאָן. נאָר די צענ־טראַלע פיגור פון דעם אויפשטאַנד געגען דעניקינען איז מאַכנאָ, וועמעס גרויסע פּאַרטיזאַנישע גרופּעס האָבען זיך פאַנאַנדערגע־וואָרפען אויף אַ גרויסען שטח ביים דרומ'דיגען דניעפּר, צווישען מעליטאָפּאָל און יעקאַטערינאָסלאַוו. לויט געוויסע ידיעות איז די גאַנצע טעטיגקייט פון די איינצעלנע באַטקעס געווען אָנגעפירט פון מאַכנאָס שטאַב, וועלכער פלעגט געבען די דירעקטיווען פאַר די אַרויסטרעטונגען. טיילווייז האָבען זיך די קלענערע מחנות צונויפגעגאָסען מיט מאַכנאָס חיל.

עס לאָזט זיך גאַנץ גרינג שיקען, אַז מאַכנאָ, וועלכער האָט נאָך בעת דער פּעטליוראָווטשטשינאַ דערקענט די סכנה, וואָס דע־ניקינשטשינע ברענגט מיט זיך פאַר'ן מיטעלען אוקראַינישען פּוי־ערטום און האָט שוין דאַן געקעמפט געגען דעם, זאָל איצט, ביי

דעם אלגעמיינעם אויפשטאַנד, שטעלען זיך אין צענטער פון דער באוועגונג. עס שאפט זיך אַן אינערליכער פראָנט. עס שטעהט אויף דער דאָרף געגען דער נייער מאַכט, וועלכע האָט אים גע־בראכט די באפעלען וועגען „דריטען גארב", די קאָנפיסקאציעס און רעקוויזיציעס, און אכזריות'דיגע שטראַף־עקספעדיציעס, מיט וועלכע די „ווייסע שטאָט" איז גאַנץ אָפט מכבד דעם דאָרף.

די דעניקינשטשינע האָט אָפּגענאַרט אויך די מיטעלע שיכטען פון שטאָט, זייערע האָפענונגען אויף וואָלוועלען ברויט זיינען ניך צערונען. דער פרייז אויף ברויט (וואָס באשטימט די פרייזען אויף אַלע איבעריגע פּראָדוקטען) איז אַ גאַנץ הויכער. עס ווערען אַנולירט ווי די „קארבאָוואַנצעס" (דאָס געלט פון דער דירעקטאָ־ריע), אַזוי אויך די „סאָוויעטסקע געלט", ד. ה., גראָד די זאָרטען געלט, וואָס געפינען זיך ביים מיטעלען בירגערטום. די אוקראַי־נישע קולטור ווערט גע'רודפ'ט, די שולען פארמאכט. די נאַציאָ־נאַליסטישע גרויס־רוסישע טענדענצען, לויט'ן אַלטען באקאַנטען שניט, לאָזען זיך פאַנאַנדער אין דער לענג און אין דער ברייט. דער ווייסער טעראָר ווילדעוועט אין דעם איינגענומענעם שטאָט. אין די אויגען פון דער רעסטאַווראַציאָנס־מאַכט, וואָס דאָס איז אָן שום ספק געווען דעניקינס מאַכט, איז דער קאַרדינאַלסטער פאַרברעכען, וואָס האָט פאַרניכטעט די „גאַנצע, איינינגע און ניט־געטיילטע רוסלאַנד", וואָס האָט צעטרייסעלט די אַלטע זיילען פון דער רוסישער מלוכה — געווען די מערץ־רעוואָלוציע, דער אומ־שטורץ פון דער צארישער זעלבסטהערשאַפט, פון וואַנען אייגענט־ליך עס נעמט איר אורשפרונג די „גרויסע סמוטע און פארווירונג". אַלע געזעלשאפטליכע עלעמענטען, אַלע פּאַרטייען, וואָס האָבען אַנטייל גענומען אין אָט די פאַרברעכענס, זיינען געווען אָגולנע פאַררעכענט פאַר קראַמאָלנע, באָלשעוויסטישע, וואָס זיינען אַלע גלייך געפערליך, און וועלכע מ'דאַרף פאַרפאָלגען, עוקר מן השורש זיין. די באָלשעוויקעס, מענשעוויקעס, טרודאָוויקעס, פאָלקס־סאָ־ציאַליסטען, — אַלע זיינען גלייך שולדיג אין דעם חורבן פון פאָטערלאַנד, אין דער פאַרניכטונג פון רוסלאַנד.

דער אַנטיסעמיטיזם איז איינער פון די גרונד־יסודות פון דער רעסטאַוורירטער מלוכה־אָרדענונג, ווי פון דעם צארישען, עליו השלום. אָט דער פונדאַמענט, אויף וועלכען עס האָט זיך גע־

האַלטען פלעוועם דעספּאָטיזם, איז אַן אידעאַל, צו וועלכען דער־ניקינס ממשלה דערנענטערט זיך מיט ריזען־טריט. עס בלייבט קיין זכר ניט פון די אַלע „פּריוויליעגיעס" פון קערענסקים עפּאָכע,— זיי ווערען אויסגעריסען מיט'ן וואָרצעל, — צווישען אַלע איבע־ריגע, אין דער ערשטער ריי, די אידישע פּרייהייטען און רעכט.

די פרייוויליגע אַרמיי, וועלכע באַשטעהט דאָס רוב פון אָפּי־צירען, האָט פאַרמאָגט אויך אַ היבש ביסעל אידען, וואָס זיינען נאָך פון קאָרנילאָוס צייטען געבליבען איבערגעגעבענע קעמפער פאַר אַ „דעמאָקראַטישער אָרדענונג געגען דער דיקטאַטור פון די באָלשעוויקעס." די דעניקינשטשינע האָט באַשלאָסען אָפּצורייניגען איר אַרמיי פון די אידען. אין דער פרייוויליגער אַרמיי גופא האָט דער אַנטיסעמיטיזם שטאַרק זיך פאַנאַנדערגעבליט. די פּאָליטיש־רויע, קורצזיכטיגע אָפיצירען האַלטען די אידען פאַר די איינציגע שולדיגע אין אַלע צרות און מפּלות פון רוסלאַנד; פאַר שולדיגע אין באָלשעוויסטישען טעראָר, פון וועלכען זיי און זייערע נאָענטע האָבען אַזוי פיל געליטען. צווישען די אָפיצירען ווערט נאָך דערצו געפירט אַ באַשטימטע אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע, וואָס האַלט אַלץ אין ציילען די אידישע „קאָמיסאַרען", אין אויסגעפינען נייע, וואָס פאַרדעקען זיך אונטער די „פּסעוודאָנימען", — דאָס אַליין דערוווייזט דאָך, אַז די באָלשעוויסטישע ממשלה איז אַ ממשלה פון די זשידעס.

די פאַראַנטוואָרטליכסטע פּאָסטען אין דער פרייוויליגער אַר־מיי פאַרנעמען אויסגעשפּראָכענע שוואַרץ־מאַה'ניקעס און אַנטי־סעמיטען. בראש פון דער „פּאָליטישער אָפּטיילונג פון דער פריי־וויליגער אַרמיי" אין קיעוו שטעהט דער „באַוואוסטער שוואַרץ־מאַה'ניק פון די צאַרישע צייטען, דער דומע־דעפּוטאַט סאַווענקאָ. די אויפּרעגונג און די שנאה פון דער אַרמיי צום אידענטום איז אומגעהייער. די מיליטערישע הויפּט־פירערשאַפט געפינט פאַר איר וויכטיגסטע אַרבייט קודם־כל אויסצושליסען די אידען פון דער אַרמיי.

אין דער „זאַפּיסקע", וואָס די אידישע פאָרשטעהער האָבען צוגעשטעלט דעניקינען, געפינען מיר פאָלגענדע פאַקטען: דער שעף פון דער אינפאַנטעריע דיוויזיע האָט אָפּגעשיקט צוריק אין שטאַב פון 1־טען אַרמיי־קאָרפּוס 13 אידען אָפיצירען, וועלכע

מ'האָט צוגעקאָמאַנדעוועט צו אים. דערביי האָט ער צוגעלייגט אַן אָפיציעלען פּאַפּיר, אין וועלכען ער בעט אים קיין אידען־אָפיצירען ניט צו שיקען. דער קאָמאַנדיר פון צווייטען אייזענבאַן־באַטאַליאָן שיקט אָפּ צוריק אין שטאַב דעם אידען שפונט, מאָטיווירענדיג דערמיט, וואָס ער געהערט צו דער אידישער רעליגיע, „וועלכע, ווי עס איז באַוואוסט, פּאַסט ניט צום מיליטער־דינסט ביי די אייזענבאַנען.“ אין כאַרקאָוו דערקלערט אין אַ באַפעל איבער דער אַרמיי דער מיליטער־שעף, „אַז די אידען־אָפיצירען ווערען פאַררעכענט אין אַ באַזונדערער קאַטעגאָריע, און ביז אַ נייער מעלדונג זיינען זיי פריי פון זייערע דינסט־פליכטען.“

אין "מעמאָראַנדום פון צענטראַלען הילפס־קאָמיטעט פאַר די פּאָגראָמירטע אידען אין רוסלאַנד", וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרען דעם ציוניסטישען אַקציאָנס־קאָמיטעט אין לאָנדאָן און דעם פאָרשטעהער פון דער אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק אין לאָנדאָן, דר. מאַרגאָלין, ווערט געבראַכט פאָלגענדע, ווייזט אויס אמת'ע, מיטטיילונג (די דאָקומענטען זיינען בכלל טענדענציעזע): דער גענעראַל דעניקין האָט אין אַ באַפעל פון 6־טען אָקטאָבער 1919 אונטער'ן נומ. 21322 געהייסען אויסשליסען אַלע אידישע אָפיצירען פון דער פרייוויליגער אַרמיי, נאָר דערפאַר, וואָס זיי זיינען אידען. די פאָרשטעהער פון די פיר קהלות (קיעוו, כאַרקאָוו, יעקאַטערינאָסלאַוו און פּאָלטאַווע) האָבען דעם גענעראַל דעניקין פאָרזיכטיג דערציילט וועגען דעם, אַז די פאָלקס־מאַסען ווערען דורך אַזעלכע באַפעלען אויפגערייצט געגען אידען, וואָס קאָן אַרויסרופען נייע פּאָגראָמען (דאָן האָט שוין די פרייוויליגע אַרמיי געהאַט אַרויסגעוויזען אירע טאַלאַנטען אויף דעם געביט און אַליין געמאַכט איינינע פּאָגראָמען). דער גענעראַל דעניקין האָט געענטפערט, אַז דעם באַפעל האָט ער אַרויסגעגעבען, האַבענדיג אין זין געוויסע מלוכה־אינטערעסען, און אַז די אינטערעסען פונ'ם פאָטערלאַנד שטעלט ער העכער פון אַלץ.

די אָפיציעלע נאַכריכטען־ביוראָ ביים הויפּטקאָמאַנדיר פון דער פרייוויליגער אַרמיי האָט געפירט אַ קאָלאָסאַלע אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע. איר טעאָרעטישע באַגרינדונג האָט אָט די אַגיטאַציע געפונען אין די מיט האַס און גאַל אָנגעזאַפּטע אַרטיקלען פון דעם פעהיגען, טאַלאַנטפולען שוואַרץ־מאַה'ניק שולגין, אַן אָפּעַ־

נעם מאָנארכיסט און יודאָפאָב. ער איז דער רעדאַקטאָר פון אָפיציאַז „דאָס גרויסע רוסלאַנד“, איז מיטגליד פון „ראַט ביי דעם דיקטאַטאָר“, שפּילט אַ ראָלע פון אַ מיניסטער אָן אַ פּאָרט־פעל. ער העצט אויף די עקעלהאַפּטסטע אופנים אויף די אידישע באַפעלקערונג און אויף די דעמאָקראַטישע עלעמענטען אין לאַנד.

דאָס אַלץ האָט סוף כל סוף געבראַכט צו די באַשטימטע רע־זולטאַטען, וואָס די העצער און אויפרייצער האָבען געוואָלט און דערוואַרט.

די פרייוויליגע אַרמיי, וואָס געפינט זיך שוין דאַן אין פּראָ־צעס פון פאַנאַנדערפאַלען, אויפלייזען זיך; דאָס טעמפּע אָפּי־צירענטום, וואָס טרוימט נאָר וועגען רויבערייען און וועגען דעם מאָמענט, ווען עס וועט אין פולער מאָס קאָנען באַפרידיגען זיינע נידעריגסטע תאוות, האָבען איצט געפונען אַ מעגליכקייט צו באַ־פרידיגען זייערע סאָפּיסטישע און רויבערישע פאַרלאַנגען, — דאָס איז געוועזן דער אידישער לעבען, פרויען־ערע און פאַרמעגען, וואָס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען אינגאַנצען אין זייער רשות, אויף זייער איינזעהן.

זיי האָט איבערהויפּט צוגעגעבען פליים און קוראַזש, ווען זיי האָבען דערזעהן, אַז ניט נאָר געפינען זייערע ווילדע מעשים חן אין די אויגען פון דער העכסטער מיליטער־מאַכט און אירע נאָ־ענטע, נאָר אַז די אָפיציעלע פרעסע לויבט זיי אויך פאַר זייער „פּאַטריאָטישע טעטיגקייט“.

דאָס געוויינליכע בילד פון די פּאָגראָמען פון דער פרייווי־ליגער אַרמיי איז אַזאַ: שוין גלייך ביים אריינקומען פון דער אַרמיי אין אַ וועלכען עס איז אָרט, ווערען אויף די ווענט, ביי דער זייט פון די רעגירונגס־מעלדונגען, אויסגעקלעפּט אויפרופען, וואָס טראָגען אומעטום כמעט דעמזעלבען פּנים און כאַראַקטער: „צו אַלעמען“ רופט מען צו פּאָגראָמען געגען „די מיטהעלפער און די באַדינער פון דער רויטער גוואַרדיע“, די זשידעס.

דער פּאָרזיכטיגער אַדרעס פון די אידישע געזעלשאַפטליכע עסקנים קאָנסטאַטירט, אַז אין אַלע אָן אויסנאַם ערטער, וואו עס איז נאָר אריינגעקומען די פרייוויליגע אַרמיי, זיינען פּאָרגעקומען מער אָדער ווייניגער באַדייטענדע, אָבער שטענדיגע, סיסטעמאַ־טישע עקסצעסען, וואָס געהען אומעטום איבער אין פּאָגראָמען.

אזוי קומען פאָר אין כארקאָוו טאָג־טעגליך רויבערייען און פאַר־גוואַלטיגונגען; אין יעקאטערינאָסלאָוו זיינען די פיר וויכטיגסטע גאסען פון אידישען קווארטאַל לגמרי חרוב: פיל אידען האָט מען געטייט, מאסען אידישע פרויען און מיידלעך געשענדעט . . .

די פרייוויליגע ארמיי האָט געמאכט פאָגראָמען אין פאָל־גענדע ערטער: סינעלניקאָווע, בעזפאלאווקע, לאזאָוואיא, מיכאילאָווקע, וואלקי, קרע־מענטשוג (350 פרויען פארגוואלטיגט), מאטאווי־לאָווקע, באָריספאָל, גרעבענקאָ, סמעלאָ, קארסון, נערמאנאָווקא, טשערקאס, מא־קאראָוו, האָראָדישטשע, קארייטא, סטע־פאנציי, איגנאטאָווקע, טריפאָליע, ראס־סאווע, בעלאיא צערקאָוו, פאסטאָוו, און צולעצט אויך אין קיעוו.

אין פאסטאָוו זיינען די פרייוויליגע דורכגעגאנגען אלע אידי־שע הייזער (צופעליג האָבען זיי דורכגעלאָזען צוויי הייזער). דאָס פארמעגען האָט מען אומעטום צעראבירט און די געבליבענע חפצים און כלים פארניכטעט, — פרויען מאנס געוועז. מ'האָט געפייניגט אידען מיט אלערליי נגישות און אכזריות; מ'האָט געטייט אפילו אָקאָרשט געבוירענע קינדער. די צאָל דער'הרג'עטע איז 1500־1800. איבער הונדערט הייזער האָט מען פארברענט.

ניט וויינינגער שרעקליך איז אויך דער קיעווער פאָגראָם. דעם 14־טען אָקטאָבער האָבען קיעוו פארנומען די באָלשעוויקעס, נאָר אין צוויי טעג ארום האָבען זיי די פרייוויליגע ארויסגעשטויסען. ווי נאָר מען האָט די שטאָט אָפגערייניגט פון דער רויטער ארמיי, האָט מען אָנגעהויבען דעם פאָגראָם, וועלכער האָט געדויערט 5 טעג, פונ'ם 16־טען ביז'ן 20־טען אָקטאָבער. די מערדער, צוויי־שען וועלכע דאָס רוב זיינען געווען מיליטער־לייט, זיינען גע־גאנגען פון הויז צו הויז, אריינגעריסען זיך אין יעדער אידישער קווארטיר, געראבירט, געפייניגט, מאנס געוועז און געשאָכטען.

די שרעקליכע אימה'דיגע קולות פון די געפייניגטע און גע־קוילעטע האָבען ניט געהאָלפען, — קיינער איז ניט געקומען צו הילף.

די געלט, וואָס מ'האָט פאָרגעלייגט די באנדיטען, זיך אויס־

צוקויפען דעם לעבען, פלעגען זיי צונעמען און דאָך די קרבנות זייערע אומברענגען. די פרויען האָט מען מאַנס געוואָן און נאָכ־דעם אָדער דאָ גופא דער׳הרג׳עט, אָדער אַרויסגעוואָרפען דורכ׳ן פענסטער פון פינפטען אָדער זעקסטען שטאָק. פיל האָט מען אַריינגעוואָרפען אין דניעפּר, און דאָרט זיינען זיי אומגעקומען. אומגעבראַכט זיינען געוואָרען 500־600 מענשען; היזיקות רעכענט מען אין די הונדערטער מיליאָנען רובעל.

אין סאַמע ברען פון פאָגראָם האָבען די שוואַרץ־מאה׳דיגע בלעטער „וועטשערנייע אָגני" און „קיעווליאַנין", אָפּגעדרוקט אַ פּראָוואָקאַטאָרישע ידיעה, וועלכע האָט זיך נאָכדעם פאַקטיש אַרויס־געוויזען אַלס אַן עקעלהאַפטער געמיינער שקר־בלבול, אַז די אידען האָבען געשאָסען אין דער פרייוויליגער אַרמיי, ווען זי איז אַנט־לאָפען פאַר די רויטע.

די „וועטשערנייע אָגני" האָבען אפילו אָנגעוויזען די צייט, דעם נומער פון די הייזער און אָפטמאָל אפילו די פּערזאָן, וואָס האָט געשאָסען. לויט דער אויספאָרשונג, וואָס איז געמאַכט גע־וואָרען דערנאָך דורך דער „ליגע צו באַקעמפען דעם אַנטיסעמי־טיזם", מיט דעם נאָענטסטען אַנטייל פון שטאָט־גאָלאָווא ריאַב־צעוו, מיטגלידער פון שטאָט־אופּראַווע בוטענקאָ און זאַגאָרסקי, דעם פּראָטאָיערייי אַגעיעוו און אַ סך אַנדערע פאָרשטעהער פון פאַרשידענע געזעלשאַפטליכע, פּראָפעסיאָנעלע און קאָאָפּעראַטי־ווע אָרגאַניזאַציעס, — איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז קיין איי־נער ניט פון די אָנגעוויזענע „פאַקטען" איז ניט פאָרגעקומען אין דער ווירקליכקייט . . . עס האָט זיך אָפט אַרויסגעוויזען, אַז עס זיינען גאָר ניט געווען אַזעלכע נומערען פון הייזער.

די מיליטערישע צענזור האָט דורכגעלאָזען אָט די פּראָוואָ־קאַטאָרישע פאָגראָם־אינסינואַציעס און האָט אין דערזעלבער צייט אין אַנדערע בלעטער אויסגעמעקט מעלדונגען וועגען דעם אַנטייל פון די סאָלדאַטען אין פאָגראָם און אויך ניט דערלאָזען דאָס שילדערען פון זיינע שרעקליכע עפּיזאָדען. ס׳איז איבעריג, גלויב איך, צו דערציילען, אַז נעגען די אינקוויזיטאָרען, די פאָגראָם־העצער, ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזען די פאַלשקייט פון זיי־ערע ידיעות און ס׳איז קלאָר געוואָרען זייער בלוטדורשטיגער ציל,

איז ניט פארפירט געוואָרען קיין שום פּראָצעס, און זיי זיינען גע־בליבען אומבאשטראָפט.

די גרוילען פון דעם קיעווער פּאָגראָם און די חיה'שע צינישע דערקלערונגען, וואָס ווערען געגעבען פאר די פּאָגראָמען פון דער פרייוויליגער ארמיי, טרעטען ארויס בולט אין דעם ארטיקעל „פּיי־ניגען דורך שרעק" פון באַרימטען שווארץ־מאה'ניק שולגין. „אין די נעכט, — שרייבט שולגין, — קומט אָן צופליען אויף די גאסען פון קיעוו די מיטעלאַלטערליכע אימה און הילט איין די גאַנצע שטאָט. צווישען דער טויטער שטילקייט און פּוסטקייט שניידט זיך פּלוצלונג דורך אַ הארצרייסענדער יאָמער, — דאָס שרייען „די זשידעס". זיי שרייען פאר שרעק. אין דער פינסטערקייט פון דער נאַכט שלייכען דורך די גאַסען הייפלעך „מענשען מיט שטיקעס". דערזעהענדיג זיי, הייבען די פינף און זעקס שטאָקיגע הייזער אָן צו וואָיען, גרויליג צו שרייען, פון אויבען ביז אונטען. גאַנצע גאַסען ווערען ארומגעכאַפּט מיט'ן טויט־שרעק, שרייען מיט אוממענשליכע קולות, ציטערענדיג פאר'ן לעבען. עס כאַפּט אָן אַן אנגסט צו הערען אָט די קולות נאָך דער רעוואָלוציאָנערער נאַכט. געוויס, דער שרעק איז פארגרעסערט און נאָך אונזער שטאַנדפּונקט נעמט ער אָן אומגעלומפּערטע, שענדליכע פאָרמען; נאָר דאָס איז אַן אמת'ער, ניט געמאַכטער שרעק, אַן אמת'ער „פּייניגען דורך שרעק", וועלכען עס לעבט איבער די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג. די מאַכט, אויף וויפיל זי איז בכח, קעמפט פאר דעם, אום ניט צו דערלאָזען די רויבערייען און הריגות. די רוסישע באַפעלקע־רונג, זיך צוהערענדיג צו די שרעקליכע קולות, וואָס ווערען ארויס־געריסען פון טויזענטער הערצער דורכ'ן „פּייניגען דורך שרעק", קלערט זיך איר געדאַנק. זי קלערט אָט וועגען וואָס: צי וועלען אין די שרעקליכע נעכט די אידען זיך עפּעס אויסלערנען? צי וועלען זיי פארשטעהן, וואָס דאָס הייסט צושטערען מלוכות, וואָס ניט זיי האָבען געשאַפען? צי וועלען זיי פארשטעהן, וואָס דאָס הייסט, נאָכ'ן רעצעפּט פון „גרויסען לערער קארל מארקס", אָנצו־רייצען איין קלאַס אויפ'ן אַנדערען? צי וועלען זיי פארשטעהן, וואָס דאָס באַדייט אין רוסלאַנד די פאַרווירקליכונג פון פּרינציפּ „פאָלקסהערשאַפט"? צי וועלען זיי פארשטעהן, וואָס דאָס באַ־דייט סאָציאַליזם, פון וועמעס שויס עס זיינען ארויסגעקומען די

באָלשעוויקעס ? צי וועלען זיי פאַרשטעהן, וואָס זיי האָבען איצ־טער צו טאָן ? צי וועלען זיי אין אַלע בתי־מדרשים און די קלויזען בפני כל עם פאַרשילטען די אידען, וואָס האָבען מיטגע־האָלפען דער סמוטע ? צי וועט זיך אָפּזאָגען די געדיכטע גרויסע מאַסע פון דער אידישער באַפעלקערונג, מיט דער זעלבער ליידענ־שאַפט, מיט וועלכער זי איז אָנגעפאַלען אויפ'ן „אַלטען רעזשים", צי וועלען זיי זיך אָפּזאָגען פון די, וואָס פּלאַנצען דעם „נייען" ? צי וועט דאָס אידענטום, זיך שלאָגענדיג אין האַרץ אַל חטא, און באַשיטענדיג מיט אַש דעם קאָפּ, זיך מודה ומתודה זיין, אַז אַזאַ און אַזאַ זינד האָבען אידישע קינדער באַגאַנגען אין דעם באָלשע־וויסטישען שגעון ? צי וועט זיך גרינדען אַ אידישע ליגע פון קאַמף מיט'ן סאָציאַליזם, אָדער אַלץ וועט בלייבען ווי געוועזען, און נאָך די שרעקליכע נעכט, וואָס זיי האָבען פאַרבראַכט אין טויט־שרעק, וועט מען, ווי פריער, גרינדען „אַ ליגע צו באַקעמפען דעם אַנטיסעמיטיזם", וואָס בלאָזט מער פאַנאַנדער מיט איר אומגע־לומפּערטען פאַרלייקענען באַשטימטע זיכערע פאַקטען, די אַנטי־סעמיטישע געפילען און ליידענשאַפטען ? פאַר די אידען שטעהען איצט צוויי וועגען: איינער — זיך מודה ומתודה זיין; דער צווייטער — אָפּלייקענען, באַשולדיגען אַלעמען, אויסער זיך אַליין. פון דעם, מיט וועלכען וועג זיי וועלען געהן, איז אָפּהענגיג זייער גורל. צי דען וועט די „פייניגונג דורך שרעק" זיי ניט אָנווייזען דעם ריכטיגען וועג ? — ש ו ל ג י ן.

„קיעוולױאַנין", דעם 21־טען אָקטאָבער 1919."

דער אַרטיקעל שטעלט פאַר די אידען אַ דילעמע: חרטה האָבען, זיך מתודה זיין און נעמען אויף זיך אַלע חטאים, וואָס די ראַטען־מאַכט איז באַגאַנגען כנגד דער פרייוויליגער אַרמיי און אירע אָנפירער, אָדער אומקומען. פאַקטיש האָט דעניקינס רע־גירונג פאַר'משפּט די אידען צום אונטערגאַנג, להרוג ולאבד. און אין דעם האָט זי געפונען אַ מאָראַלע אונטערשטיצונג אין דער קאַדעטישער פּאַרטיי. די פּאַרטיי „פון לעגאַלע אָפּאָזיציע צו זיין מאַיעסטעט", נאָכ'ן טרעפליכען אויסדרוק פון מאַקסים גאָרקי, איז אַ בייזער געשוויר, וואָס האָט צעפוילט די רוסישע אינטעליגענץ, וואָס האָט איר געשטופּט צוצופּאַסען זיך צו דער זעלבסטהערשאַפט, צום רעזשים פון ראַספּוטין און שטשעגלאָוויטאָוו, וועלכע האָבען

דערפירט רוסלאַנד צום תהום, צום אומקומען. אָט די פּאַרטיי, וואָס האָט זיך אין סיביר אָנגערופען „די פּאַרטיי פון מלוכה־אײַבערקערניש", איז אין אוקראַינע געווען אַן אויסגעשפּראָכען־רעאַקציאָנערע פּאַרטיי. די קאַדעטען האָבען אונטערשטיצט דעם העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי פון אָנפאַנג אָן, זינט ער האָט אָנגעשטעלט זיין פּורים־שפּיל־דיקטאַטור, מיט דער הילף פון באַראָן פאָן מורען (דעם דייטשען געזאַנדטען) און די דייטשע באַיאָנעטען. דער לידער פון דער פּאַרטיי, פּאַוועל מיליוקאָוו, האָט אָט די פּאָליטיק באַרעכטיגט און האָט אויך זיין אייגענע „אַנגלאָפּילישע" פּאָליטיק איבערגעביטען אויף אַ „גערמאַנאָפּילישע". אין דרום־רוסלאַנד איז, ווי דער צענטראַלער קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, אַזוי אויך די פּאַרטיי אינגאַנצען, געווען די איינציגע „מאָראַלע" אונטערשטיצונג פון דעניקינען. זיין פּאָרגענגער, אַלעקסעיעוו, איז אויך אין דערזעלבער מאָס געווען אָנפּאַרטרויט מיט דער קאַדעטישער „מאָראַלער" אונטערשטיצונג. די קאַדעטען האָבען געפּאָדערט אַ „מיליטערישע דיקטאַטור". מיליוקאָוו האָט דערקלערט, אַז די רוסישע דעמאָקראַטיע איז ניט פעהיג צו אָרגאַניזירען אַ מלוכה, און אַז דאָס קאָן מאַכען נאָר אַ מיליטערישע דיקטאַטור. די פּאַרטיי, געהאָרכזאַם דעם ווילען פון פירער, פּאָדערט, אַז די פולע מאַכט זאָל זיך געפינען אין די הענט פון דער פרייוויליגער אַרמיי, און אַז אַלע דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס, ווי די זעמסטוועס, די שטאָטישע זעלבסט־פּאַרוואַלטונגען, זאָלען זיך אָפּזאָגען פון יעדער זעלבשטענדיגער פּאָליטיק, פון יעדען זעלבשטענדיגען האַנדלען, אַלס אָרגאַנען פון מאַכט, ווייל „דער מאָמענט פּאָדערט אַ מיליטערישע דיקטאַטור."

די פּאַרטיי, וואָס האָט געשטאַלצירט מיט איר ליבעראַליזם, און צווישען וועמעס פירער עס זיינען געווען און זיינען איצט אויך פאַראַן ניט ווייניג אידען, נעמט אָן בנוגע די אידישע פּאָגראָמען שולגינס פּאָזיציע. און זייער באַציהונג צו זיי אונטערשיידט זיך פּאַקטיש ניט פון דער באַציהונג פון דעם אויטאָר פון דעם שענדליכען אַרטיקעל „פּייניגונג דורך שרעק", נאָר איז פּאַריסעאיש צוגעדעקט מיט אַ פייגען־בלעטעל. אויף דער קאַדעטישער פּאַרטיי קאָנפערענץ, וואָס איז פּאָרגעקומען דעם 19־טען נאָוועמבער 1919 אין כאַרקאָוו און אין וועלכער עס האָבען אנטייל

גענומען אַלע דרום־רוסישע אָרגאַניזאַציעס, האָט מען בנוגע דער אידען־פראַגע אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציע („מאָמענט“ פון 14־טען דעצעמבער 1919): „די כארקאָווער קאָנפערענץ פון דער פּאַרטיי פון פאָלקס־פרייהייט (קאדעטען) זאָגט ארויס איר איבער־ציינונג, אז די אידישע פּאָגראָמען האָבען ניט געדאַרפט פאָרקומען, ניט נאָר צוליב הומאַניטאַרע גרונדען, ווי פון שטאַנדפּונקט פון דער גרויסער זאך, פאַר דער פאַרווירקליכונג פון וועלכער עס קעמפּט די פרייוויליגע ארמיי. די קאָנפערענץ וואַרפט גלייכצייטיג אָפּ יעדען חשד, אז אָט די גוואַלדטאַטען באַגעגענען ניט קיין ווידער־שטאַנד מצד דער געהעריגער מאַכט, און רעכענט פאַר איר ערשטען חוב צו באַשטעטיגען אַ גאַנצע ריי פון מאַסנאַמען, וואָס די מאַכט האָט פאָרגענומען און נעמט ווייטער פאָר אום אויסצומיידען די פּאָגראָמען און צו באַשיצען די אומשולדיגע באַפעלקערונג אין נאָמען פון דער קריסטליכער מאָראַל, אין נאָמען פון די מלוכה־אינטערעסען.“

„די פּאָגראָמען, — ווערט ווייטער געזאָגט אין דער רעזאָ־לוציע, — זיינען אַ פּועל־יוצא פון דער אַלגעמיינער דעמאָראַליזי־רונג, וואָס דער באָלשעוויזם האָט ארויסגערופען, און אויך פון דער אוממיטעלבאַרער אויפרעגונג, וואָס די באָלשעוויסטישע אַגענ־טען רופען ארויס. זיי האָבען דערביי זייער מיין: דיסאָרגאַני־זירען דאָס לאַנד. די באַוואוסטזיניגע און אָנפירענדע קרייזען פון אידענטום דאַרף פאַרשטעהן, אז אויב עס וועט זיך ניט שטעלען קאַמף געגען אַלע עלעמענטען אין אידענטום, וואָס נעמען אַן אַק־טיווען אנטייל אין דער באָלשעוויסטישער באַוועגונג און טוען דערמיט אַ פאַרברעכערישע עקעלהאַפטע ארבייט. דאָס רוסישע אידענטום דאַרף פאַרשטעהן, אז אויב עס וועט זיך ניט שטעלען באַשטימט פאַר דער פולער באַדינגונגסלאָזער אונטערשטיצונג פון דער נאַציאָנאַלער דיקטאַטור און דער פרייוויליגער ארמיי, וועלכע שטעלען צוריק אויף דאָס רוסישע מלוכה־לעבען, דאַן איז פאַר אים קיין רעטונג ניטאָ. נאָר אַ פעסטע רעכטס־אָרדענונג, צו וואָס עס שטרעבט די נאַציאָנאַלע מאַכט, וועט קאָנען גאַראַנטירען זיכערהייט פאַר אַלע בירגער פון רוסלאַנד, אָן אונ־טערשיד פון נאַציאָנאַליטעט און גלויבען.“

ווען מען זאָל דערצו צוגעבען, אַז אין קאַדעטישען אָרגאַן „דאָס פרייע רוסלאַנד" האָבען זיך געדרוקט אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען פון דעם באַקאַנטען אַנטיסעמיט נאַזשיווין, וואָס האָט פאָרגע־שלאָגען צו אָנערקענען אַלע אידען פאַר אויסלענדער, — דאַן וועלען מיר באַקומען אַ פול קלאָר בילד פון דער שטעלונג פון די קאַדעטען צו די אידען־פּאָגראָמען.

דאָס בילד ענדערט גאָר ניט דער ערשטער טייל פון דער רע־זאָלוציע, וואו עס ווערט פאַריסאַאיש אָנגעוויזען, אַז די פּאַרטיי איז געגען פּאָגראָמען. יאָ, די פּאַרטיי איז געגען פּאָגראָמען (ווי עס איז אויך שולגין), ווען דאָס אידענטום וועט באַדינגונגס־לאָז אונטערשטיצען די פריייוויליגע אַרמיי און די נאַציאָנאַלע דיקטאַטור, וועלכע שטרעבען אויסצוראָטען, צו פאַרניכטען טאַקע דעמזעלבען אידענטום . . .

דער בירגער־קריג האָט אַראָפּגעריסען דאָס לעצטע ליבעראַלע הייטעל פון דער קאַדעטישער פּאַרטיי, און עס האָט זיך אויפגע־דעקט איר ברודיגער פּנים.

דער פאָלקס־סאָציאַליסט נ. טשאַיקאָווסקי, אַ מיטגליד פון דער רוסישער דעלעגאַציע אין פּאַריז (די דעלעגאַציע איז די אויס־לענדישע פאַרטרעטערשאַפט פון גענעראַל דעניקין און אַדמיראַל קאָלטשאַק), האָט אין אַן אינטערוויו מיט'ן קאָרעספּאָנדענט פון וואַרשויער „מאָמענט" (נומ. 15, פון 1־טען יאַנואַר 1920) גע־זאָגט, אַז „די קאָזאַקען האָבען נאָר גערויבט, אין קיין הריגות זיינען זיי בשום אופן ניט שולדיג. אויפ'ן חשבון פון דער פריי־וויליגער אַרמיי און גענעראַל דעניקין ווערען אַרויפגעטראָגען די שרעקליכע מעשים, וואָס עס האָבען אָפּגעטאָן מאַכנאָ און גריגאָ־ריעוו און די איבעריגע אויפשטאַנדיגע באַנדעס, וועמעס ציל עס איז אויסצוקוילענען אַלע אידען." טשאַיקאָווסקי דערקלערט קאַ־טעגאָריש, אַז דעניקין, ווי אויך קאָלטשאַק, זיינען געגען די פּאָג־ראָמען; אַז זיי האָבען אַרויסגעגעבען באַפעלען אפילו געגען יעדער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע. די באָלשעוויקעס נוצען אויס און בלאָזען פאַנאַנדער יעדען פּאָגראָם־עקסצעס." דער חילוק צווישען טשאַיקאָווסקים דערקלערונג און די דערקלערונגען פון פּעטליוראַס פאָרשטעהער איז נאָר, וואָס עס בייטען זיך די פיגורען און די שולדיגע . פּעטליוראַס פאָרשטעהער טענה'ן, אַז די פּאָגראָמען

מאַכען די פּריווילעגיע און זיינען מוסיף דעמזעלבען פּזמון, אַז „די באָלשעוויקעס בלאָזען פאַנאַנדער די קלאַנגען וועגען די עקס־צעסען.“

אונטער דער ווירקונג פון „אויסלאַנד“ גיט דער אדמיראל קאָלטשאַק פאָלגענדע ליבעראַלע דערקלערונג אַן אמעריקאַנער זשור־נאַליסט: „איר מעגט גלויבען, אַז קיין אנטיסעמיטיזם און די אַזוי־גערופענע „אידען־פראַגע“ עקזיסטירט גאָר ניט אין סיביר. די אידען, וואָס זיינען שוין דאָ לאַנגע תושבים, ווערען באַטראַכט אַלס פולבאַרעכטיגטע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט. אויב עס איז יאָ פאַראַן אַנטיסעמיטיזם אין סיביר, איז דאָס אַן אַנגעטראָ־גענער פון דער פרעמד, ער איז מיטגעבראַכט פון די אַנטלאָפענע פון רוסלאַנד, נאָר זיין ווירקונג איז דאָ אומבאַדייטענד קליין. ווען מיר וועלען ענדגילטיג מנצח זיין דעם באָלשעוויזם, וועלען די אַלע שמועסען, אַז אַלע אידען זיינען באָלשעוויקעס, במילא פאַרשווינ־דען, ווייל דאָס איז אבסורד, אַ ווילדע איינרעדעניש. דאָס אידישע מיטעל־בירגערטום איז ניט אין דעם ערך מער בורזשואַז, מער קאָנסערוואַטיוו, ווי די מיטעלע רוסישע פאָלקס־מאַסע. ווען מ'זאָל איבערטראָגען די שולד פאַר די מעשים פון טראָצקי, סווערדלאָוו, יפה אויפ'ן גאַנצען אידישען פאָלק, דאַן איז דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק פאַראַנטוואָרטליך פאַר די מעשים פון לענין, קרילענקאָ, לו־נאַטשאַרסקי.“ („דאַלנאָוואָסטאָטשנאָיע אָבאָזרעניע“, וולאַדיוואָס־טאָק, דעם 21־טען סעפּטעמבער 1919; אָפּגעדרוקט אין „טאָג“ דעם 14־טען דעצעמבער 1919).

קאָלטשאַק'ן איז ניט שווער געווען זיך אַזוי אַרויסצוזאָגען אין דער אידען־פראַגע, ווייל אין סיביר זיינען קיין אידישע מאַסען ניט פאַראַן. דאָרט האָט מען שרעקען און גרוילטאַטען אָפּגעטאָן איבער דער אייגענער רוסישער פאָלקס־מאַסע. ניט אַזוי איינפאַך אָבער איז צו געבען דערקלערונגען דעם גענעראל דעניקין און אַנ־דערע פאַראַנטוואָרטליכע פירער פון דער פּריווילעגער אַרמיי. אין דער אויסלענדישער פּרעסע האָבען זיך באַוויזען אויפגערעגטע באַמערקונגען וועגען די פּאָגראָמען. פאַרשווייגען קאָן מען עס ניט, אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר ענטפערען מוז מען. דער שעף פון קיעווער ראַיאָן, גענעראל דראַגאָמילאָוו, האָט אין אַ שמועס מיט פאָרשטעהער פון דער מיליטערישער און אַדמיניסטראַטיווער

מאכט געזאָגט צווישען אנדערען פאָלגענדעס: „אין א גאנצער ריי ערטער זיינען פאָרגעקומען עקסצעסען, ביי וועלכע עס האָבען געליטען אידען. די אויבערשטע מיליטער־אָנפירערשאפט נעמט אָן אנטשיידענע מיטלען ניט צו דערלאָזען, עס זאָל ווידער קומען צו אזעלכע געשעהענישען. אלע שולדיגע ווערען איבערגעגעבען און וועלען אויך ווייטער איבערגעגעבען ווערען צום קריגס־געריכט. נאָר רעפּרעסיעס אליין זיינען נאָך וויניג; מען דאַרף אָננעמען פאַר־היטונגס־מיטלען, מען דאַרף דערקלערען די פינסטערע, אומבאַ־וואוסטזיניגע עלעמענטען, אז די אידישע נאַציע קאָן ניט פאַר־אנטוואָרטליך זיין פאַר די פאַרברעכענס פון די אידען־באָלשעווי־קעס, אז מען קאָן ניט באשטראָפען קיין אומשולדיגע פאַר די חטאים פון אנדערע. עס איז אומבאדינגט נייטיג, אז די אידען גופא זאָלען זיך אָפּגרעניצען פון די באָלשעוויקעס און זייערע פריינד און מיטפילענדע, און אז אין דער אידישער סביבה זאָלען זיך פאַר־שפּרייטען די אידעען, וועלכע עס פירען דורך די פריייוויליגע.“ דער שמועס איז געבראַכט אין ראָסטאָווער „סוואָבאָדנאיא רעטש“ פון 14־טען אָקטאָבער און איז, ווייזט אויס, געפירט געוועזן צו יענער צייט. א קורצע צייט שפּעטער, כמעט גלייכצייטיג מיט דעם שמועס, נאָכדעם ווי די באָלשעוויקעס האָבען אויף צוויי טעג געהאַט פאַרנומען קיעוו, מאכט מען שולדיג פאַר דעם די גאנצע קיעווער אידישע באַפעלקערונג, וואָס האָט דערפאַר באצאָלט מיט א שרעק־ליכער צאָל קרבנות, וואָס עס האָבען אויסגעקוילעט „מענשען מיט שטיקעס“. די שחיטה האָט ניט אָפּגעשטעלט די טעלעגראַם, וואָס דעניקין האָט צוגעשיקט פון אָדעס צום ארמיי־קאָמאַנדיר פון קיע־ווער ראַיאָן: „איך האָב באַקומען נייע ידיעות וועגען גוואַלד־טאַטען, וואָס די ארמיי באגעהט איבער אידען. איך פאָדער, עס זאָלען אָנגענומען ווערען די געהעריגע מיטלען, אום א סוף צו מאַכען מיט די עקסצעסען. צו די שולדיגע דאַרפען אָנגעווענדעט ווערען די שטרענגסטע באַשטראָפונגען.“ אונטערגעשריבען דע־ניקין („סוואָבאָדנאיא רעטש“, ראָסטאָוו, דעם 16־טען אָקטאָבער 1919). דאָס האָט דאָך ניט אָפּגעשטעלט דעם פּעדאַגאָגישען עקס־פּערימענט, וועלכער האָט געדאַרפט דערווייזען דער קיעווער אומ־גליקליכער אידישער באַפעלקערונג, אז „מען דאַרף ניט צעשטערען קיין מלוכה, וואָס מען האָט אליין ניט געבויט.“

דער פּאָגראָם האָט געדויערט ביז׳ן 20־טען. מעטאָדיש, פּלאַנ־מעסיג, טריט פאר טריט, הויז נאָך הויז, גאס נאָך גאס, ווערט פארניכטעט, פארגוואלטיגט, אומגעבראכט די אידישע באפעלקע־רונג. ווענען קיין מיטלען געגען די פּאָגראָמען איז עפּעס נים צו הערען. דערפאר דערלאָזט ניט די צענזור צו דרוקען אין די אָפּאָ־זיציאָנעלע צייטונגען ידיעות וועגען דעם אנטייל פון מיליטער אין דעם פּאָגראָם. קענען די אויפהעצער, די פאראנטוואָרטליכע רע־דאקטאָרען פון „קיעווליאנין" און „וועטשערניע אָגני", וואָס האָבען ניט נאָר גערופען צו גוואלדטאטען געגען אידען בכלל, נאָר אָנגע־וויזען קאָנקרעט די גאסען, די הייזער, די פערזאָנען, — קענען זיי ווערט קיין פּראָצעס ניט פארפירט, און צו קיין פאראנטוואָרט־ליכקייט ווערען זיי ניט צוגעצויגען. סאווענקאָ זיצט ווי פריער אויף זיין שטעל, אלס "פארוואלטער פון פּראָפּאגאנדע אָפּטיילונג."

דעניקינס טעלעגראם איז אַ טיפּישער מוסטער פון פּאָליטי־שער צביעות און פאלשקייט; אַ דאָקומענט פאר „אויסלענדישען געברויך."

מיר וועלען איצט אונטערפירען דעם סך־הכל.

די פּאָגראָמען, וואָס דעניקינס פרייוויליגע ארמיי פירט דורך, צייכענען זיך אויס מיט זייער אומבאדינגטער, אומפארמיידליכער נויטווענדיגקייט, מיט דער באשטימטקייט און פּלאנמעסיגקייט, מיט זייער, לויט דעם טרעפליכען אויסדרוק פון דער אידישער „זאפּיס־קע", סיסטעמאטישקייט. מיט דעם אונטערשיידען זיי זיך פון די פּאָגראָמען, וואָס פּעטליוראס דירעקטאָריע האָט געמאכט.

די פּאָגראָמען, וואָס זיינען ארויסגערופען געוואָרען דירעקט דורך די באפעלען פון דער דירעקטאָריע, אָדער די, וואָס שטעהען מיט איר אין אַ נאָענטער קרובה'שאפט, זיינען ניט אויסגעוואקסען אויפ׳ן באָדען פון אַ שנאה צו דער אידישער מאסע, אלס אזעלכער, און זיינען ניט צונויפגעבונדען ביי די פּאָרשטעהער פון דער או־קראינישער נאציאָנאלער באוועגונג מיט פּעאָדאלע פּאָראורטיילען.

די ניט קלאָרע, ניט ציל־באוואוסטע אנטיפּאטיע צום אידען, דער אינסטינקטיווער אנטיסעמיטיזם ווערען פארוואנדעלט אין אַן אקטועלען מעטאָד פון קאמף, נאָר ווען ער איז צוליב פּאָליטישע אָדער סטראטעגישע טעמים נייטיג. ווען די באָלשעוויקעס פאר־נעמען אוקראינע, ווערט דער מיטעל אַ סיסטעם. ווען די באָל־

שעוויקעס ווערען ארויסגעשטויסען פון אוקראינע, זאָגט זיך די דירעקטאָריע אָפּ פון דעם ניט גאנץ־באקוועמען מיטעל און זוכט אונטערשטיצונג אין די רעכט־סאָציאַליסטישע אידישע פארטיי־גרו־פען. ענדע אויגוסט טרעטען ארויס אנטשיידען און אויפריכטיג צו יענער צייט געגען די פּאָגראָמען, ווי דער ראט פון די פאָלקס־מיניסטאָרען, אזוי אויך דער העכסטער אטאמאן פעטליורא, און נעמען אפילו אָן פראקטישע מיטלען פון קאמף געגען זיי. דאָס, פארשטעהט זיך, שליסט ניט אויס די מעגליכקייט, אז דערזעלבער קאמפס־מעטאָד זאָל נאָכאמאָל ניט אויסגענוצט ווערען, ווען ער וועט פאסיג און נייטיג זיין. די זיגענדע נאציאָנאַל־אוקראינישע באוועגונג דארף צו פּאָגראָמען ניט אָנקומען. גאנץ אנדערש איז דער פּאָליטישער יסוד פון די פּאָגראָמען פון דער פרייוויליגער ארמיי. ביי איר איז דאָס ניט נאָר א פּאָליטישער קאמפס־מיטעל, נאָר אָן אקט פון נקמה פאר „דאָס פארגוואלטיגטע און געשענדעטע רוסלאנד". מיט דער גרענצלאָזער שנאה און דורשט נאָך נקמה זיינען פארכאפּט ניט נאָר די אויבערשטע פּאָליטישע שיכטען, נאָר יעדער פרייוויליגער, יעדער איינפאכער אָפיציר.

די אַלטע קאסטע־געפילען און פּראָרטיילען פון דעם אָפיצי־רענטום פון דעם צארישען פעריאָד זיינען פארטיפט און פאר־שארפט דורך דעם געפיל פון נקמה פאר די טויזענטער נאָענטע און אייגענע, וואָס זיינען געפאלען קרבנות פון דעם רויטען טעראָר, וועלכע זיי שרייבען צו דער „זשידאָווסקער טשרעזוויטשייקע", פארשפּיצט דערצו דורך דער שוואַרץ־מאה'דיגער אגיטאציע פון אָפיציעלען „אסוואגא" און ליטעראטען, ווי שולגין און סאווענקאָ.

מיט דער פארפעסטיגונג פון דער פרייוויליגער ארמיי פאר־מערען און פארשטארקען זיך די פּאָגראָמען. די רעאקציע וואקסט פּאראלעל צום וואוקס פון דער מאכט־זיכערקייט. דער זיגענדער דעניקין טרעט איבער בערג פון אידישע קרבנות. דאָס שרעק־ליכסטע אין דעניקינס פּאָגראָמען איז פאר'ן אידענטום געווען די אויסערליכע פעסטקייט און זיכערקייט פון זיין ממשלה. די „באט־קאָוושטשינע" האָט דאָס אידענטום אויפגענומען ווי א טעטיגקייט פון רויבער־באנדעס; די פּאָגראָמען פון דער דירעקטאָריע — ווי מעשים פון אָן אומזיכערער, שוואנקענדער מאכט, וואָס האָט איר רעזידענץ ערגעץ אין א פארוואָרפען שטעטעל, ווי וויניצע אָדער

קאַמענעץ־פּאָדאָלסק. אָבער אין דער פּעסטקייט און שטאַנדהאַפ־טיגקייט פון דעניקינס רעסטאַווראַציאָנס־ממשלה, וואָס שטיצט זיך אויף „אינטערנאַציאָנאַלער אָנערקענונג" און וואָס באַקומט אַ פּאַקטישע מיליטערישע אונטערשטיצונג מצד דער אַנטאַנטע, האָט דאָס אוקראַאינישע אידענטום געגלויבט, און דאָס האָט ביי אים אַרויסגערופען פאַרצווייפלונג און אויסגאַנגלאָזען יאוש. נאָך מער דערפאַר, ווייל ביים אָנקומען פון דער דאָזיגער מאַכט האָבען גע־וויסע שיכטען פון דער אוקראַאינישער אידישער באַפעלקערונג גע־האַט סימפּאַטיעס און געשפּונען אילוזיעס וועגען אַ געזעצליכער אָר־דענונג, וואָס וועט אַן ענד מאַכען צו דעם בירגער־קריג, וועט שאַפען די מעגליכקייט פון אַ דערטרעגליכער עקזיסטענץ פאַר'ן פיל־געליטענעם אוקראַאינישען אידענטום.

די הערשאַפט פון דעניקין האָט דאָס אוקראַאינישע אידענטום איבערצייגט אויף ממשות'דיגע בלוטיגע פאַקטען, וואָס די אידען האָבען צו דערוואַרטען פון די „ווייסע גענעראַלען" און פון די „ליבעראַלע" אידעאָלאָגען, וואָס אונטערשטיצען זייער פּאָליטיק פון „אייזען און בלוט".

.5

# די ראטען-מאַכט און די פאָגראָמען

דער פּאָליטישער קאמף געגען דער ראטען־מאכט ניט נאָר אין אוקראינע, נאָר אויך אין גרויס־רוסלאַנד ווערט אָנגעפירט אונטער דער פאָן פון אַנטיסעמיטיזם. די שווארץ־מאה'דיגע פרעסע פון אַלע שאַטירונגען הערט ניט אויף אויסצורעכענען וויפיל עס זיינען פאַראַן אידען קאָמיסארען, סתם פאָלקס־קאָמיסארען, מיטגלידער פון דעם צענטראַלען אויספיר־קאָמיטעט א. א. וו.

„די ראטען־מאכט, — טענה'ט די דאָזיגע פרעסע, — איז א אידישע מאכט; אויב עס נעמען יאָ אנטייל אין איר אויך רוסען, איז עס בלויז א יוצא מן הכלל, א מיספארשטענדנים; און וואָס איז שייך דער רוסישער פאָלקס־מאַסע, איז זי פארפירט פון די ביטרע זשידעס, וועלכע שטרעבען צו וועלט־הערשאפט. די פינק סטערע אומוויסענדע מאסע שלעפּט זיך נאָך ביז א געוויסער צייט נאָך די אידישע רעדעל־פירער, וועלכע גיבען נאָך אַלע אירע נידע־רינע אינסטינקטען. „מאמאָנטאָווטשינא", „פעטליוראָווטשינא" און „דעניקינשטשינא" — דאָס זיינען פארקערפּערונגען פון דער דאָזיגער טעאָריע; דאָ ווערט צוזאמענגעפלאָכטען דער באוואָפענ־טער קאמף געגען דער ראטען־מאכט מיט בלוטיגע אידישע פּאָג־ראָמען. דעריבער טאקע האָט די ראטען־מאכט געמוזט מיט'ן וואָר־צעל אַרויסרייסען יעדע אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע, וועלכע איז שטענדיג א סימן פון א געגנערישער שטימונג צו דער ארבייטער־מאכט; יעדע אַרויסטרעטונג געגען אידען איז געווען א הקדמה צו אַן ארויסטרעטונג געגען די ראטען. אין גרויס־רוסלאַנד (וועל־ליקאָראָסיא) ווערט אַנטיסעמיטישע פּראָפּאגאַנדע פארדעכענט אַלס

אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער אַקט, און די שולדיגע ווערען פון דעם רעוואָלוציאָנערען טריבונאַל באַשטראָפט מיט צוואַנג־אַרבייט. דאָך שטויסען מיר זיך אָן אין דער געשיכטע פון דעם פּאָגראָם־קאָש־מאַר אין אוקראַינע אויך אויף עקסצעסען און זאָגאַר פּאָגראָמען מצד אַזוינע מיליטערישע אָפּטיילונגען, וועלכע טראָגען דעם נאָמען „רויטע“, „סאָוויעטסקע“ און געהערען צו דער אוקראַינישער רויטער אַרמיי. נאָר אַזוינע פאַלען זיינען זעלטען. די פּאָגראָמען פון אַזאַ קאַטעגאָריע טראָגען מערסטענטייל אַ כאַראַקטער פון רויבערייען (הגם עס זיינען דערביי אויך געפאַלען מענשליכע קרבנות — אין טעאָפּיפּאָל למשל). אין דעם אומפאַנגרייכען אוקראַינער פּאָגראָם־מאַטעריאַל געפינט זיך אויסשליסליך נאָר פאָלגענדעס וועגען די דאָזיגע עקסצעסען:

1) דער פּאָגראָם אין ר אָ ס אַ ו ו, דעם 3־טען מערץ: נאָך דעם פּאָגראָם פון די פּעטליוראָווצעס טרעט אַריין אין שטאָט אַ באָלשעוויסטישע רייטער־אויסשפּירער אָפּטיילונג, וועלכע ראַטעוועט די באַפעלקערונג; עס רייסען זיך אָבער ווידער אַריין „מאַכנאָווצעס“, וועלכע ברענגען מיט זיך הריגות און רויבערייען. נאָך זיי קומט דער „רויטער קאַוואַלעריע פּאָלק“. די אָנגעשראָקענע אידען באַגעגענען דאָס מיליטער ניט איבעריגס פריינדליך, אָבער די סאָל־דאַטען באַרוהיגען די אידישע באַפעלקערונג, פאַראורטיילען די מעשים פון די „מאַכנאָווצעס“, נעמען זיך צו הויז־זוכונגען ביי די פאַרדעכטיגע פּערזאָנען און גיבען איבער דאָס געפונענע האָב און גוטס צוריק צו זייערע באַלעבאַטים. דער „רויטער פּאָלק“ געהט אָבער אַוועק. דערווייל מאַכט זיך, אַז ביי ראָססאַוו הרג'ע־נען די פויערים אַ קאָמאַנדיר פון אַ רויט־אַרמייאישער אָפּטיילונג, און עס קומען אָן נייע רויטע אַרמייצעס, וועלכע מאַכען ווידער אַ פּאָגראָם, באַשולדיגענדיג די אידען אין אַ פיינדליכער באַציהונג צו דער ראַטען־מאַכט . . . „איר האָט גע'הרג'עט אונזער קאָמאַנ־דיר! מיר וועלען זיך שוין נוקם זיין אָן אייך דערפאַר!“ מען הייבט אָן פאָדערען געלט, גאָלד, זילבער, און עס געהט ווידער אַ סדרה פון שחיטות און גזלות . . .

2) ק אַ ר אַ ס ט ע ן, דעם 12־טען מערץ: גוואַלדטאַטען מצד די רויטע אַרמייצעס, וועלכע פאָדערען פון די אידען אַרויסצוגעבען זייער אייגענעם אָפיציר דערפאַר, ווייל ער האָט זיך אָנגענומען

פאַר אַ אידינע, ביי וועלכער אַ סאָלדאַט האָט אַוועקגערויבט 20 פונט צוקער.

3) טשערניכאָוו (וואָלינער גוב.): דורך דער דאָזיגער פיל־געליטענער שטעטעל איז דעם 18־טען אַפּריל דורכגעגאַנגען דער 9־טער ראַטען־פּאָלק. ווידער רויבערייען, נאָר צום גליק אָן מענשליכע קרבנות. די סאָלדאַטען האָבען געט'טענה'ט, אַז די אידען האָבען כלומר'שט אונטערשטיצט פּעטליוראַן. (אויך די פויערים האָבען אנטייל גענומען אין פּאָגראָם.)

4) אנאפּאָל (וואָלינער גוב.): אין דער ביטע צו דער הילף־סעקציע פון דעם קאָמיסאַריאַט פאַר סאָציאַלער פאַר־זאָרגונג באַקלאָגען זיך די אידען פון דער דאָזיגער שטעטעל אויף רויבערייען און גוואַלדטאַטען פון דעם טאַראַשטשאַנסקער פּאָלק. קיין מענשליכע קרבנות זיינען ניט געפאַלען.

5) וואָלאָטשיסק (וואָלינער גוב.): אין אָנקלאַגע צום „רעווקאָם" דערציילט די אידישע באַפעלקערונג וועגען גוואַלדטאַטען מצד די רויטע אַרמייצעס. מענשליכע קרבנות זיינען ניט געוועז.

6) רויבערייען פון אַ סאָוויעטישען פּאָלק אין וואַסיל־קאָוו (אין אַפּריל מאָנאַט).

7) רויבערייען דורך דעם 7־טען סומסקען פּאָלק אין גאַ־ראַדישטשע (דעם 31־טען מאַי): דערביי האָבען אנטייל גע־נומען אויך אידען, רויטע אַרמייצעס; גערויבירט, אָבער ניט גע־הרג'עט.

8) אומאַן: צוויי מאָל האָבען דאָ גערויבירט דער 8־טער סאָוויעטישער פּאַרטיזאַנען־פּאָלק. דעם 22־טען מערץ זיינען פאָר־געקומען רויבערייען; דעם 22־טען מאַי איז דער פּאָלק אָנגע־קומען קיין אומאַן גלייך נאָך אַ שרעקליכען פּאָגראָם מצד די באַנדעס. עס האָבען זיך ווידער אָנגעפאַנגען מאַסען־רויבערייען און גוואַלדטאַטען, מערסטענטייל איבער דער אידישער באַפעלקע־רונג. צווישען די רויבער האָבען זיך אויך געפונען פּאַרטיזאַנען־אידען, פּראָפעסיאָנעלע גנבים. ווי עס איז צו זעהן פון דעם אויס־פירליכען פּראָטאָקאָל פון אַ זיצונג פון פּאַרטיי־ און כלל־טוער, האָט די אָרטיגע מאַכט געקעמפט מיט די אומאָרדנונגען; אין איינקלאַנג מיט די פּובליצירטע פאַראָרדנונגען זיינען 10 פּאָגראָמ־

שטשיקעס דערשאָסען געוואָרען. דאָך איז די מאַכט געוועזען הילפלאָז צו באַקעמפען די אַלגעמיינע אַנטיסעמיטישע שטימונג פון׳ם פאָלק. ביז דעם ערשטען יולי האָט מען דעם פּאָלק ניט אומ־געביטען, טראָץ די ביטעס און פאָדערונגען פון דער אומאַנער מאַכט אין קיעוו. זיי האָבן ניט געקענט דערפילט ווערן. צו־ מאַכט אין קיעוו. זיי האָבען ניט געקענט דערפילט ווערען צו־ליב דער סטראַטעגישער לאַגע אויף די אויסערליכע און אינער־ליכע פראָנטען. גראָד דער 8־טער פּאָלק האָט זיך גערעכענט אַלס אַ שטאַרקע מיליטערישע קראַפט געגען דער אויפשטאַנד־באַ־וועגונג אין אומאַנשטשינא. און ווירקליך, דער דאָזיגער פּאָלק האָט עטליכע מאָל צוריקגעשלאָגען די אַטאַקעס פון די „פּאָווסטאַנ־צעס" (אויפשטענדיגע) אויף אומאַן און האָט צעקלאַפּט די אַטאַ־מאַנעס טיוטיוניק, פּאָפּאָוו און קלימענקאָ, און פארכאַפּט זייערע מלחמה־מכשירים, און אויף אַזאַ אופן פארהיט די שטאָט פון נייע פּאָגראָמען מצד די אוקראַינער באַנדעס. עס איז אָנגעקומען דער 1־טער אוקראַינער סאָוויעטען־פּאָלק ; דער 8־טער איז אַוועק און אין שטאָט איז געוואָרען רוהיג. דער נייער פּאָלק איז אויך ניט געוועזען איבעריג פריינדליך צו די אידען, דאָך פלעגען פאַלען פון רויבעריי זעלטען פאָרקומען. איין אָפּטיילונג האָט באַגאַנגען גוואַלדטאַטען געגען די פויערים, פאָדערענדיג, זיי זאָלען אַרויס־געבען די קאָמוניסטען און זשידעס. אין איין דאָרף האָבען די רויטע אַרמייצעס שיער ניט דער׳הרג׳עט אַ אידישע מיידעל דער־פאַר, ווייל איר שיינקייט ווירקט צו שטאַרק אויף די מענער. דעם 5־טען יולי איז דער 1־טער פּאָלק אַוועק פון אומאַן אין דער ריכ־טונג פון פּאָלטאַווע און זיין אָרט האָט פארנומען דער 4־טער רע־וואָלוציאָנערער סאָוויעטען־פּאָלק. צום ערשטען מאָל האָט זיך דאָ די באַפעלקערונג געטראָפען מיט אַ מיליטעריש־דיסציפּלינירטער ראַטען־מאַכט ; דער נייער פּאָלק האָט קיינעם ניט געראַבעוועט אָדער גע׳ממית׳ט צוליב נאַציאָנאַלע אָדער קלאַסען־טעמים. די אומאַנער אידען זיינען ממש געקומען צו זיך.

9) דער אידישער פּאָגראָם אין זאַלאָטאָ־נאָשאַ.

(10־11) פּאָגראָם אין אָבוכאָוו (דעם 7־טען מאַי — דער 6־טער סאָוויעטען־פּאָלק) און פּאָגרעבישטשע (דעם

18־טען מאי) ; א גרויסער פּאָגראָם אין אוקראַאינישען מאסשטאב אין טעאָפּיפּאָל (וואָל. גוב) : לויט דעם קורצען באריכט פון דעם באפולמעכטיגטען פון דעם הילפס־קאָמיטעט פון רויטען־קרייץ ביים גרעניץ, א. ווערטהיים, האָט דער 4־טער טאראשטשינסקער פּאָלק פון דער 2־טער קאוואלעריען־בריגאדע צעקלאפּט א פּעטליור־רישע מיליטער־אָפּטיילונג פון 120 פּויערים און 27 אידען און האָט פארנומען די שטעטעל ניט באגעגענדיג קיין שום ווידער־שטאנד מצד דער באפעלקערונג. די סאָלדאטען האָבען זיך גלייך א לאָז געטאָן ראבירען, הרג'ענען און אונטערצינדען (ביז 300 טויטע ; ביי 150 הייזער פארברענט). עס זיינען אויך געווזען פאלען פון פרויען־פארגוואלטיגונגען. דער פּאָגראָם איז פּאָרגע־קומען דעם 29־טען יוני ; קיין אויספירליכערע ידיעות זיינען ניטאָ.

די אלע אויסגערעכענטע פּאָגראָמען טראָגען אויסשליסליך א מיליטערישען כאראקטער. איידער מיר וועלען אָנווייזען אויף וואָס פאר אַן אופן די ראטען־מאכט האָט פּאָליטיש און אגיטא־טאָריש געקעמפט געגען דער אנטיסעמיטישער שטימונג אין דער ארמיי, גלייך ווי זי האָט באהערשט אוקראַאינע, וועלען מיר זיך אביסעל אָפּשטעלען אויף דער כאראקטעריסטיק פון די עלעמענטען, פון וועלכע עס איז צוזאמענגעשטעלט די רויטע ארמיי.

דער גרעסטער טייל פון דער רויטער ארמיי איז אין דעם פּעריאָד, צו וועלכען עס געהערען די באשריבענע געשעהענישען, געווען צוזאמענגעשטעלט פון פארטיזאנען־אָפּטיילונגען, סיי פּאָר־מירטע פון דער ראטען־מאכט, סיי אריבערגעגאנגענע אויף איר צד פון פּעטליוראַן (נאָכדעם ווי די רויטע ארמיי האָט צום צוויי־טען מאָל פארנומען קיעוו). חוץ דעם — גריגאָריעווס און מאכנאָס סאָלדאטען, וועלכע זיינען געבליבען טריי דער ראטען־מאכט. די אלע מיליטערישע אָפּטיילונגען זיינען צוזאמענגעשטעלט פון פּוי־ערים, וועלכע באציִען זיך בטבע ניט גוט צו א פרעמדען און בפרט א אידען. אזוינע עלעמענטען גיבען זיך לייכט אונטער דער השפעה פון אנטיסעמיטישער פּראָפּאגאנדע, איבערהויפּט אין מאָ־מענטען פון צווייפעל און אומצוטרוי צו דער ראטען־מאכט. בכלל איז זייער טרייהייט זעהר צווייפעלהאפט און אָפטמאָל געהען זיי אריבער אויף דער זייט פון פּעטליוראַן אָדער אנדערע „באטקעס“

(אַטאַמאַנעס), און דאָסזעלבע ווידער צוריק. עס טרעפט אויך, אַז זיי דערקלערען זיך גאָר זעלבסטשטענדיג, און איינהאַלטענדיג די רעוואָלוציאָנערע פראַזעאָלאָגיע און אַ טייל פון די באָלשעוויס־טישע לאָזונגען, רופען זיי זיך אָן סאָוויעטישע מיליטער־אָפּטיי־לונגען, אָבער פּאַקטיש אַרבייטען זיי צוזאַמען מיט די שונאים פון דער ראַטען־מאַכט. אָפּטמאָל געפינען זיי זיך אונטער דעם איינפלוס פון דער אַזוי־גערופענער „ניעזאַלעזשנע" (אומאָפּהענ־גיגע) אוקראַינער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט געשפּילט אַ פאַטאַלע ראָלע אין דער געשיכטע פון דער ראַטען־מאַכט אין אוקראַינע. זי האָט זיך אָפּגעשפּאָלטען פון דער אָפּי־ציעלער סאָציאַל־דעמ. אוקר. פּאַרטיי (מיט ווינישענקאָ און פּעט־ליוראַן אָן דער שפּיץ), האָט אָנגענומען די פּלאַטפאָרם פון פּראָ־לעטאַרישער דיקטאַטור און אַריינגעטראָטען אין די אָרגאַנען פון דער ראַטען־מאַכט. שפּעטער אָבער, ווען די „ניעזאַלעזשניקעס" זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט די קאָמוניסטען, האָבען זיי זיך גענומען רייצען די מיליטערישע אָפּטיילונגען אויף דער „זשידעס־קאָמוניסטען־מאַכט".

די „ניעזאַלעזשנע" זיינען געגען דעניקינען, געגען דער „גע־פעלשטער קאָמונע", געגען דער מאַכט פון די זשידעס, אָבער פאַר . . . אַן אוקראַינישער אומאָפּהענגיגער („ניעזאַלעזשנע") סאָ־ציאַליסטישער ראַטען־רעפּובליק! אָט מיט דער פּאַרטיי האָט אָנ־געפירט דער „באַטקאָ פון די באַטקעס" מאַזורענקאָ. זיינע אויפ־רופען זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש, אַז איך געפין פאַר נייטיג צו ציטירען איינעם, אַזוי ווי ער שטעהט און געהט:

„חברים, רויטע קאָזאַקען! שטעלט זיך אָקאָרשט די פראַגע: האָט איהר דען ניט די ערשטע אויפגעהויבען אַן אויפשטאַנד געגען דער מאַכט פון דעם העטמאַן? האָט איהר דען ניט פאַרגאָסען אייער בלוט אין קאַמף געגען אים פאַר אַ בעסערען שיקזאַל און פאַר די רעכט פון דעם אוקראַינישען אַרבייטענדען פאָלק?! אָבער וואו זיינען זיי, אייערע רעכט? מיר זעהען, חברים, אַז מיר שלאָגען זיך און אין דערזעלבער צייט זעצען זיך אונז אויפ'ן קאַרק ניט קיין אַרבייטענדע עלעמענטען, רעגירען איבער אונז, אונטער־דריקען אונז. קענען מיר דען אַליין ניט באַלעבאַטעווען ביי זיך

אין דערהיים און איינאָרדענען אונזער לעבען אין איינקלאַנג מיט די אינטערעסען פון דעם ארבייטענדען פאָלק?!

„וואָס זשע וואַרטען מיר? · ווארום באַזייטיגען מיר ניט פון אונזער וועג די זשידעס און נעמען ניט אין אונזערע אייגענע הענט דעם גורל פון די ארבייטענדע מאסען?

„חברים, מיר האָבען זיך געשלאָגען מיט דעם דייטש, מיר האָבען צוגעזעהן אומגערעכטיגקייטען פון דער דירעקטאָריע, מיר האָבען געקעמפט און קעמפען געגען דעניקינען און די שווארץ־מאה'דיגע אָפיצירען, און איצט, אז מיר זעהען די אומגערעכטיגקייטען פון די קאָמוניסטען, זשידעס און זייער קאָמפּאַניע, דארפען מיר דען ניט זאָגען: ארויס פון אונזער שטוב, וואָרום איר האָט אונז שלעכטס אָנגעטאָן? טאָ רוימט זשע אויס, חברים, פון אונזער לאַנד די זשידעס און אַנדערע קאָמוניסטען!

„זאָלען לעבען די ראטען פון דעם האָרעפּאַשנעם פויערטום און די ארבייטער־מאַסען!

„זאָל לעבען די מאַכט פון די באַטקעס אויף די ערטער און אין צענטער!

„זאָל לעבען די אוקראַינישע סאָציאַליסטישע אומאָפּהענגיגע ראטען־רעפּובליק!

„א טויט דעם גענעראל דעניקין!

„נידער מיט דער פאַלשער קאָמונע!

„דער ראט פון דער אויפשטענדיגער מיליטער
פון דער לינק־ברעגישער אוקראַינע.

"אטאַמאַן לאַפּאַטקין; שטאַב־שעף זאַוואָראָדני."

אָט אזוינע מיליטער־אָפּטיילונגען טראָגען דעם נאָמען „סאָוויעטסקע" און מאַכען בלוטיגע פּאָגראָמען. ווארשיינליך איז דער ראָסאָווסקער פּאָגראָם אויך זייער ארבייט. פון די פּאָגראָם־לאָזונגען קען מען זיך שוין שאַפען א באַגריף וועגען דער שטימונג פון די מיליטער־טיילען. בשעת דעם פּאָגראָם אין זאָלאָטאָנאָשאַ (זעה אויבען נומ. 9) פלעגען די סאָלדאַטען שרייען צו די אידען: „אהא, דו ביסט א קאָמוניסט, טאָ נאָ דיר!" אין וואסילקאָוו (נומ. 6) האָבען די סאָלדאַטען פון דער „רויטער מאה" געפאָדערט: „נידער מיט די קאָמיסארען!" עס איז קלאָר, אז אזא מיליטער איז

געוועזען אונטער דער השפּעה פון די פיינד פון ראַטען־מאַכט און אָפטמאָל אָרגאַניזאַציאָנעל מיט זיי פאַרבונדען. דער פּאַררע־טערישער כאַראַקטער פון די מיליטער־טיילען איז איינער פון די הויפּט־פאַקטאָרען פון דעם אונטערגאַנג פון דער ראַטען־מאַכט אין אוקראַינע. אַ גרויסע טייל פון די פּאַרטיזאַנען געהט גאַנץ אָפט אַריבער אויף דעם צד פון שונא, און דערביי מאַכען זיי שרעק־ליכע אידישע פּאָגראָמען (ווי אין גראַבאָווסטשינא, למשל). און מען מוז מודה זיין און דערקלערען ערליך און אָפען, אַז אָט די־זעלבינגע מיליטער מאַכט קיין שום פּאָגראָמען ניט, ווען עס געפינט זיך פאַקטיש אין רשות פון דער קיעווער ראַטען־רעגירונג: אַזוי שטאַרק איז דער איינפלוס פון דער ראַטען־מאַכט אין דעם פּרט.

און מיר זעהען אויף אַזאַ אופן די פאָלגענדע ערשיינונג: צוויי געזעצליכע פּאָליטישע סיסטעמען ווירקען אויף ד ע ם־ז ע ל ב י ג ע ן מענשען־מאַטעריאַל, וועלכער איז פאַר'סמ'ט מיט אַנטיסעמיטיזם; איינע, די קיעווער סאָוויעטען־רעגירונג, קעמפט געגען די פּאָגראָמען אַלס אַ געגען־רעוואָלוציאָנערען פאַקטאָר; די אַנדערע סיסטעם, פאַרקערט, נוצט אויס די פּאָגראָמען אַלס אַ פּאָ־ליטישען קאַמפּס־מיטעל, און דערביי ווערען דערגרייכט פונקט געגענזעצליכע רעזולטאַטען.

אין איר קאַמף געגען די אַנטיסעמיטישע עקסצעסען האָט זיך די ראַטען־מאַכט הויפּטזעכליך געשטיצט אויף אַ באַגרעניצטער צאָל געטרייע קאָמוניסטען און אויך אויף די אַזוי־גערופענע „אינ־טערנאַציאָנאַלע דיוויזיעס“. די קאָמוניסטישע מיליטער־טיילען זיינען צוזאַמענגעשטעלט פון מיטגלידער פון דער אוקראַינער קאָ־מוניסטישער פּאַרטיי און אויך פון סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וועלכע זיינען מאָביליזירט געוואָרען לויט פאַראָרדנונגען פון צענ־טער דורך די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און די פאַבריק־קאָמי־טעטען. די קאָמוניסטען ווערען קאָמאַנדירט אין אַזוינע מיליטער־גרופּען, וועלכע געפינען זיך אין אַ צושטאַנד פון דעמאָראַליזאַציע, כדי דאָרט איינצוטראָגען באַוואוסטזיניגקייט; אויף אַזאַ אופן האָט זיך ביסלעכווייז פאָרמירט אַ דיסציפּלינירטע רויטע אַרמיי.

די אינטערנאַציאָנאַלע דיוויזיעס, ווען די אומאַנער באַ־פעלקערונג האָט אַזוי באַגריסט, זיינען באַשטאַנען פון ניט קיין גרויסע, אָבער פעסטע אָפּטיילונגען פון אונגאַרישע, דייטשע און

עסטרייכישע קריגס־געפאַנגענע אונטער דער אָנפירונג פון זייערע ראַטען. זיי פלעגען אָפּט געשיקט ווערען ספּעציעל צו באַקעמפען דעמאָראַליזירטע מיליטער און אירע עקסצעסען. אין דעם פּעריאָד פון קאַמף געגען דער דעניקינישער „פרייוויליגער ארמיי" באַווייזען זיך אין אוקראַינע, לויט דעם פאַרלאַנג פון דער העכערער ראַטען־מאַכט, אויך גרויס־רוסישע רויט־ארמייאישע טיילען.

מען דאַרף אויך באַמערקען, אַז אָפטמאָל זיינען די הויפּט־שולדיגע אין די אַנטיסעמיטישע ארויסטרעטונגען פאַררעטערישע פאָרשטעהער פון דער ראַטען־מאַכט, וועלכע איבען אויס אַ שטאַר־קען איינפלוס אויף די אונטעראָרדענטע, ווי מאַזורענקאָ און גרי־גאָריעוו, למשל. דאָס זעלבע טרעפט אויך צווישען די קלענערע ראַטען־באַאַמטע. אין ט ש ע ר נ י א ק אָ ו, צ. ב., ווייזט זיך ארויס, אַז דער פאָרזיצענדער פון דעם רעוואָלוציאָנס־קאָמיטעט און גלייכצייטיג אויך מיליטער־קאָמיסאַר, געפינט זיך אין גע־היימע פאַרבינדונגען מיט סאָקאָלאָווסקים באַנדעס. דער רעזול־טאַט — אַ פּאָגראָם אויף אידען. אין מ א ט ו ס אָ ו ו (קיעווער גוב.) האָט פּאַסירט פאָלגענדעס: איינינע טעג פאַר דעם פּאָגראָם איז צום אָרטיגען אויספיר־קאָמיטעט פון דעם ארבייטער־ראַט אָנ־געקומען אַ פּראָוואָקאַציאָנס־פּאַפּיר פון שפּאָלע מיט אַ בכיון אי־דיש־קלינגענדער אונטערשריפט פון אַ קאָמיסאַר (דוכט זיך, גאָלד־שטיין) מיט פאָלגענדען אינהאַלט: „אַלע קלויסטערס צומאַכען. די קלויסטער־חפצים ברענגען קיין שפּאָלע." דעם 10־טען מאַי זיינען אָנגעקומען קיין מאַטוסאָוו רייטער, וועלכע האָבען געבראַכט אַן „אוניווערסאַל" (אַ באַקאַנטמאַכונג) פון גריגאָריעוו'ן, וואָס איז דעמזעלבען טאָג איבערגעלייענט געוואָרען פון דעם סעקרעטאַר פונ'ם אויספיר־קאָמיטעט קעסער פאַר אַ ספּעציעל־צוזאַמענגערו־פענעם „סכאָד" (פּויערים־פאַרזאַמלונג). עס איז ניט פעסטגע־שטעלט געוואָרען, צי ער האָט געלייענט פון דעם „אוניווערסאַל", אָדער אויסגעטראַכט פון זיין אייגענעם קאָפּ (וואַרשיינליכער איז דאָס לעצטע). אַזוי צי אַזוי, אָבער קעסער האָט דערקלערט די פּויערים, אַז עס איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדנונג צו פאַרטיליגען אַלע אידען. עס איז פאָרגעקומען אַ שרעקליכער פּאָגראָם. אַלזאָ, האָבען מיר דאָ צו טאָן מיט אַ פאַררעטערישען פאָרשטעהער פון דער ראַטען־מאַכט, וועלכער האָט אָפּגעטאָן זיין פאַרברעכערישע

אַרבייט, זיך שטיצענדיג אויף דער אויטאָריטעט פון זיין אָפּי־ציעלער לאַגע און כלומר'שט אין די אינטערעסען פון דער ראַטען־מאַכט.

די ראַטען־מאַכט האָט, גלייך ווי זי האָט זיך באַוויזען אין אוקראַינע, אָנגעהויבען צו פירען אַ דירעקטען קאַמף געגען די פּאָגראָמען דורך מיטלען פון אַגיטאַציע, אָרגאַניזאַציע, האַרבע שטראָפען און ענערגישע מאַסנאַמען. שוין די ערשטע פאַראָרד־נונגען פון ראַקאָווסקין אין כאַרקאָוו, וועלכע זיינען שפּעטער איי־בערגע'חזר'ט געוואָרען אין קיעוו, האָבען געדראָאָט מיט טויט־שטראָף פאַר אַנטייל נעמען אין פּאָגראָמען און מיט אַ שטרענגער שטראָף פאַר אַנטיסעמיטישער העצע: „דער אידישער פּראָלעטאַריאַט און די אָרימע מאַסען זיינען אונזערע פאַרבינדעטע; די אידישע בור־זשואַזיע איז ניט בעסער און ניט ערגער פון אַלע אַנדערע; יעדער רוף צו קאַמף מיט אידען סתם שטאַמט פון די שונאים, וועלכע ווילען דעמאָראַליזירען די רויטע אַרמיי און פאַרראַטען די אינטע־רעסען פון די אַרבייטער און פּויערים." — אַזוי שטעהט אין אויפ־רוף פון דער רעגירונג. גלייכצייטיג פאַרנעמט דעם קאַמף געגען אַנטיסעמיטיזם אַ בכבוד'יגען אָרט אין דער ברייטער פּראָפּאַגאַנדע פון דעם „נאַרקאָמוואָיען" (קאָמיסאַריאַט פאַר מיליטער־אַנגעלע־גענהייטען). פון דער אַנדער זייט ווערט די אַנטיסעמיטישע אַגי־טאַציע געפערליך אַלס אַ צעשטערונגס־מיטעל אין דער אַרמיי. ווען מען טרעט צו צו „פּראָלעטאַריזירען" די פּויערשע מיליטער־טיילען, אַריינפירענדיג אין זיי אַרבייטער־עלעמענטען, מאָביליזירט דורך די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ווערט וועגען דעם אַרויסגעלאָזען אַן אויפרוף פון די מיליטער־אינסטאַנציעס **ספּעציעל צו די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען**: „בונד", „פאַר־איינגטע" און „פּועלי־ציון". אין דעם אויפרוף ווערט אָנגעוויזען, אַז מען מוז לייגען געוויכט אויף דער מאָביליזאַציע פון דער אידי־שער סאָציאַליסטישער יוגענט; און אַז די פּראַקטיק האָט באַווי־זען, אַז אין דעם פּראָצעס פון צוזאַמענלעבען מיט די אידישע אַר־בייטער אין דער רויטער אַרמיי ווערט אָפּגעשוואַכט דער אַנטי־סעמיטיזם אפילו אין די אָפּגעשטאַנענסטע פּויערשע מיליטער־טיי־לען, און זיי גיבען זיך אונטער לייכטער דער אַנטשפּרעכענדער מיליטערישער אַגיטאַציע. חוץ דעם ווערען ביי דער פּאָליטישער

אָפּטיילונג פון דעם „נארקאָמוואָיען“ געשאַפן ספּעציעלע אידישע פּראָפּאַגאַנדע־סעקציעס, וועלכע טיילן פאַנאַנדער לויט דעם אַל־געמיינעם דעקרעט די מאָביליזירטע אידישע ארבייטער צווישן די רויט־ארמייאישע טיילן, האָבענדיג אין זינען די ספּעציפישע באַדינגונגען, וואָס הערשן דאָרט, און שטרעבענדיג אויסצוגעפינען די ווירקזאַמסטע מיטלען צו באַקעמפן דעם אַנטיסעמיטיזם. (דער אויבענדערמאָנטער אויפרוף פאַרפאָלגט ניט דעם צוועק קוואַנטי־טאַטיוו צו פאַרגרעסערען די רויטע ארמיי, נאָר איר צו פאַרפאָל־קאָמען קוואַליטאַטיוו, דורך דער צוועקמעסיגסטער קרעפ־טען־פאַנאַנדערטיילונג.) די סעקציעס פלעגען זאַמלען ידיעות וועגן די ערפאַרונגען פון די אידישע מאָביליזירטע ארבייטער. פון די ידיעות איז צו זעהן, אז אין די אָפּגעשטאַנענע מיליטער־טיילן האָט מען באַגעגנט די ניי־אָנגעקומענע אידען מיט אומצוטרוי און אָפטמאָל פיינדליך, און עס זיינען זאָגאַר פאָרגעקומען עקסצעסען געגען זיי. די סעקציע פלעגט באַקומען ביטעס פון די אידישע רויטע־ארמייצעס וועגן אריבערפירען זיי אין אַזוינע טיילן, וואו עס זאָל הערשען אַ בעסערע באַציהונג צו זיי.

נאָר דאָס געהערט אלץ צום ערשטען פעריאָד. שפּעטער האָ־בען זיך כמעט אומעטום איינגעשטעלט פרידליכע באַציהונגען צווישען די אידישע און ניט־אידישע רויטע־ארמייצעס. „די זיינען גאָר ניט קיין אידען, די זיינען אונזערע!“ — פלעגען די לעצטע זאָגען וועגען זייערע אידישע קאָלעגען. אַזאַ רעזולטאַט איז דער־גרייכט געוואָרען דורך דעם צוזאַמענלעבונגס־פּראָצעס גופא און דורך פּאָליטישער אויפקלערונג. נאָר חוץ דעם זיינען אויך באַ־נוצט געוואָרען שטראָף־מיטלען: פאַראורטיילונגען פאַר אַנטיסע־מיטישער פּראָפּאַגאַנדע אלס קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע; איזאָלאַציע און אויפלייזונג פון געפערליך־אַנטיסעמיטישע טיילען און זייער אַנטשפּרעכענדע אומגרופּירונג. כאַראַקטעריסטיש איז דער פאָל־גענדער פאַל: אין קיעוו האָט זיך (סוף מאַי) אַ פּאָלק אַנטזאָגט צו פאָלגען דער קאָמאַנדירענדער מאַכט און האָט ארויסגעשטעלט אַ לאָזונג: „נידער מיט די זשידעס־קאָמוניסטען!“ ביינאַכט האָט מען דעם פּאָלק ארומגערינגעלט מיט געטריי מיליטער און אים געצוואונגען זיך אונטערצוגעבען. די אָנפירער האָט מען דער־שאָסען. אין יוני האָט פּאַסירט אַן ענליכע געשיכטע מיט אַן אַנ־

דער פאָלק, וועלכער איז אָפען ארויסגעטראָטען מיט דעם ציל צו ראַבירען אידען. מען האָט אים ארומגערינגעלט מיט דעם רע־זערוו־קאָמוניסטישען פּאָלק און אנטוואָפענט. ביידע מאָל זיינען די אָנפירער געוועזען אומבאַוואוסטזיניגע פינסטערע עלעמענטען, וועלכע האָבען געאַרבייט צוזאַמען מיט קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אָפיצירען.

אנאַליזירענדיג גאַנץ אָביעקטיוו דעם פּאָגראָם־מאַטעריאַל, די אויספאָרשונגען פון דעם באַפולמעכטיגטען פונ'ם הילפס־קאָמיטעט ביים רויטען־קרייז, די דאָזיגע געשיכטע־בלעטער פון פּיין און בלוט, מוזען מיר קומען צו דער איבערציינונג, אז די סאָוויעטישע אַרמיי האָט פאַרהיט דאָס אוקראַינישע אידענטום פון פאַרניכטונג. דער צוריקטריט פון ראַטען־חיל באַדייט דאָס אָנקומען פון א בלוטיגער כוואַליע פון שרעקליכע פּאָגראָמען; פאַרקערט, דער אָנגריף פון דער סאָוויעטען־אַרמיי — אַן ענדע פון גרויזאַמען קאָשמאַר (זשיטאָמיר, יעליסאַוועטגראַד, נאָוואָמירגאָראָד, פּראָסקוראָוו, גאַ־ראָדישטשע און אנד.). די אַנטיסעמיטישע העצע, אז אידישקייט און קאָמוניזם זיינען סינאָנימען, האָט געלאָזען טיפע וואָרצלען; בשעת די ראַטען־מאַכט טרעט אָפּ פון ערגעץ, ציען זיך נאָך איר אידען, וועלכע פאַרלאָזען זייער אַלטע היים, ניט האָבענדיג פאַר זיך קיין באַשטימטען ציל; מיט דעם נעשפּענסט פון א הונגער־טויט און דעם בירגער־קריג פאַר זייערע אויגען. נאָר זיי האָבען ניט קיין אנדער ברירה: זיי טרייבט פאַראויס דער שרעק פאַר דער פּאָגראָם־כוואַליע הינטער זיי. נאָך דעם צווייטען פּאָגראָם אין זשיטאָמיר פאָרט ארויס פון שטאָט צוזאַמען מיט דער צוריקטרעטענדער רויטער אַרמיי אויך די אידישע יוגענט. איז טאַראַשטשע (קיעווער גוב.) — דאָס זעלבע, נאָר אין א יי״ע־סערען מאַסשטאַב: די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג (4000 נפשות) פאַרלאָזט די שטעטעל צוזאַמען מיט דער ראַטען־אַרמיי. מען דאַרף באַגרייפען, ווי טיף עס איז די טראַגעדיע פון דעם אוקראַינער אידענטום; זיין באַדייטענדסטער טייל (כמעט דער גאַנצער מיטעלקלאַס) באַציט זיך סקעפּטיש צו דער ראַטען־מאַכט, שוין אָפּגערעדט פון דער בורזשואַזיע, וואָס איר שטעלונג איז אויסגעשפּראָכען פיינדליך. און דיזעלבע בורזשואַזיע, געטריבען פון דעם שרעק פאַר א זיכערען טויט, זוכט שוץ און הילף ביי

באָלשעוויסטישע מיליטער. אין לעבעדין (קיעווער גוב.) קומט גראָד אָן בשעת'ן פּאָגראָם א רויט־ארמייאישער געפּאנצערטער צוג און פירט אוועק פון די באנדיטען די לעבען־געבליבענע אידען, וועלכע האָבען זיך באהאלטען אין די קעלערען און אויף די בוי־דעמס.

און דעריבער איז גאָר קיין וואונדער ניט, ווען פילע אידישע יונגע לייט טרעטען אריין אין די רייען פון דער רויטער ארמיי ניט צוליב פּאָליטישע טעמים, נאָר פּשוט דערפאר, ווייל דאָס איז דער איינציגער מיטעל, ווי אזוי צו פארטיידיגען דאָס לעבען און ערע פון זייערע מוטערס, שוועסטער, פרויען, נאָענטסטע און ליבסטע.

.6

## א) זעלבסטשוץ און די אידישע פּאָגראָמען אין אוקראַינע

יעדערער, וואָס באַקענט זיך מיט די שרעקליכע פּרטים פון דער אוקראַינער אידען־שחיטה, דערוואַרט מיט אַ פאַרשטענדליכען ציטער אַן ענטפער אויף דער פראַגע: צי האָט דאָס אוקראַינישע אידענטום געלאָזט זיך אויסקוילענען אָן יעדען ווידערשטאַנד? צי זיינען זיי ווי אָן איבערגעשראָקענע שעפּסען־עדה געגאַנגען צו דער שחיטה, אָדער האָבען זיי, לויט דער מעגליכקייט, מיט כבוד און ווירדע פאַרטיידיגט זייער לעבען און ערע? און אויב זיי האָבען זיך יאָ פאַרטיידיגט, אויף וואָס פאַר אַן אופן? וואָס פאַר רעזולטאַטען האָט דאָס געבראַכט?

די פאַקטישע מאַטעריאַלען וועגען אידישען זעלבסטשוץ זיינען ניט גענוגענד, אום צו קריגען אין דער פראַגע אַ קלאָר בילד. מען דאַרף קודם־כל נעמען אין אַכט די איינענאַרטיגע אומשטענדען פון די אוקראַינער פּאָגראָמען און די מיטלען, וואָס דאָס אידענטום האָט געקאָנט באַנוצען צום פאַרטיידיגען זיך.

דער לאָזונג „זעלבסטשוץ" האָט אין זיין צייט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע און איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער מיטעל אין קאַמף מיט די פּאָגראָמען פון „צאַרישען פּעריאָד". אין די פּאָגראָמען פון די 80־ער יאָרען קאָן ניט פאַרצייכענט ווערען קיין שום ווידערשטאַנד מצד דעם אידענטום, וואָס האָט, ווי אין מיטעלאַלטער, די פּאָגראָמען אָנגענומען, ווי אַ פאַרדינטען, אומפאַרמיידליכען

עונש, מיט וועלכען גאָט שטראָפט פון צייט צו צייט זיין נעליבט פאָלק. ווי אַלטע, אזוי יונגע, פלעגען זיך די אידען באהאַלטען פון די פּאָגראָמירער אין די קעלערען, אויף די בוידימער און זיך צוריק באווייזען אויף גאָטס ליכטיגער וועלט ערשט ווען די סכנה פלעגט פארביינעהן. אזוי איז אויך געשעהן אין דעם קישענעווער פּאָגראָם פון 1903, וואָס איז אָרגאניזירט געוואָרען פון בלוטינגען דיקטאטאָר פּלעווע, אלס א מיטעל אָפּצושרעקען די אידישע סאָציאליסטישע יוגענט. די אידישע ארבייטער־פּארטיי „בונד" האָט נעצוואונגען דעם אַלמעכטיגען סאטראפּ צו געוויסע פּאָרבארייטונגען און צו איינשטילענדע מאסנאָמען. דער „בונד" האָט עס נאָכ'ן קישינעווער פּאָגראָם געגעבען דעם לאָזונג „זעלבסטשוץ". ביי די באדינגונגען, אין וועלכע עס פלעגען צו יענער צייט דורכגעפירט ווערען די פּאָגראָמען, האָט דער לאָזונג זיך ארויסגעוויזען פאר א לעבענס־פּעהיגען און ווירקענדען און האָט נעפירט צו באַשטימטע, פּאָזיטיווע רעזולטאטען. די פּאָגראָמען פון פאר 1905 פלעגען אָרגאניזירט ווערען אויף א באשטימטען אופן: לויט דער פאראָרדענונג פון פּאָליציי־דעפּארטמענט פלעגען די גובערנאטאָרען מיט דער הילף פון די פּאָליצמייסטערס אינסצענירען „אויפגעבראכטע און דערצאָרנטע" אויף די אידען „פּאָלקס־מאסען", וואָס זיינען באמת נעווען ניט מער און ניט ווייניגער, ווי איבערגעטאָנענע אין ציוויל קליידער פּאָליציי, סטרעזשער, קרימינאַל־פּאָליציי און דער אָפּוואורף פון דער שטאָטישער באפעלקערונג, וועלכע פלעגען פאר זייער מלאכה אָרענטליך באפרידיגט ווערען.

ביי דער פארהעלטניסמעסיג שוואכער אָפּאָזיציאָנעלער און רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, האָט דאָך די צארישע דעספּאָטישע זעלבסטהערשאפט, צוליב לייטען, צוליב מערב־אייראָפּע, באמיט זיך צו א כלומר'שטער אנשטענדיגער האלטונג, און דעריבער פלעגט ווי די אָפיציעלע פּאָליציי, אזוי די מיליטער, זיך פארהאלטען ניירטראַל. און אָט דער פּחדנות'דיגער, איינגענליבטער אין איר זיכערקייט און אומבאשטראָפבארקייט, האלב־שכור'ער און ניט זעלטען טויט־שכור'ער מאסע, איז ניט שווער געווען זיך אנטקעגען צו שטעלען. זי פלעגט זיך פאנאנדערלויפען ביי די ערשטע רעוואָלווער־שאָסען. געוויינליך פלעגען די באנדיטען פאנאנדערטיילען זיך אין ניט באדייטענדע גרופען, און די גרופען פלעגען

זיך פּאַנאַנדערשיטען אין באַזונדערע גאַסען. דער „זעלבסטשוץ", אָפּטמאָל מיט גוטע אויסשפּירער־אָפּטיילונגען, פלעגט פאַרצוימען זיי דעם וועג. איינציגע שאָסען אין די רויבער, און אָפּטמאָל אפילו אין לופט אַריין, זיינען גענוג געווען צו פּאַנאַנדעריאָגען זיי. אַזוי איז געווען אין האָמלער פּאָגראָם, וואו דער בונדישער זעלבסטשוץ האָט געשפּילט אַ באַדייטענדע ראָלע.

די פּאָגראָמען פון 1905 און 1906 טראָגען שוין אַן אָפיציע־לען כאַראַקטער, און דער אנטייל פון דער מאַכט טרעט אַרויס אָפען און בולט. די טיראַנישע זעלבסטהערשאַפט, וועלכע האָט זיך איין מאָמענט געהאַט פאַרלאָרען און האָט, נאָכגעבענדיג דער קראַמאָלע, אַרויסגעלאָזען אַ מאַניפעסט מיט גרויסע הבטחות וועגען קאָנסטיטוציע און פרייהייט, האָט קומענדיג צו זיך געזוכט צו דער־טרינקען אין בלוט די שאַנדע פאַר איר פריעדריגער שוואַכקייט. אום זיך אויפצוהאַלטען, האָט די רעאַקציע געמוזט אָננעמען די שטרענגסטע אום'ברחמנות'דיגסטע רעפּרעסיעס און ראשית כל איני־סצענירען אין אַ ברייטען מאַסשטאַב דעם „פּאָלקסצאָרן", וועלכער איז זיך נוקם אָן די זשידעס פאַר זייערע שטרעבונגען צו פריי־הייט. דאָ האָט וועגען שעמען זיך פאַר לייטען קיין רייד ניט געקאָנט זיין.

ווי אין דרום, אַזוי אויך אַנדערשוואו, זיינען די פּאָגראָמי־רענדע אַרומגערינגעלט געווען מיט באַוואָפענטע פּאָליציי־קאַרדאָ־נען, וועלכע האָבען זיי אָפּגעהיט פון יעדען אָנגריף, פון יעדער סכנה. אין דערזעלבער צייט האָבען זיי פאַרצוימט דעם וועג די זעלבסטשוץ־אָפּטיילונגען, ניט צולאָזענדיג זיי צו די ערטער, וואו עס פלעגען פאָרקומען די פּאָגראָמען, און אין פאַל פון זייער דער־נענטערען זיך, פלעגט מען איבער זיי געבען אַ זאַלפּ. דאָסזעלבע פלעגען גאַנץ אָפט אויך טאָן מיליטער־טיילען.

דער טיפּ פון דעם פריערדיגען זעלבסטשוץ, פּרימיטיווע, קליינע גרופּעס, באַוואָפענטע מיט רעוואָלווערן, מעסערס א. ד. ג., איז מער שוין ניט פּאַסיג געווען פאַר די ניי־געשאַפענע באַדינ־גונגען. אויף דעם אַנטקעגענשטעלען אַ האַפטיגען, ווירקליכען ווי־דערשטאַנד זיינען נייטיג געווען גוט־באַוואָפענטע אָפּטיילונגען. אַזוי איז געווען אין ריגע אין 1905. דער פּאָגראָם, אין וועלכען עס האָבען אַנטייל גענומען פּאָליציי און מיליטער, איז געווען

גרינדליך אָפּגעשטעלט און אין זיין שורש אונטערגעהאקט דורך די לאַטווישע באוואָפענטע אָפּטיילונגען, וועלכע זיינען אייגענט־ליך געווען ניט קיין אנדער זאך, ווי דיסציפּלינירטע, רעוואָלו־ציאָנערע מיליטער־אָפּטיילונגען.

דאָרט, וואו אזעלכע זיינען ניט געווען, זיינען די פּאָגראָמען, וואָס האָבען געטראָגען דעם כאראקטער פון מיליטערישע שטראָף־עקספּעדיציעס, דורכגעפירט געוואָרען אויפ'ן גלענצענדסטען אופן. אויף דעם אנטקעגענשטעלען זיך איז נייטיג געווען שוין ניט קיין טעכניש־אָפּגעשטאנענער זעלבסטשוץ, נאָר אן אָרגאניזירטע קריגס־קראפט. פארשטעהט זיך, אז אזא קראפט איז ניט געווען, מיט דער אויסנאַם פון אייניגע געגענטען מיט ספּעציפישע באדינ־גונגען, וואו עס זיינען דאן פאָרגעקומען אָפענע באוואָפענטע אויפ־שטאנדען (ווי למשל אין באלטישען געגענט). ביי אזעלכע בא־דינגונגען קאָן דער לאָזונג „זעלבסטשוץ" ניט באדייטען עפּעס אנדערש, ווי אן אויפרוף צו אן אָפענעם אויפשטאנד.

ווער עס האָט זיך באקענט מיט דעם אינהאלט פון די פריער־דיגע קאפּיטלען, פאר דעם איז קלאָר דער כאראקטער פון די פּאָג־ראָמען אין אוקראינע אין 1919.

די פּאָגראָמען, וואָס האָבען פאָרגעשטעלט מיט זיך און גע־שטעלט זיך באוואוסטזיניג אלס ציל די פארניכטונג פון דער אידישער נאציע נאָך א קאָנקרעט־אָנגעצייכענטען און אין דע־טאלען אויסגעארבייטען פּלאַן, דורך באוואָפענטע, רעגולערע קריגס־מחנות, אָדער דורך אויפשטאנדיגע בונטארען־באנדעס, אויך בא־וואָפענטע פון קאָפּ ביז די פיס, אזעלכע פּאָגראָמען האָבען אלס א נעגענווירקענדע קראפט געפאָדערט אן ארמיי, וואָס זאָל בכח זיין זיך אנטקעגענצושטעלען דער אָנפאלענדער ארמיי.

פון דער טרויעריגער מארטירער־כראָניק, פון די עפּיזאָדען פון דער אוקראינער שחיטה איז צו זעהן, אז ס'רוב פּאָגראָמען פלעגען זיך אָפּשטעלען נאָר נאָך א צייטווייליגער מפּלה פון די פּאָגראָ־מירער, — אָפטמאָל א דאנק דעם איינשטעלען זיך פון די קריסט־ליכע עלעמענטען פון דער באפעלקערונג, וועגען וואָס מיר וועלען נאָך שפּעטער אויספירליכער רעדען.

ביים אָנפאנג פון דער פּאָגראָמען־עפּאָכע האָט דאָס אידענ־טום געפּרואווט זיך באשיצען דורך אלטע אויסגעפּרואווטע מיטלען,

— דורך אונטערקויפען די קאָמאַנדירען פון דעם חיל. אָפּטמאָל פלעגט זיך איינגעבען (ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט קרע־מענטשוג) אָפּצוקויפען זיך, אריינטראָגענדיג צו די ארמיי־אָנפירער א בכבוד׳ינע געלט־סומע. נאָר נאָך אָפטער פלעגט דאָס קיין נוצען ניט ברענגען: דאָס געלט פלעגט מען פון זיי צונעמען און די שחיטה דאָך מאַכען; די איינגעגלויבטע אין איר זיכערקייט אי־דישע באַפעלקערונג פלעגט זיך ניט באַהאַלטען און האָט פאַר די שחד־געלט באַצאָלט מיט מער קרבנות. אַזאַ מין פאַל האָט פּאַ־סירט אויך אין שטעטעל פ ע ל ש ט י ן (פּאָדאָליער גובערניע). די אידישע קהלה, דערוויסענדיג זיך פון דער שרעקליכער שחיטה אין פּראָסקוראָוו, האָט אָנגעהויבען פירען אונטערהאַנדלונגען מיט דעם מיליציע־נאַטשאַלניק, וועגען אָננעמען געהעריגע מיטלען צום פאַרטיידיגען די אידישע באַפעלקערונג, געגעבען אים 15 טויזענט רובעל מזומן און נאָך צוגעזאָגט א באַזונדערע מתנה א טייערען קאָסטיום. ער האָט זיי מיטגעטיילט, אַז ער האָט צו הילף זיינע מיליציאָנערען נאָך איינגעלאַדען די מיליציע־וואַך פון שכנות׳דיגען פאַריטש. די הילפס־וואַך איז טאַקע אויף מאָרגען געקומען, נאָר איר חוב האָט זי דערפילט דורך דעם, וואָס זי האָט קיינעם פון די אידען ניט דערלויבט צו פאַרלאָזען דאָס שטעטעל, און אַזוי אַרום זיינען די אידען ווי אריינגעפאַלען אין א נעץ, און מען האָט אויסגעשאָכטען א פאַרהעלטניסמעסיג גרויסע צאָל (600).

אין א גאַנצער ריי שטעט און שטעטלעך האָבען זיך געבילדעט „זעלבסטשוץ"־גרופּען. זייער גורל איז זעהר באַלערענד.

אין ק ר ע מ ע נ ט ש ו ג האָט זיך ביים „פאַרבאַנד פון אידישע מיליטער־לייט" אָרגאַניזירט אַן אָפּטיילונג, וועלכע האָט געציילט ביז 1000 מאַן. ביי דעם ערשטען יעליסאַוועטגראַדער פּאָגראָם איז א טייל פון דער אָפּטיילונג, אַן ערך פון 200 מאַן, אָנגעקומען אין יעליסאַוועטגראַד און אָפּגעשטעלט דעם פּאָגראָם. די דרוזשי־נע איז באַשטאַנען אין איר רוב פון אידען, נאָר אין איר האָבען אַנטייל גענומען אויך קריסטען. אָנגעפירט האָט מיט איר ג ר א ט ש. ביים צווייטען יעליסאַוועטגראַדער פּאָגראָם האָט שוין די דרוזשי־נע ניט געשפּילט קיין ראָלע. א ווידערשטאַנד האָט דער פּאָגראָם באַקומען מצד דעם „קאָמיטעט פון געזעלשאַפטליכער זיכערהייט", וועלכער האָט געהאַט אונטער זיך א גרויסע מחנה דרושיניקעס.

ער האָט דערביי פאַרלאָרען 22 געהרג'עטע (8 אידען און 14 קריסטען) און 30 פאַרוואונדעטע. אין דער צייט פון דעם שרעקליכסטען, באמת מיליטערישען, דעם דריטען נאָכ'ן חשבון, פּאָגראָם, וועלכען עס האָבען געמאכט גריגאָריעווס באַנדעס, האָבען שוין קיינע דרוזשינעס ניט געהאָלפען. דאַן האָט דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון די מעטאַל־ארבייטער און די אנטיילנעמער פון דעם פויערים־צוזאַמענפאָר, אויפ'ן צווייטען טאָג פון פּאָגראָם, אָרגאַניזירט אַן אָטריאַד פון די מער באַוואוסטזיניגע ארבייטער. איבער'ן שטאָט זיינען ארויסגעפאָרען עטליכע אויטאָמאָבילען מיט באַוואָפענטע ארבייטער. די מאַטראָזען און סאָלדאַטען האָבען לכתחילה געמיינט, אז דאָס איז אָרגאַניזירט לויט דער פאַראָרדענונג פון שטאַב. דערוויסענדיג זיך אויף מאָרגען, אז אזא באַפעל איז ניט געווען, האָבען זיך די גראָמירער נאָך מיט מער קוראזש גענומען אויסצושלאַכטען די אידען. די ארויסגעקראָכענע פון די לעבער אידען, וועלכע האָבען געמיינט, אז דער פּאָגראָם איז שוין געענדיגט, האָבען אויפ'ן דריטען טאָג שוין ניט געקאָנט זיך אזוי גוט אויסבאַהאַלטען, און דעריבער איז די צאָל קרבנות פאַר'ן דריטען פּאָגראָם־טאָג אומגעהייער גרויס. די ווילד־געוואָרענע מענשען־חיות האָבען געקוילעט גאַנצע פאַמיליעס, ניט שוינענדיג קיין עלטער און געשלעכט, פרויען, זקנים, און ברוסט־עופה'לעך.

דער פּאָגראָם איז אָפּגעשטעלט געוואָרען אַ דאַנק דער ווירקונג אויף גריגאָריעווס ארמיי־שטאַב מצד דעם פּרעזידיום פון פויערים־צוזאַמענפאָר און דעם פּראָפעסיאָנעלען פאַראיין פון די מעטאַל־ארבייטער. אזוי זעהען מיר, אז דעם מיליטער האָט ניט געקאָנט אַנטקעגענשטעלען זיך אפילו אַ גוט־אָרגאַניזירטע „דרוזשינע".

דאָסזעלבע זעהען מיר אויך אויפ'ן ביישפּיל פון גאָלאָוואַנעווסק און אַלעקסאַנדריע. גאָלאָוואָנעווסק, פּאָדאָליער גובערניע, געפינט זיך אויפ'ן גרענעץ פון אומאַנער ראַיאָן, קיעווער גוב. ער איז באַרימט געוואָרען און איז לעגענדאַריש באַוואוסט געווען צווישען דעם אוקראַינער אידענטום, מחמת זיין גוט־אָרגאַניזירטען זעלבסטשוץ, וועלכער איז באַשטאַנען פון עטליכע הונדערט אידישע יונגע־לייט, וואָס זיינען געווען באַוואָפענט מיט ביקסען, קוי־

לענוואָרפער און אפילו האַנט־גראַנאַטען. דאָס פויערטום פון אומ־געבונג האָט געפילט אַ פּחד פאַר גאַלאָוואַנעווסק און האָט ניט גע־וואַגט אים צו באַפאַלען.

דעם זעלבסטשוץ האָט זיך איינמאָל איינגעגעבען צו פאַר־טרייבען אַ גרויסע באַנדע פון צוויי טויזענט מאַן. נאָר אויך אָט די „מויער־שטאַרקע זיכערע פעסטונג" גאַלאָוואַנעווסק, אין וועל־כער, אַ דאַנק איר שמ'ען פאַר אַ זיכערען ווינקעל, עס האָבען צו־נויפגעזאַמעלט זיך פון די שכנות'דיגע צעגראָמירטע שטעטלעך איבער צוויי טויזענט אַנטרונענע, האָט סוף כל סוף געמוזט זיך אונטערגעבען, ווען אויף דער סצענע האָט זיך באַוויזען אַ באַדיי־טענדערע קראַפט, סאָקאָלאָווס באַנדע. דער זעלבסטשוץ איז ניט געווען ביכולת אים אַנטקעגענצושטעלען אַ געהעריגען ווידערשטאַנד און אין משך פון איין האַלבער שעה האָט מען אויף די גאַסען אויסגעשלאַכט אַן ערך פון 200 אידען. מען האָט געטויט יעדען איינציגען, וועלכער איז אין די הענט אַריינגעפאַלען.

ניט בעסער איז געווען דער מזל פון דער „אַרבייטער־קאַמפּס־דרוזשינע" אין אַלעקסאַנדריע, ביים צווייטען פּלוצלונגען אַנט־לויפען פון גריגאָריעווס מחנות, דעם 27־טען יוני. די דרוזשינע איז באַשטאַנען פון 600 מאַן, פון וועלכע 300 זיינען געווען שוין קאַמפּס־גרייטע און האָבען געהאַט ביקסען און די איבעריגע 300 האָבען זיך געלערנט שיסען. די דרוזשינע פלעגט אַרויסשטעלען יעדען טאָג באַזונדערע וואַך־אָפּטיילונגען. ביי דעם פּלוצלונגען איבערפאַל פון גריגאָריעוו'ן האָט אים באַגעגענט אַן אָפּטיילונג נאָר פון 40 מאַן. ער האָט אויסגעהאַלטען אַ 4־שעה'גען גערנגל מיט די גריגאָריעווצעס און פאַרלאָרען 11 מאַן געה'רג'עטע. די איבעריגע דרוזשיניקעס זיינען צום נייטיגען מאָמענט ניט געווען טעטיג, אָבער אין תוך גערעדט, וואָלטען זיי גאַנץ ווייניג געקאָנט ענדערען דאָס אַלגעמיינע בילד פון פּאָגראָם. נאָך דעם פּאָגראָם זיינען אַלע דרוזשיניקעס, כדי אויסצומיידען די נקמה פון גרי־גאָריעווס באַנדעס, זיך פאַנאַנדערגעפאָרען.

זעהר כאַראַקטעריסטיש אין דער הינזיכט איז דער פּאָגראָם פון פּעטליוראַס חילות אין ראָוונע, דעם 21־טען מאַי 1919 (די מיטטיילונג פון א. טשערקאַסקי).

צום שטאָט איז צוגעפאָרען פּעטליוראַס אַ געפּאַנצערטער צוג

„סטרעלעץ". פון 12 א זייגער ביינאכט האט זיך אין שטאט אנגעהויבען אן אלגעמיינער ראבירען, און ראשית כל האבען זיך די סאלדאטען פארקליבען קיין „וואליע" (דער אידישער קווארטאל). די אנגעקומענע מיט'ן „סטרעלעץ" סאלדאטען האבען קיין איינציגע שטוב ניט דורכגעלאזען און גענומען אלץ, וואס האט גע־פונען ביי זיי חן: געלט, ווערטפולע חפצים, קליידער, שטוב־ווירטשאפט . . . פון אלע הייזער האט זיך געטראגען א הארצ־רייסענדער געשריי . . . קוים דערווארטענדיג זיך אויף טאג, האט א גרופע אידישע יונגע־לייט, וועלכע האט זיך געפונען דאן אין איין דירה, זיך באוואפענט און באשלאסען ארויסצואווייזען א ווידערשטאנד די רויבער. זיך צונויפקלייבענדיג א מאן 10, האבען זיי דרייסט און מוטיג געוואגט זיך איבערצושיסען מיט די באנ־דיטען, וואס האבען אפעררירט אין זייער ראיאן. אין פארלויף פון א האלבער שעה האט זיך איינגעגעבען אפצוריינינגען פון די גראַ־מירער א היבש ביסעל גאסען; דערביי האבען זיי געכאפט צוויי סאלדאטען און דערשאסען. דער דרייסטער האנדלען פון דער גרופע האט דערמוטיגט א סך פון דער מענליכער באפעלקערונג פון דעם ראיאן און ביסלעכווייז איז די גרופע אויסגעוואקסען צו א גרויסען אטריאד פון זעלבסטשוץ, וועלכער האט זיך פאנאנדער־געטיילט אין אונטער־אפטיילונגען צו 8 מאן און זיי פאנאנדער־געשיקט אין אלע ווינקעלעך פון פארשטאט „וואליע".

אויף אזא אופן האט דער ארגאניזירטער וואליער זעלבסטשוץ געצוואונגען די באנדיטען אפצוטרעטען צוריק צום צוג. פון דארט זיינען אבער באלד ארויסגעשיקט געווארען שטארקערע רווי־בער־שייקעס, וועלכע האבען אויפגענומען דעם קאמף מיט'ן זעלבסט־שוץ. צוהילף די באנדיטען האט מען פון דעם געפאנצערטען צוג אנגעהויבען באשיסען „וואליע" מיט הארמאטען. פארשטעהט זיך, אז קעגען אזא אנגריף האט דער זעלבסטשוץ ניט געקאנט שטעהן בלייבען און איז אפגעטראטען אין פולקאמער קריגס־ארדענונג... פארטרייבענדיג דעם זעלבסטשוץ, האבען די כוליגאנעס פון דאס ניי אנגעהויבען ראבירען די הייזער און געשעפטען. די, ביי וועמען עס איז ניט געווען וואס צו נעמען, האט מען געטייט...

מיר האבען זיך לענגער אפגעשטעלט אויפ'ן ראווגער פאגראם, ווייל דא געפינען מיר אלע שטופען, וועגען וועלכע מיר האבען

פריער גערעדט: די סטאַדיע פון ווידערשטאַנד צו רויבער־גרופּען, וואָס זיינען ניט איינגעגלויבט אין זייער קראַפט, פּירען זיך פּחדנות'דיג, וואַקלענדיג; און די סטאַדיע פון אַ מיליטערישער גראָמירונג, געגען וועלכער עס קאָן אַרויסטרעטען נאָר אַ קראַפט, וואָס איז טעכניש, מיליטעריש און אָרגאַניזאַציאָנעל גוט געשטעלט.

גאַנץ באַשטימט, האָט זיך אין אַ ריי שטעטלעך, וועלכע זיינען געלעגען ווייט אָן אַ זייט פון דער אַלגעמיינער פּאָגראָם־כוואַליע, איינגעגעבען מיט ערפאָלג צו פאַרטיידיגען דעם אָרטיגען אידישען ישוב און אָפּטרייבען די קליינע באַנדעס (באַגאָפּאָליע, גאָלטע, אָלביאָפּאָל, האָלאָסקאָווע, קריוואָיע אָזעראָ א. א.), אָבער דאָס ענ־דערט אין אַלגעמיין גאָרניט אין דעם מצב פון דעם צעגראָמירטען אידענטום.

דער דראַנג צום זעלבסטשוץ, דער פאַרלאַנג טייער צו פאַר־קויפען דאָס לעבען, מיט געווער אין די הענט, אויסצומיידען דעם שענדליכען טויט ערגעץ אין אַ לאָך, אויפ'ן בוידעם, אָדער אין קעלער, ווייזט זיך אַרויס שטאַרק, אויף שריט און טריט, צווישען די פאַרשידענסטע שיכטען פון פאָלק.

זלאַטאָפּאָל, קיעווער גוב. די פאַרבליבענע ביים לעבען נאָך די גרויזאַמע פּאָגראָם־טעג, אום צו ראַטעווען זיך פון אַ נייער פּאָגראָם־כוואַליע, אַנטלויפען אויפ'ן וואָקזאַל. אָפּפאָרען קאָנען זיי ניט. ווי וואַנזיניגע, וואַרפען זיך די אידען אין אַלע זייטען: אפשר קומט פון ערגעץ אַ ישועה, — נאָר אומזיסט, ס'איז ניטאָ קיין הילף, ניטאָ קיין שוץ. דער אינסטרוקטאָר פון הילפס־קאָ־מיטעט, רייזען, ווענדט זיך טעלעגראַפיש אין אַלע ריכטונגען: קיעוו, אָדעס, יעליסאַוועטגראַד, בעט צושיקען אַן אָטריאַד, צום ווייניגסטען געווער צום פאַרטיידיגען זיך, נאָר אין עונה, קיין ענטפער באַקומט ער ניט. ווי ער גיט איבער, האָבען אויף די פאַרזאַמלונגען אַלטע לייט, פרויען, קינדער אין איין קול געשריען: „מיר דאַרפען קיין זאַך ניט; מיר זיינען הונגעריג, באָרוועס, נאַקעט, נאָר גיט אונז אַנשטאָט ברויט אַ מעגליכקייט זיך צו פאַרטיידיגען, גיט געווער!“ זיי האָבען געפאָדערט געווער אין נאָמען פון די 250 אידען, וואָס זיינען אַוועק אַלס פרייוויליגע אין דער רויטער אַרמיי. זיי האָבען געפאָדערט: „גיט די מעג־ליכקייט אונז, זייערע פאָטערס, מוטערס, זיך צו באַוואָפענען,

אום צו שטארבען כאָטש אויף א ווירדיגען אופן! . . ." דאָס איז זייער איינציגער וואונש: אויב שטארבען, — איז ניט אויפ'ן בוידעם, אין א שמוציגער לאָך, נאָר מיט געווער אין האַנט.

נאָר די געווער וואָלט די אומגליקליכע וויינינג־וואָס געקאָנט העלפען. און אָפטמאָל איז קיין געווער בכלל ניט געווען צו באַ־קומען, — עס האָט אויסגעפעלט פאר דער ארמיי, וואָס האָט סטראַטעגיש פארטיידיגט די באפעלקערונג פון די אָנגרייפענדע באַנדעס.

עס זיינען ניט געלונגען אויך די פּראָבעס צו אָרגאַניזירען אויסשליסליך אידישע מיליטערישע אָפּטיילונגען.

אין סקווער, נאָכ'ן פּאָגראָם, ווען ס'האָט זיך ווידער דערנענטערט די זעלבע רויבער־באַנדע, האָט דער עקזעקוטיווער קאָמיטעט פון אָרטיגען ראַט איילינג אָרגאַניזירט א אידישע מילי־טערישע אָפּטיילונג פון 200 מאַן. חוץ דעם זיינען דאָרט געווען צוגעגעבען אויך איינינגע ארבייטער און רויטע־ארמייצעס. פון זיי זיינען 30 מאַן געפאַלען אין קאַמף. זיי זיינען אָפּגעטראָטען צו־זאמען מיט די איבעריגע רויט־ארמייאישע אָפּטיילונגען. נאָכדעם האָבען די באַנדעס פארנומען די שטאָט.

בולט'ער איז דער פאַל פון טשערקאַסער פּאָגראָם. און צוליב דער גרויסער באדייטונג פון דעם פאַל, ווילען מיר זיך אָפּשטעלען אויף אים לענגער. מיר ברענגען דאָ אויספירליך די עדות פון איינעם פון די אנטיילנעמער פון לינקען פלאַנג (דעם אידישען).

דעם 15־טען מאי באַגינען איז ארוים פון שטאָט די רויטע ארמיי. און צוליב דעם באאומרוהיגענדען מצב פון פראָנט, האָט מען אויפ'ן פאַרשלאַג פון אָפּעראַטיווען שטאַב באַשלאָסען צו מאָביליזירען ניט נאָר די קאָמוניסטען, נאָר אויך די מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען. די קריסטליכע ארבייטער האָבען זיך ארויסגעמאַכט פון דער מאָביליזאַציע. די אוועקגע־שיקטע צום פראָנט ארבייטער־אָפּטיילונג איז, מיט קליינע אויס־נאַמען, געווען אויסשליסליך א אידישע. דאָס אוועק־שיקען פון אזא אָפּטיילונג האָט ארויס־גערופען גייע קלאַנגען און רעדערייען צווישען דער ניט־אידישער באַפעלקע־

רונג, וועלכע איז שוין פון פריער גע־וועזן אויפגעהעצט פון די שוואַרץ־מאה׳־דיגע אָפיצירען און די פּאָגראָמירער.

דער אָטריאַד האָט פאַרנומען אויפ׳ן לינקען פליגעל דעם גאַנצען לינקסטען עק. די באַוואָפענונג, אַ דאַנק די שווערע טעכנישע באַדינגונגען, איז געוועזן ניט גענוגענד. ביים צוזאַמענשטויס האָט זיך אַ טייל פון די גריגאָריעווצעס איבערגעגעבען בכיון אין גע־פאַנגענשאַפט. דערביי האָבען זיי געפירט אַן אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע, אַן אַגיטאַציע אויף אַ באַשטימטער טעמע: „אָט אַזוי האַלטען מלחמה ברידער, אין די צילען און פאַרלאַנגען פון וועלכע עס איז ניטאָ קיין שום אונטערשייד. און נאָר די זשידעס און די קאָמוניסטען האָבען פאַנאַנדערגעלאָזען קלאַנגען, אַז מאַכנאָ געהט מיט אַ גרויסער אַרמיי.“

די אַגיטאַציע, דערציילט דער עדות, האָט געהאַט אַן ערפאָלג ביי די רויטע אַרמייצעס, אומגעאַכט אויף די פּראָטעסטען פון די מער־באַוואוסטזיניגע און פון די גאַנצע פּאַרטייאישע און אַרביי־טער־אָפּטיילונגען. די ביידע פאַרטיזאַנער אַרמייען פלעגען גאַנץ אָפט געפינען געמיינזאַמע אינטערעסען, אַ געמיינזאַמען לשון פאַר זייערע געפילען און שטימונגען (אַנטיסעמיטישע). ווי אַ דאָרן האָט זיך אַריינגעשניטען צווישען זיי דער ריין־אידישער אָטריאַד, וועלכער האָט מיט זיין פּראָטעסט אָנשווילך דעמאָנסטרירט יענעמס דריטען, וואָס צעשטערט דעם שלום פון די ביידע אויף אַ רגע צעקריגטע און שטרייטענדע מיט איינאַנדער, אָבער דאָך אין תוך ברידערליכע אַרמייען. די אידישע אָפּטיילונג איז ביים אָפּטרעטען אָפּגעשטופּט געוואָרען צום בריק אויף דער טעריטאָריע פון צוקער־פאַבריק, וואו עס האָט געוואוינט די אַרבייטער־קליינבירגערליכע באַפעלקערונג, וואָס האָט באַדינט די פאַבריק. זי האָט שוין גע־וואוסט וועגען דער מפּלה פון דער ראַטען־אַרמיי, ווייל די גריגאָ־ריעווצעס זיינען שוין געוועזן אין שטאָט (צוליב דער שוואַכער אויסשפּירערשאַפט האָט עס די אידישע אָפּטיילונג נאָך ניט גע־וואוסט און איז אָפּגעטראָטען צו שפּעט). דאָס רוב פון דער אָר־טיגער בירגערליכער באַפעלקערונג האָט זיך דאַן באַוואָפענט און איז אַרויסגעטראָטען געגען דער אָפּטרעטענדער אידישער אָפּטיי־לונג, שיסענדיג אין זיי, ווען זיי זיינען איבער׳ן בריק אַריבער־

נעגאַנגען דעם דניעפּר. אַנדערע, זיך צונויפקלייבענדיג גרויסע קאָמפּאַניעס, פלעגען אָנכאַפּען די אָפּטרעטענדע פון פּאָזיציע, אַראָפּשלעפּען זיי פון די פערד און אויף אָן אָרט פארשטיינען... ביי דעם האָבען זיך מתעסק געווען אויך פרויען און יונגע שקצים'־לעך. מען האָט געשאָסען פון הינטער די טויערען, פון די גאסען־ווינקלען. אַלעמען, אַפילו ניט קיין רויטע־אַרמייצעס, נאָר ענלי־כע אויף אַ אידען, האָט מען אויפ'ן שטעל געטייט . . . די אידען, וואָס מען האָט געכאַפּט אויפ'ן פּאָזיציע, האָט מען אויף שטיקער צעפּליקט. אַ גרופּע געפאַנגענע האָט אויפ'ן וועג באַגעגענט אַ וויים־גוואַרדייאישער אָפיציר מיט זיין אָפּטיילונג. ער האָט גע־הייסען די קריסטען אָפּגעהן אין אַ זייט, און די אידען אין צוויי־כען, — דאָרט האָט מען זיי באַלד אויך דערשאָסען.

די עדות פון דעם אנטיילנעמער ווערען פּאָלקאָם באַשטעטיגט דורך דעם עדות־זאָגען פון דעם פּאָרזיצער פון שטאָט־דומע וו. פּעטראָוו. דער לעצטער האָט דערקלערט:

„מיר איז באַוואוסט, אַז דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָט פאַר־געלייגט די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען צו אָרגאַניזירען אַ שטאָט־וואך. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבען אָרגאַניזירט אַ קאָ־מיסיע, נאָר די לעצטע האָט ניט באַקומען פון עקזעקוטיוו־קאָמי־טעט קיין געווער, ווייל געווער האָט אויסגעפעלט אַפילו פאַר דער אַרמיי. אַ טייל מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, דערהויפּט בעלי־מלאכות (שניידער, שוסטער, א. אנד.) זיינען אוועק צוזאַמען מיט דער אַרמיי אויפ'ן פראָנט און האָבען געקעמפּט אויפ'ן לינקען פליגעל, ביים צוקער־פאַבריק. אָפּטרעטענדיג, איז כמעט דער גאַנצער לינקער פליגעל דער'הרג'עט געוואָרען פון דער אָר־טיגער באַפעלקערונג."

די אידעע פון אַ אידישען לעגיאָן, וואָס עס האָבען אַרויסגע־שטעלט איינינגע נאַציאָנאַליסטישע גרופּען אין אוקראַינישען אי־דענטום, און אויך פון אַנדערע לענדער, שטעלט פאַר מיט זיך סוביעקטיוו אַ ניט־דורכגעטראַכטע, תמימות'דיגע פּאָליטישע נאַ־איוווקייט, און אָביעקטיוו, ווען דאָס זאָל פאַרווירקליכט ווערען, — אַ קאָלאָסאַלען פאַרברעכען און פּראָוואָקאַציע, וואָס וואָלט געקאָנט ברענגען צו דער פּאָלקאָמער פאַרניכטונג פון אידענטום אין אוקראַי־נע. דאָס וואָלט פאַרשטאַרקט די אנטיסעמיטישע טענה, אַז אידען

און קאָמוניסטען זיינען איינס און דאָס זעלבע: זיי צעטיילען די ביידע ארמייען, וואָס זיינען אייגען און נאָענט איינער דער צווייטער ניט נאָר מיט זייער אָפּשטאַם, גלויבען און טראַדיציעס, נאָר אָפּטמאָל אויך דורך זייער סאָציאַלער לאַגע און פּאָליטישע אָנשויאונגען; דאָס וואָלט געשפּייזט די העצע צווישען דעם אוקראַינישען פּויערטום, וואָס וואָלט אין דעם ריין־אידישען לעגיאָן געזעהן אַן אַל־אידישען אחדות־בונד, באַשאַפען צו פאַרניכטען אַלע קריסטען. בכל אופן וואָלט עס די אַנטי־אידישע פּאָזיציע זעהר פאַרשטאַרקט.

אַזוי האָט זיך דאָס אוקראַינישע אידענטום מיט כל'ערליי מיטלען געפּרואווט צו פאַרטיידיגען זיין לעבען און ערע, זיך געווערט געגען דעם פיינד, וואָס האָט הונדערטער מאָל איבערגעשטיגען אים אין צאָל און קראַפט, געגען אַ רעגולערער דיסציפּלינירטער, גוט־באַוואָפענטער אַרמיי. פון דער אוקראַינישער ליידען־געשיכטע, פון צווישען די ימים בלוט און טרערען, שיינט אונז צו כאָטש דער קליינער טרייסט, — אויב מען קען דאָ בכלל רעדען וועגען אַ טרייסט, — דער טרייסט, אַז געשטאָרבען זיינען זיי ווי העלדען־מאַרטירער.

## ב) די באַציהונג צו די אידישע פּאָגראָמען פון איינ־צעלנע גרופּען צווישען דער קריסטליכער באַפעלקערונג

מען קאָן זיך בכלל ניט פאָרשטעלען, אז גאנץ אוקראינע האָט זיך צעטיילט אויף צוויי פיינדליכע לאגערען, א אידישען און קריסטליכען, און אז דאָס אוקראינישע אידענטום האָט געהאט געגען זיך דאָס גאנצע קריסטענטום. ווען די לאגע וואָלט טאקע געווען אזא, וואָלט פון גאנצען אוקראינישען אידענטום ניט גע־בליבען אפילו קיין זכר. דאָס אידענטום איז אין זיין נעראנגעל פאר'ן לעבען ניט געווען איינזאם און פון אלעמען פארהאסט און פארלאָזען, אליין צווישען דעם אימהדיגען שטורם. פיל עלע־מענטען פון דער קריסטליכער באפעלקערונג האָט ער געהאט אויף זיין צד. פיל זיינען אויך אקטיוו ארויסגעטראָטען אים צו פאר־טיידיגען, ווי אין דעם ערשטען פּאָגראָם־פּעריאָד, אזוי אויך בעת די מיליטערישע פּאָגראָמען פון פּעטליורא, פון דער „באטקאָוו־שטשינע" און אויך פון דעניקינען.

די שטימונג פון פויערטום איז די גאנצע צייט געווען א וואקלענדע. דער איבערגאנג פון אידען־פיינדליכער שטימונג צו אקטיווער פּאָגראָם־טעטיגקייט איז פאר א גאנצען גרויסען טייל פון פויערטום געווען ניט קיין פשוט'ער און לייכטער. די טיפע וואָרצלען, וואָס דער פרידליכער, גוט־שכנות'דיגער צוזאמענלעבען האָט פארפעסטיגט, איז ניט גרינג געווען ארויסצורייסען אפילו דעם שטורם פון בירגער־קריג.

די וואַקלענדיגע שטימונג פון פּויערטום דריקט זיך אויס, למשל, אין דעם פאַקט, וואָס מאַכנאָס מחנות מאַכען דאָ אליין פּאָגראָמען, דאָ באַרעכטיגען זיי גריגאָריעווס דערמאָרדונג דורך זייער „באַטקאַ“ דערמיט, וואָס „גריגאָריעוו האָט „קאָנטר־רעוואָלוציאָנער“ אָרגאַניזירט אידישע פּאָגראָמען.“ די פראַגע, צי זאָל מען מאַכען אַ פּאָגראָם אָדער ניט, אָדער פּאָרטזעצען דעם אָנגעהויבענעם, ווערט אַרומגעקלערט, אָפטמאָל דיסקוטירט מען גאַנץ לאַנג וועגען דעם, און מען באַטראַכט עס אַלזייטיג . . .

ווען מאַכנאָס באַנדעס האָבען צום ערשטען מאָל פאַרנומען יעקאַטערינאָסלאַוו (נאָוועמבער 1918), איז אויפ'ן מיטינג, וואָס איז גערופען געוואָרען אין שטאַב פון אייניגע פאַראַנטוואָרטליכע אָנפירער פון פּאַרטיזאַנער־טיילען, אין משך כמעט פון אַ האַלבען מעת־לעת באַהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע: צי זאָל מען מאַכען אַ אידישען פּאָגראָם אָדער ניט. מען האָט אַליז דערביי גענומען אין אכט, יעדען „פּאַר“ און „געגען“ אָפּגעוואויגען.

די פּויערים פלעגען אָפטמאָל אונטערשיידען צווישען „אייגענע אידען“, וועלכע זיי קענען שוין אַזוי לאַנג, ווי ערליכע מענשען, בעלי־מלאכות און סוחרים, און יענע פרעמדע אידען, וועלכע זיינען, נאָך זיי נאָך, געקומען אהער איינצופירען די שרעקליכע קאָמונע.

בולט טרעט אָט די באַציהונג אַרויס אין שטעטעל אושאָמיר, קאַראַסטענער קרייז. דאָרט פאָרען זיך צונויף די פּויערים פון דער גאַנצער פּאַראַפיע, אַלע באַוואָפענטע. זיי זיינען געקומען אין אַזאַ גרויסער צאָל, אַז זיי האָבען פול געמאַכט דאָס גאַנצע שטעטעל און דעם דערביי־ליגענדען דאָרף. די אידען, צעשראָקענע, דערציטערטע, הויבען אָן זיך באַהאַלטען, נאָר די פּויערים באַרוהיגען זיי, אַז צו זיי האָבען זיי גאָרניט, זיי האָבען נאָר אין זין „איסקאָראַסטען“, וואו עס האָט זיך פאַרזעצט די „קאָמונע“, און אַז זיי האָבען באַשלאָסען זיך אָפּצורעכענען מיט די קאַראַסטענער אידען. די אושאָמירער אידען האָבען זיי געבעטען ערלויבניש מיט זיי זיך צו באַהעפטען. האָבען די פּויערים פאַרשריבען און אַרויסגעגעבען זיי עפּעס אַזעלכע „צייגניסען“ מיט אַ שטעמפּעל, פאַר 10 רובעל יעדערע. אויף אַזאַ אָרט האָבען זיי ווי צוגעצויגען די אושאָמינער אידען צו זייער באַוועגונג.

די אַלטע פּויערים האָבען דערציילט די אידען, אַז מען צווינגט

זיי בכלל צו דעם. די פויערים האָבען ניט נאָר קיין אידען קיין שלעכטס ניט געטאָן, זיי האָבען אפילו קיין זאַך ביי זיי ניט גע־נומען, און פאר דאָס גענומענע האָבען זיי געצאָלט. . . .

אָבער די פויערים האָבען זיך דערמיט ניט באַגרענצט, — זיי האָבען אין דערזעלבער צייט אויך אקטיוו פארטיידיגט די אידען פון באנדיטען. אין שטעטעל באווייזט זיך די פאָדערשטע אָפּטיי־לונג פון סאָקאָלאָווס באנדעס, — 5 באוואָפענטע רייטער, וועלכע האָבען אויפ'ן מארק־פּלאַץ אָנגעהויבען שלאָגען יעדען אָנגעטראָ־פענעם אידען. די רייטער האָבען צוגעצויגען אלעמענס אויפמערק־זאמקייט מיט זייער ווילדען חיה'שען אויסזעהן. ווען אויפ'ן מארק־פּלאַץ האָט זיך אויפגעהויבען א טומעל, זיינען געקומען צולויפען די אָרטיגע קריסטען און געפרעגט די רייטער, נאָך וואָס זיי זיינען אהער געקומען. די רייטער האָבען געזאָגט, אז זיי זיינען גע־קומען זיך „אָפּפּארטיגען" מיט די אידען. די פויערים האָבען זיי דאַן געמעלדעט, אז זיי זאָלען ניט וואגען דאָס צו טאָן, ווייל די אושאָמירער אידען געהען איינס מיט די פויערים. און אויב זיי וועלען אָנרירען א אידען, וועלען זיי, די פויערים, זיך מיט זיי אָפּרעכענען. די רייטער האָבען אָנגעהויבען זיך ארויסצודרייען, צוריקגעצויגען זייערע ווערטער און געזאָגט, אז זיי זיינען געקומען גאָר אויספאנגען די גראנאטען, וואָס די פעטליוראָווצעס האָבען ארייגעוואָרפען אין טייך, און זיי זיינען גיך פארשוואונדען.

דער צופאל איז ניט קיין איינצעלנער.

אין אנדערע ערטער, פארקערט, נעמט די אָרטיגע באפעלקע־רונג א שטארקען אנטייל אין די פּאָגראָמען. דערהויפּט איז עס צו מערקען אין די גרעסערע שטעט, וואו דאָס שווארץ־מאה'דיגע דרום'דיגע שטעטישע קליינבירגערטום און באאמטענטום האָבען אלעמאָל זיך אויסגעצייכענט מיט אנטיסעמיטיזם.

אין טשערקאַס, אומאַן, זלאטאָפּאָל און אנדערע ערטער שפּילט די אָרטיגע באפעלקערונג א באדייטענדע ראָלע אין פּאָגראָם, דער־הויפּט אין טשערקאַס, וואו, ווי מיר האָבען שוין דערציילט, די אָרטיגע באפעלקערונג דער'הרג'עט אכזריות'דיג די אידישע אנטייל־נעמער פון לינקען פליגעל.

אין אומאַן איז צו באמערקען די זעלבע ערשיינונג. אויפ'ן דריטען טאָג פון דער שחיטה, אונטער דער אָנפירונג פון די פּראַ־

וואָסלאַוונע גייסטליכע, ציט זיך איבער'ן שטאָט א רעליגיעזע פּראָ־צעסיע מיט די הייליגע בילדער, און פּאַראויס די מתפּללים פּירט מען פאַרביי די נאָך פרישע, ניט אָפּגעקילטע טויטע קערפּער פון די דערשאָסענע און געקוילעטע אידען. דאָך האָט אויך אין אומאַן א טייל פון דער קריסטליכער באַפעלקערונג זיך ארויסגע־זאָגט געגען פּאָגראָם. אין דער צייט פון פּאָגראָם האָבען די אויפ־שטאַנדיגע בונטארען צונויפגערופען א פּויערים־צוזאַמענפאָר. אויפ'ן צוזאַמענפאָר האַלטען פיל אוקראַינער רעדעס געגען פּאָגראָם און פאַרטיידיגען די אידען. דער צוזאַמענפאָר האָט אויך אָנגענומען און אויסגעהערט א אידישע דעלעגאַציע, וואָס איז געקומען צו אים. אונטער דעם איינפלוס פון די רעדעס זאָגט זיך דער צוזאַמענפאָר ארויס געגען פּאָגראָם און באַציט זיך פיינדליך צו די שטאָטישע קליינבירגער, באַאמטע און פּאָפּעס, אויף וועלכע, נאָך דער מיינונג פון אָראַטאָרען אויפ'ן צוזאַמענפאָר, עס פאַלט די גאַנצע שולד אין ארויסרופען דעם פּאָגראָם. דאָס פּויערטום האָט נאָך זייער מיינונג קיין שום אנטייל ניט גענומען אין פּאָגראָם און אין דער שחיטה און איז אין איינצעלנע פאַלען אריינגעצויגען געוואָרען, א דאַנק דער פּראָוואָקאַטאָרישער אַגיטאַציע פון די שטאָטישע שוואַרץ־מאה'ניקעס.

אויב אפילו די רעדנער האָבען פאַרקלענערט די ראָלע פון די אויפשטאַנדיגע פּויערים אין פּאָגראָם, באַווייזט עס אָבער, בלי שום ספק, אז דאָס פּויערטום בכלל און זייער רוב זיינען געווען געגען דעם פּאָגראָם אין אומאַן.

אין שטעטעל דובאָווע, קיעווער גובערניע, אויף א באַ־ראַטונג ביים אטאַמאַן פון דער באַנדע, האָבען פיל פּויערים זיך ארויסגעזאָגט, אז זיי האָבען צו די אידען גאָרניט, ווייל זיי האָבען פון זיי ניט געזעהן קיין עולות. דערביי איז אנוועזענד געווען א אידישע דעלעגאַציע.

אין טשערקאַס האָט א גרופּע אָרטיגע געזעלשאַפטליכע טוער, וואָס איז אין רוב סאַשטאַנען פון געוועזענע מיטגלידער פון שטאָט־פאַרוואַלטונג, זיך געפּרואווט אין אָנהייב פון פּאָגראָם (דעם 17־טען מאַי) צו אָרגאַניזירען א דעלעגאַציע אויפ'ן וואָקזאַל אין שטאַב פון גריגאָריעווס ארמיי, און צו איבערצייגען דעם שטאַב, ער זאָל אָפּרופען די סאָלדאַטען און זאָל אָפּשטעלען די

הריגות און רויבערייען; נאָר צוליב דער שטאַרקער שיסעריי, וואָס האָט זיך באַלד אויפגעהויבען, גיט זיך זיי דאָס ניט איין.

דעם 18־טען מאַי איז די דעלעגאַציע אין א דראָזשקע פון „גיכער הילף״ אָנגעקומען אין שטאַב, נאָר זי האָט זיך צו קיין טאָלק ניט געקאָנט דערשלאָגען (איינער פון גריגאָריעווס אָפּי־צירען האָט דערקלערט דער דעלעגאַציע, אַז די קריסטליכע באַ־פעלקערונג האָט זיך ניט וואָס צו באַאומרוהיגען, ווייל מען ראַ־בירט און מען דער׳הרג׳עט נאָר אידען).

אין דעם זעלבען טאָג ווערט גערופען אין הויף פון שטאָט־פּאַרוואַלטונג א באַראַטונג פון די איינוואוינער. עס ווערט אויס־געקליבען אַן איניציאַטיוו גרופּע, וועלכע זאָל פּועל׳ן אין שטאַב, אַז מען זאָל אַרויסגעבען א באַפעל וועגען אויפהערען די ווילקיר־ליכע הויז־זוכונגען, רויבערייען, צעשיסונגען, וועגען א קאָנטראָל איבער די סאָלדאַטען, וואָס בלאָנקען זיך אַרום איבער׳ן שטאָט. דעם אויסגעקליבענעם אויף דער צווייטער אַלגעמיינער פאַרזאַמ־לונג קאָמיטעט גיט זיך איין אין צוויי זעהר ערנסטע פאַלען, — וואָס האָבען געדראָט מיט א זיכערען טויט א גרויסער צאָל אידען, — צו ראַטעווען די לאַגע און אויפצוקלערען דעם שטאַב, אַז מצד די אידען איז קיין שולד ניט געווען. חוץ דער דעלעגאַציע פון דער באַפעלקערונג, איז אין גריגאָריעווס שטאַב געווען אויך א דעלעגאַציע פון די אייזענבאַנער, וועלכע האָט פּראָטעסטירט נעגען די הריגות און צעשיסונגען.

אין קרעמענטשוג, בעת דעם פּאָגראָם פון 12־14 מאַי, וואָס די גריגאָריעווצעס האָבען געמאַכט, האָט זיך תיכף געבילדעט א קאָמיטעט פון געזעלשאַפטליכער זיכערהייט. דער קאָמיטעט האָט פאָרמירט אַן אָטריאַד פון רוסישע ארבייטער, און אים האָט זיך איינגעגעבען באַלד אָפּצושטעלען דעם פּאָגראָם.

אין יעליסאַוועטגראַד, ווי מיר האָבען שוין גע־זעהן, האָט די קריסטליכע שטאָט־וואַך, אָרגאַניזירט פון דעם פּראָ־פעסיאָנעלען פאַראיין פון די מעטאַל־ארבייטער צוזאַמען מיט די אנטיילנעמער פון פּויערים־צוזאַמענפאָר, זיך אַרויסגעוויזען פאַר ניט געניגענד אָפּצושטעלען דעם פּאָגראָם. די סאָלדאַטען, מאַט־ראָזען, ווי אויך דער שטאָטישער המון, זיך איבערצייגענדיג, אַז די וואַך איז ניט לויט דער פאַראָרדענונג פון שטאַב, נאָר א פּריוו־

ווילִיגע, האָבען זיך נאָך מיט אַ גרעסערען פלייס גענומען פאַר זייער הענקער־מלאכה . . . דאַן האָט דער מעטאַליסטען־פאַראיין, ווי אויך דער פויערים־צוזאַמענפאָר, זיך געווענדעט צו דעם פראָנט־קאָמאַנדיר מיט אַ ביטע אָפּצושטעלען די גרויזאַמע ווילדע מעשים. צוויי מאָל האָבען זיי זיך שוין ווענען דעם געהאַט געווענדעט אין שטאַב, נאָר אומזיסט, מען האָט זיי ניט געוואָלט הערען אפילו. ערשט צום דריטען מאָל האָט מען זייער בקשה דערפילט.

נאָך אין אָווענט פון דעם זעלבען טאָג איז פאַנאַנדערגעקלעפּט געוואָרען אַ מעלדונג, דאַטירט דעם 17־טען מאַי, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען מיט פאָלגענדע ווערטער: „איך האָב זיך צוגעהערט צו דער שטים פון די ארבייטער און פויערים פאָרשטעהער און האָב באַשלאָסען תיכף ומיד אָפּצושטעלען די צעגראָמירונג פון דעם לעבען פון די ארבייטענדע.“ דער שוידערליכער פּאָגראָם האָט אויפגעהערט.

אין די פּאָגראָמען פּרואווען זיך אריינמישען איינצעלנע פאָר־שטעהער פון דער קריסטילכער אינטעליגענץ.

אין נ אָ װ אָ מ י ר ג אָ ר אָ ד, בעת די גרויליגע הכנות פון די באַנדיטען צום פּאָגראָם (זיי האָבען געגראָבען קברים פאַר די באַלדיגע קרבנות, וואָס האָבען זיך באהאַלטען אין לעבער און, האָפּנונגסלאָזע, דערוואַרט דעם אומפאַרמיידליכען טויט), איז דער אָרטיגער פּאָפּ (גייסטליכער) אוועק מיט אַ רעליגיעזער קרייץ־פּראָ־צעסיע צו די מערדער, זיי בעטענדיג און קליאַנטשענדיג ניט צו טייטען און ניט צו ראַבירען, נאָר אומזיסט: די גראָמירער האָבען זיך נים צוגעהערט צו זיין געבעט. כדי צו פאַרקלענערען די צאָל פון די אידישע קרבנות, האָט דער וואָלאָסט־קאָמיטעט ארעסטירט אַ גרויסע צאָל אידען מיט זייערע משפחות (ביז 1300 מאַן) און האָט זיי אָפּגעהאַלטען 8 טעג אונטער ארעסט; דאָס האָט זיי געראַטעוועט פון אַ זיכערען טויט.

אין מ אַ ט ו ס אָ ו, קיעווער גובערניע, האָט דער פּאָגראָם זיך אָנגעהויבען נאָך דער שוואַרץ־מאַה'דיגער פּראָפּאַגאַנדע פון דער אָרטיגער אינטעליגענץ אונטער'ן לאָזונג: „זשידעס, ווי לאַנג וועט איר נאָך הערשען איבער אונז!“

אויף דער דאָרפישער פאָלקס־פאַרזאַמלונג האָט מען באהאַנ־דעלט און ארומגעקלערט די פראַגע וועגען פּאָרטזועצען דעם פּאָג־

ראָם. צוויי לערער זיינען ענערגיש ארויסגעטראָטען צו באַשיצען די אידען, דערווייזענדיג, אַז די אידישע מאכט איז שוין איצט באַזייטיגט, עס זיינען איבערגעבליבען נאָר די אומגליקליכע און הילפלאָזע. פון אָנפאנג האָט מען זיי אפילו ניט געלאָזט רעדען. זייערע אייגענע קאָלעגען־לערער זיינען אָנגעפאַלען אויף זיי און זיי שטארק געדראָט; אָבער די פויערים האָבען זיך ווי אויסגע־ניכטערט נאָך די רייד פון די צוויי לערער, האָבען זיי געפאָלגט, און דעם פאָגראָם האָט מען אָפּגעשטעלט.

דאָס אריינמישען זיך פאר די אידען פון פאָרשטעהער פון דער קריסטליכער באַפעלקערונג פירט צום אָפּשטעלען דעם פאָג־ראָם, אָפטמאָל אפילו דאַן, ווען ער ווערט אָרגאניזירט פון א דיס־ציפּלינירטער מיליטער־אָפּטיילונג, טראָץ דעם ווילען פון די מילי־טערישע אָנפירער, וועלכע זיינען געווען איינגעגלויבט אין זייער מיליטער.

אזוי איז געווען דער פאַל אין פ ר אָ ס ק ו ר אָ ו ו. די ווענ־דונג פון א גרופּע שטאָטראַט־מיטגלידער צום קאָמאַנדאַנט מיט דער ביטע אָפּצושטעלען דעם פאָגראָם האָט קיין רעזולטאַטען ניט געבראַכט. עס ווערט צונויפגערופען א זיצונג פון דעם שטאָט־ראַט (אויף וועלכע עס האָט געהאַט די מעגליכקייט צו קומען נאָר איין ראַט־מאַן). דאָרט זיינען אַנוועזענד אויך די, וואָס האָבען ארויסגערופען דעם פאָגראָם, די אינטעליגענטען סאַמאָסענקאָ און קיווערטשוק. סאַמאָסענקאָ דערקלערט, אַז אַלץ, וואָס איז פאָר־געקומען, איז נאָר די שולד פון די אידען אליין, ווייל זיי זיינען אַלע באָלשעוויקעס און האָבען געפּלאַנט אויסצושלאַכטען די האַי־דאַמאַקעס און די איבעריגע קאָזאַקען. ער וועט ווייטער אויך אזוי האַנדלען בנוגע אידען, ווייל ער האַלט עס פאר זיין הייליג־סטען חוב. אין אַזאַ אָרט האָט זיך ארויסגעזאָגט אויך קי־ווערטשוק.

זיי דערווידערט דער ראַט־מאַן ו ו ע ר כ אָ ל אַ. ער ווענדט זיך צום שטאָט־ראַט מיט א גרויסער רעדע, אין וועלכער ער דער־ווייזט, אַז אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּראָסקוראָוו, איז אַן אייביגער שאַנד־פלעק פאר אוקראַינע. רעדענדיג וועגען די פאר־גאַנגענע פאַרדינסטען פון די קאָזאַקען, ווייזט ער אויף, אַז אין דעם פאַל האָט סאַמאָסענקאָ אָנגעטאָן אין קאָזאַקען־בגדים מערדער,

און ער איז אַליין געוואָרען אַ רויבער־אַטאַמאַן. זיך ווענדענדיג צו סאַמאָסענקאָ, רופט ער אויס: „איר קעמפט קעגען די באָלשעוויקעס, זיינען אָבער די זקנים און די עופה׳לעך, וועלכע אייערע האַידאַמאַקעס קוילענען אויס, באָלשעוויקעס? איר פאַרזיכערט, אַז נאָר די אידען פאַרמאָגען באָלשעוויקעס, נאָר צי דען ווייסט איר ניט, אַז עס געפינען זיך אַ סך באָלשעוויקעס צווישען אַנדערע פעלקער, ווי אויך צווישען די אוקראַינער?"

נאָך דער זיצונג פון שטאָט־ראַט האָט די מאַסען־שחיטה אויפגעהערט, לויט אַ באַפעל פון סאַמאָסענקאָ, כאָטש, ווי מען האָט פריער געהאַט באַשטימט, האָט די שחיטה געדאַרפט דויערען גאַנץ 3 טעג. איינצעלנע הריגות פון אידען זיינען דאָך פאָרגעקומען אין אַ גאַנץ באַדייטענדער צאָל. אַ דאַנק די באַמיהונגען פון ווערכאָלאַ, וועלכער האָט פאַקטיש געראַטעוועט די פּראָסקוראָווער אידען פון אַ פולקאָמער פאַרניכטונג, איז סאַמאָסענקאָ אָפּגערופען געוואָרען פון פּראָסקוראָוו צום פראָנט.

אויף דער פּערזענליכקייט פון ווערכאָלאַ, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין לעבען פון די פּראָסקוראָווער אידען, איז ווערט זיך אָפּצושטעלען אויספירליכער.

„ווערכאָלאַ שטאַמט פון אָרימען פּאָלק און איז אַן אויטאָדידאַקט. ער האָט געענדיגט אַ מיליטער־שול, איז אַ לאַנגע צייט לערער אין פאָלקס־שולען, הערט לעקציעס אין אוניווערזיטעט. נאָך זיינע איבערצייגונגען איז ער אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט און אוקראַינישער פּאַטריאָט. נאָך ביי דער ערשטער ראַדע איז ער ראַט־מאַן פון שטאָט־דומע און פאָרזיצענדער פון דער זעמסקער זעלבסטפאַרוואַלטונג. צוויי מאָל האָט ער אויך פאַרנומען די שטעל פון פּראָסקוראָווער קאָמיסאַר. ווען ס׳איז פאָרגעקומען די איבערקערעניש לטובת דעם העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי, האָט ווערכאָלאַ עס פאַררעכענט פאַר אַ רעסטאַווירונג פון דער רעאַקציע און האָט ניט געהאַלטען פאַר מעגליך פאָרטצוזעצען זיין געזעלשאַפטליכע און אַדמיניסטראַטיווע טעטיגקייט. ער זאָגט זיך אָפּ פון זיינע געזעלשאַפטליכע שטעלען און געהט אַוועק צום פּריוואַט־לעבען.

„ווערכאָלאַ איז געווען זעהר פּאָפּולער צווישען דער באַפעלקערונג בכלל און דעם אידענטום בפרט. ווען ס׳האָבען זיך אָנגעהויבען די פויערים־בונטען געגען העטמאַן, האָט די עסטרייכישע

מאַכט אַרעסטירט ווערכאָלאַן, אים באַשולדיגענדיג אין אָרגאַני־זירען דעם אויפשטאַנד. מען האָט אים אָפּגעפירט קיין טאַרנאָ־פּאָל, וואו ער איז אָפּגעזעסען צוויי חדשים און איז אַנטלאָפען, ווען מען האָט אים געפירט צום משפט. ער האָט די גאַנצע צייט זיך אויסבאַהאַלטען. אין פּראָסקוראָוו האָט ער זיך צוריקגעקערט צוויי טעג פאַר'ן פּאָגראָם. ווען דער פּאָגראָם האָט אויסגעבראָכען, האָט זיך ווערכאָלאַ אָפּגעגעבען אינגאַנצען דער ארבייט אָפּצו־האַלטען די שחיטה, שטעלענדיג אין ריזיקע זיין אייגען לעבען. סאַמאָסענקאָ האָט שוין געהאַט אָפּגעגעבען אַ באַפעל „אוועקצו־שיקען ווערכאָלאַן אויפן וואָקזאַל „צום משפט", ד. ה. צום דער־שיסען. נאָך די מעלדונג פון די מיטגלידער פון אוקראַינישען נאַציאָנאַלען פאַרבאַנד, אַז דאָס וועט אַרויסרופען די שווערסטע נקמה מצד פילע אוקראַינישע אָרגאַניזאַציעס, צווישען וועלכע ער איז פּאָפּולער, — האָט געראַטעוועט ווערכאָלאַן פון אַ זיכערען טויט." (פון א. א. הילערסאָנס באַריכט.)

אזוי זעהען מיר, ווי די בעסטע עלעמענטען פון דער אוקראַי־נישער קריסטליכער באַפעלקערונג, ווי פון דער אינטעליגענץ, אזוי אויך פון די ארבייטענדע מאַסען, פאַרטיידיגען און באַשיצען די אידען, אָפטמאָל ריזיקירענדיג מיט'ן אייגענעם לעבען. ניט אומ־זיסט איז פול מיט שנאה און גאַל דער ארטיקעל פון וו. שולגין, וועלכען מיר ברענגען אויף אַן אַנדער אָרט, געגען דער ליגע צו באַקעמפען דעם אַנטיסעמיטיזם, וועלכע ליגע האָט פאַרשפּרייט איר טעטיגקייט איבער'ן גאַנצען שטח פון אוקראַינע, און וועלכע האָט צונויפגעזאַמעלט ארום זיך די בעסטע עלעמענטען פון דער רוסיש־אוקראַינישער אינטעליגענץ. דאָ זעהען מיר איינע נעבען די אַנדערע גייסטליכע, פּראָפעסאָרען, פאָלקס־לערער, מענשען מיט פרייע פּראָפעסיעס און פאָרשטעהער פון די ארבייטענדע מאַסען. די פאַרטיידיגונג און דאָס איינשטעלען זיך פון די קריסטליכע עלעמענטען האָט אַן אַנדערשמאָל אָפּגעשטעלט די שחיטה און אַן אַנדערשמאָל קיינע קאָנקרעטע ממשות'דיגע נוצען ניט געבראַכט, אָבער אומעטום און שטענדיג האָט עס געהאַט אַ גרויסע מאָ־ראַלע ווירקונג אויפ'ן אידענטום, וואָס האָט זיך געזעהן ניט איינ־זאַם אין זיין טויט־שרעק פאַר דער אָנלויפענדער ווישיגער פּאָג־ראָם־כוואַליע. דאָס אידענטום האָט געזעהן ניט נאָר אַ טרייסט

אין זיינע ליידען, נאָר האָט אויך געשעפּט פון דעם מוט צום ווידערשטאַנד. און אין די טיפענישען פון דער נשמה האָט אויפ־געשיינט אַ פונק פון גלויבען אין מענשען און פון האָפנונג אויף אַ בעסערער צוקונפט.

.7

# אַ בילד פון פּאָגראָמען. איינצעלנע עפּיזאָדען

טראַכטען מיר זיך אַריין אין דער שרעקליכער, גרוויזאַמער טראַגעדיע פון דער אוקראַינער אידען־שחיטה און ווילען אויפ־דעקען אירע שולדיגע, אויסגעפינען איר מקור און אירע וואָרצ־לען, — עפענט זיך דאַן פאַר אונז אַזאַ אָפּגרונד פון ווילדען קאָשמאַר, גרויל און שרעק, אַז אין דער מענשליכער שפּראַך פעלען גאָר ווערטער און אויסדרוקען איבערצוגעבען דעם גאַנצען ענד־לאָזען, שטומען יאוש, אומבאַהאָלפענקייט און האָפנונגסלאָזיגקייט, דעם ים־טיפען אוממענשליכען פיין, לייד און צער, וואָס דאָס אוקראַינישע אידענטום האָט איבערגעלעבט.

מיר וועלען נעמען איינצעלנע קליינע פּרטים פון דער גרוי־סער טראַגעדיע.

די נאָוואָמירגאָראָדער שחיטה איז אַ סימבאָל פון דער גאַנ־צער טראַגעדיע בכלל, פון איר גאַנצען בילדליך־פאַרקערפּערטען שרעק. די באַוואָפענטע באַנדיטען זיינען אַריינגעקומען אין שטעט־טעל, גרייט צו ראַבירען, טייטען און פאַרגוואַלטיגען . . . די אי־דישע באַפעלקערונג פאַרבאַהאַלט זיך אין טויט־שרעק מיט ווייב און קינד אין די קעלערס, אויף די בוידימער, — אין טעמפּען יאוש, פאַרצווייפלונג און האָפנונגסלאָזיגקייט און, פאַרלייכט, מיט אַ שטומען פאָרוואורף צו גאָט, וואָס דערלאָזט דאָס און קאָן דאָס אַלץ צוזעהן.

די באַנדיטען מאַכען די נייטיגע הכנות: אויף דעם אידישען בית־עלמין גראָבען זיי קברים, גרייטען קאַלך פאַר די, וואָס טרויי־מען נאָך דאָרט אין די לעבער וועגען לעבען, ווענען ליבע, גליק . . .

האָפען . . . ערוואַרטען נסים . . . אָבער דער נס באַווייזט זיך ניט ! פון שטוב צו שטוב געהען די מערדער און פאַרנוואַלטיגען, טייטען, קאַליעטשען . . . נאָך די מערדער ציען זיך וועגען, אויף וועלכע מען לייגט די בר־מנן׳ס, די גוסס׳ע, וואָס געהען אָפּ מיט בלוט פון די וואונדען. די אָנגעפילטע וועגען פירט מען אָפּ צום בית־עלמין, וואו די טויטע מיט די נאָך־לעבעדיגע ווערען צוזאַמען באַגראָבען. די קברים פאַרשיט מען מיט קאַלך, אַזוי אַז פיל פון די בר־מנן׳ס איז אוממעגליך געוועזן צו דערקענען, ווען מ׳האָט די קברים געעפענט.

דער נאָוואָמירגאָראָדער עפּיזאָד איז אַ גוט בילד פון דער טראַגעדיע פון גאַנצען אוקראַינישען אידענטום, וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט איבער פילע שטעטלעך און דערפער אין דער פון גאָט געבענשטער אוקראַינע.

נאָוואָמירגאָראָד איז אַ סימבאָל : דאָס גאַנצע אידענטום האָט געפילט איבער זיך דעם גרייטען שווערד, האָט ווי געשפּירט דעם אָטעם פון דעם געשאַרפטען חלף פון די באַוואָפענטע באַנדעס, פון פעטליוראַס אורחים, פון די רעגולערע אַרמייען, אַטאַמאַנעס, „באַט־קעס״ און אז. וו. און עס האָט געוואוסט די אומ׳ברחמנות׳דיגקייט פון זייער גורל, די אומפאַרמיידליכקייט פון זייער אומקומען, האָט זיך געוואָרפען אין אַלע זייטען, זוכענדיג הילף און רעטונג ; נאָר עס איז ניטאָ פאַר זיין קיין גואל — זיי זיינען פאַר׳משפּט. . . .

דער בייזער גורל פאַרפאָלגט זיי און געפינט זיי אומעטום. אומעטום ערוואַרט זיי אַ קדושים־טויט. . . .

אין ט ש ע ר ק א ס ווערט די שטאָט באָמבאַרדירט פון דרויסען, און אינוויינג געהען מערדער־שייקעס פון שטוב צו שטוב און שלאַכטען אויס אַלע אידען. . . .

„די שטאָט איז אומאויפהערליך באַשאָסען געוואָרען. איבער די הייזער טראָגען זיך און פּלאַצען אויף גראַנאַטען, און נאָר ביינאַכט פאַרשווייגט די קאַנאָנען־שיסעריי אויף עטליכע שעה. די אויגען דאַרפען זיך אויסבאַהאַלטען אי פון דער שיסעריי, אי פון די מערדער, און זיי וואַנדערען צילאָז פון בוידעם אין קעלער און פון די קעלערס אויף די בוידימער. נאָך ביז איצט, אַז איך שליס אויף אַ רגע צו די אויגען, זעה איך זיי אומלויפען וואַנזיניג, ווי אַן איבערגעשראָקענע עדה שעפסען, מיט אַ פאַרגליווערטען

שטאַרען משוגעים־בליק . . . מענער, פרויען, קינדער, וואָס ווייסען ניט וואו זיך צו פאַרשטעקען, וואו עס איז בעסער, וואו זיכערער . . . זיי האָבען זיך נאָר וואָס צוריקגעקערט אויפ'ן בוידעם, הייבט זיך אָן די שיסערייי . . . עס וואַרפט אָן אַזאַ מורא דאָס פייפען פון די קוילען . . . עס איז אַזוי אומהיימליך זייער ברומען . . . לויפט מען צוריק אין שטיקענדען, פינסטערען קעלער. דאָרט איז נאָך שרעקליכער . . . דער חושך פרעסט און דריקט. דער מות קערט זיך פון דעם געשריי און יאָמער פון די קינדער . . . די שיסערייי הערט אויף . . . אַלע רייסען זיך אַרויס פון קעלער און ווידער אויפ'ן בוידעם . . . און דאָס דויערט דריי לאַנגע, לאַנגע טעג און נעכט . . . און נאָכדעם . . . נאָכדעם דער אָנזעהן פון דערמאָרדעטע, וואָס וואַלגערען זיך אין די גאַסען, צעקריפּעלטע, טויטע קערפּער, לוזשעס בלוט . . . נאָכדעם פאַנאַנדערגעגראָבענע ברידער־קברים, דאָס דערקענען פון די אייגענע נאָענטסטע און ליבסטע נאָך די קנעפּלעך פון די בגדים, — אַזוי צעפּליקט, צעריסען און צעקוועלט זיינען די טויטע קערפּערס . . . די לויה, און אַ יאָמער און געוויין, אַן אומאויפהערליכער קלאָג און געוויין פון אַ גאַנצער גרויסער שטאָט. . . . (פון דעם עדות־זאָגען פון פאָלקס־לערער קלינגער.)

אין ר א ט מ י ס ט ר אָ ו ו ק ע האָט מען די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג צונויפגעטריבען אין בית־המדרש, און 1200 מאַן, מענער, פרויען און קינדער, צונויפגעדריקטע אין איין הויפען, הונגעריגע, דאָרשטיגע, האָבען איבערגעלעבט לאַנגע פיינליכע שעה'ן פון ערוואַרטען דעם טויט. די פּאָגראָמשטשיקעס האָבען שוין געהאַלטען גרייט אַ באָמבע אויפצורייסען די שול, און ממש מיט אַ נס האָבען די אידען געראַטעוועט זייער לעבען, זיך אָפּקויפענדיג מיט געלט. (פון די צונויפגעקליבענע מאַטעריאַלען פון דעם באַפולמעכטיגטען ציפּראַנאָוויטש.)

אין א ו מ א ן געהט אָן אַ ווילדע, גרוילהאַפטע שחיטה. מען קוילעט אויס גאַנצע פאַמיליעס, גרויזאַם פייניגענדיג און קוועלענדיג. מען שאָנעוועט ניט קיין זקנים און קיין עופה'לעך. פרויען ווערען פאַרגוואַלטיגט. דאָס געשעהט אין איין העלפט שטוב, אין דערזעלבער צייט, ווען אין דער שכנות'דיגער, אַנטקעגען איבער, פאַרזיכערענדיג זיך מיט אויף די ווענט אויסגעקלעפּטע צלמים

און אין די פענסטער אויסגעשטעלטע הייליגע בילדער, — לעבען זיך די קריסטליכע שכנים רוהיג, טוען זייער טאָג־טעגליכע ארבייט זיכער, ווי קיין זאך וואָלט ניט פאַסירט. עס האָט זיך גענדיגט דער פּאָגראָם, און לויט א באַפעל פון אטאַמאַן קלימענקאָ טרייבען די פּארטיזאַנער צונויף די ביים לעבען איבערגעבליבענע אידען און צווינגען זיי צוזאַמענצוקלייבען פון די הייזער און די גאַסען די בר־מנן'ס, וועלכע ווערען צונויפגעוואָרפען אין וועגען, אוועק־געפירט אויפ'ן בית־עלמין, וואו מען איז זיי מקבר צוזאַמען אין דריי גרויסע גריבער. קיין באַזונדערע קברים דערלויבט מען ניט צו גראָבען, מען איילט זיך וואָס גיכער אָפּצו'פּטר'ן. ווען די צו־נויפגעטריבענע אידען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען די פאָטערס, מוטערס, ווייבער, ברידער, שוועסטער און קינדער פון די דערמאָרדעטע, האָבען וויינענדיג געגראָבען די קברים, — האָבען די „פּאָווסטאַנצעס“ אויף כל'ערליי אופנים חוזק געמאַכט פון זיי און זיי אויסגעלאַכט, זיי שפּאָטיש נאָכגעקרימט און די וויינענדע ווייבער געדראָט ניט געוועהר . . . די צופעליג נעבען בית־עלמין פאַרביימאַרשירענדע מיליטער־טיילען פון די „פּאָווסטאַנצעס“, דערזעהענדיג די לויה, האָבען אויף להכעים געזונגען פרייליכע לידער. (פונ'ם פּראָטאָקאָל פון דער באַראַטונג פון די געזעל־שאַפטליכע טוער אין אומאַן.)

די טיפּסטע מאָראַלישע געזונקענקייט, די נידריגסטע חיה'שע אינסטינקטען, די ווילדסטע, שענדליכסטע סאַדיסטישע ערשיינונ־גען איז דאָ צו באַגעגענען אויף שריט און טריט. אַלץ, וואָס איז מענשליך, איז פרעמד די מערדער. עס ווילדעווען פריינגעוואָרענע בלוטדורשטיגע חיות. און אָט אין דער פאַרפּעסטעטער אַטמאָ־ספערע זיינען אריינגעצויגען געוואָרען אויך די ניט־דערוואַקסענע יוגענט און אפילו קינדער.

דער געגענט־באַפולמעכטיגטער פון הילפס־קאָמיטעט טיילט מיט פאָלגענדעס:

דעם 9־טען יוני האָט א פויער געבראַכט אין אומאַנער אידי־שען האָספּיטאַל ד י ל ע צ ט ע צוויי לאַדייזשענסקער אידען (די שטעטעל לאַדייזשענקע האָט געציילט ביז'ן פּאָגראָם 1600 אידי־שע נפשות). דאָס זיינען געווען צוויי נאָך גאָר יונגע מיידלעך.ביידע זיינען זיי געווען שרעקליך צעשלאָגען, צעוואונדעט, צע־

ביסען, איינע מיט אַן אָפּגעהאַקטער נאָז, די צווייטע מיט איבער־געבראָכענע הענט. ביידע געפינען זיך איצט אין קיעוו. חוץ פון די אויסערליכע וואונדען היילען זיי זיך אויך פון אַ ווענערישער קראַנקהייט. . . .

אין ראטמיסטראָווקע האָט מען אין איין שטוב דער־שאָסען אַ פאָטער מיט אַ זון. דעם פאָטער האָט מען נאָך דערצו אויפגעהאַנגען. און דאָס אַלץ האָט מען געטאָן פאַר די אויגען פון דער מוטער און פרוי. זי האָט זיך געבעטען, מען זאָל איר אויך טייטען, נאָר די מערדער האָבען עס ניט געוואָלט, און ווען זי האָט אָנגעהויבען הויך צו יאָמערען, האָבען זיי איר ארויס־געטריבען פון שטוב.

אין דעמזעלבען שטעטעל האָבען די באַנדיטען, נאָכדעם ווי זיי האָבען אַלץ אויסגעראַבירט אין איין שטוב, אויסגעשטעלט די גאַנצע פאַמיליע, וועלכע איז באַשטאַנען פון 4 מענשען (אַ פאָטער פון 65 יאָר, אַ מוטער אין דיזעלבע יאָרען, אַ זון פון 30 און אַ טאָכטער פון 28) צום דערשיסען, און האָבען אָנגעהויבען פון דער טאָכטער, אום זיך נוקם צו זיין אין די עלטערן. אַלע זיינען זיי געטייט געוואָרען, אויסער דעם זון, וואָס האָט זיך געראַטעוועט דורך אַ נס.

אין סלאָוועטשנע האָבען די אויסוואורפען אויפגע־הויבען אויף די פיקעס אַ פיר־יאָריג קינד און אים דערשטאָכען.

אין ראטמיסטראָווקע איז די אָרטיגע רבי'צין גע־לאָפען פון שטאָט צוזאַמען מיט די קינדער. אין וועג האָט מען איר פאַרוואונדעט אין פוס. איר פערצען־יאָריגער אינגעל, דער־זעהענדיג ווי די מוטער געהט אָפּ מיט בלוט, האָט זיך געווענדעט צו די פאַרבייגעהענדע פויערים נאָך הילף. איינער, וואָס האָט זיך ארויסגערופען איר אָפּצוטראָגען אין נאָענטען דאָרף, איז צו־געגאַנגען און מיט אַ פּיקע איר דערשטאָכען. אירע קינדער, דעם פערצען־יאָריגען אינגעל און אַ פינף־יאָריג קינד, האָט ער מיט דער פיקע פאַרוואונדעט.

אין דעמזעלבען שטעטעל איז אַן אַלטע פרוי מיט איר טאָכ־טער און אירע פינף אייניקלעך (פון וועלכע דער עלטסטער איז געוועזען 12 און דער יינגסטער אַ האַלב יאָר אַלט) געלאָפען זיך ערגעץ־וואו אויסבאַהאַלטען. אויפ'ן וועג האָט מען זיי אַלעמען

דער'הרג'עט. צוויי עופה'לעך, איינס 3 יאָר און דאָס צווייטע 1½, האָט מען צעהאַקט די קעפּלעך, דעם איגנסטען, וואָס איז אַלט געווען זעקס חדשים, האָט מען געלאָזען לעבען, און אויף מאָרגען האָט מען אים געפונען אַן אויסגעגאַנגענעם פון הונגער. (די מאַ־טעריאַלען פון באַפולמעכטיגטען ציפּראַנאָוויטש.)

אין אומאַן. אויפ'ן פעלד האָט מען געפונען דערשאָסען 5 אידען. איינער פון זיי, אַן אַלטער, מיט אַ טיף־גראָער באָרד, איז נאָך ניט געווען טויט און האָט זיך לאַנג געמאַטערט גוסס'ענ־דיג. דאָס האָט צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון די קריסט־ליכע קינדער פון דער אומגעבונג, וועלכע האָבען זיך צונויפגע־קליבען און אָנגעהויבען דערשלאָגען אים מיט שטיינער. ניט ווייט פון דאָרטען האָבען די פּאָגראָמשטשיקעס דערשאָסען אַ אידען, און ער איז גלייך געפאַלען טויט. מען האָט אים אָבער דאָך אויפ־געהויבען, צוגעבונדען מיט שטריק שטעהענדיג צו אַ פּלאַנקען, דערנאָך האָט מען פיל געשאָסען אין אים מאַכענדיג זיין קערפּער פאַר אַ ציל צום איבען זיך.

צי קאָן גאָר געבען אַ מאוימ'דיגערע לאַגע, ווי די, ווען אַ מוטער פאַר שרעק און פאַרצווייפלונג טייט איר איינען קינד?!

אין ראַטמיסטראָווקע האָט אַ מוטער מיט עטליכע קינדער, אַנטלויפענדיג פון טויט, זיך באַהאַלטען אין וואַלד. דער־הערט שיסענדיג און מורא האָבענדיג מ'זאָל ניט אַנטדעקען איר באַהעלטעניש צוליב דעם שרייען און וויינען פון איר 11־חדשימ'־דיגען קינד, האָט די מוטער אים דערשטיקט מיט אירע אייגענע הענט.

און צוזאַמען מיט די אַלע גרוילען צייגען זיך פאַר אונז די בעסטע זייטען פון דער מענשליכער נשמה, די צערטליכסטע, ער־האַבענסטע געפילען און רעגונגען. די גרייטקייט צו זעלבסט־אָפּפע־רונג, צו פאַרטיידיגען די נאָענטע מיט'ן אייגענעם קערפּער, איינ־שטעלען פאַר זיי דעם אייגענעם לעבען, דער אויפריכטיגער פאַר־לאַנג צוזאַמען מיט די אייגענע, ליבע און נאָענטע צו פאַרלאָזען דעם עמק הבכא, דעם תהו ובהו, דעם אייביגען צער און פּיין.

אין טשערקאַס זיינען געווען עטליכע פאַלען, ווען קריסט־ליכע הויז־דינער האָבען מיט זייער אייגענעם לייב פאַרטיידיגט זיי־

ערע בעלי־בתים. איינע איז טאקע אומגעקומען צוזאמען מיט זיי. (דאָס עדות־זאָגען פון קלינגער.)

אין אומאן האָבען די מערדער דער'הרג'עט דעם פאָטער און מאַן פון אַ פרוי, וואָס האָט מיט איר קערפער געוואָלט זיי פארשטעלען. זי איז דערביי אליין פארוואונדעט געוואָרען מיט אַ קויל אין ברוסט. די פרוי איז געוועזן שוואנגער און אויפ'ן צווייטען טאָג האָט זי געבאָרען אַ אינגעל אין דעם זעלבען הויז, אין דעם זעלבען צימער, וואו אויפ'ן פאָדלאָגע זיינען געלעגען 3 קערפער פון דערמאָרדעטע, צווישען זיי איר מאַן און פאָטער.

דאָרטען, אין אומאַן, האָט אַ יונגע, מעוברת'ע פרוי (זשוראוו־סקי־קושניר) זיך געוואָרפען ראטעווען איר מאַן און איז דערביי געפאלען, געטראָפען פון אַ קויל. דער העראָאישער שיינער העל־דען־טויט פון דער יונגער, שיינער פרוי האָט גערירט אפילו איר מערדער. אין פילע הייזער, וואו ער האָט זיך נאָכדעם מיט זיין מערדער־מלאכה באשעפטיגט, פלעגט ער פינסטער און מיט פאר־דרוס אויסשרייען: אַך, האָבען מיר ביי קאנאנען דער'הרג'עט אַ אידישקע, האָט זי אויף מיר פאר'ן טויט אזוי אַ קוק געטאָן, אז איך וועל די אויגען פון דער אידין קיינמאָל ניט פארגעסען. (פראָ־טאָקאָל פון כלל־טוער בּאראטונג.)

אין טראָסטינעץ האָבען בערמאנס צוויי יונגע, אונ־טערוואקסענדע טעכטער זיך אָנגעהאנגען דעם פאָטער אויפ'ן האלז און געבעטען זיך ביי די מערדער, זיי צו טייטען צוזאמען מיט'ן פאָטער. דעם פאָטער מיט די טעכטער האָט מען אכזריות'דיג גע־מאטערט און צום סוף צעשניטען.

מיט אַן ענליכען מארטירער־ און קדושים־טויט זיינען אומגע־קומען צוויי טעכטער מאָהילעווס, וואָס האָבען ניט געוואָלט איבער־לעבען זייער פאָטער. (דאָס עדות־זאָגען פון סאנדלער.)

אנטקעגען די גרוילען פון דער אידישער טראגעדיע אין אוקראינע זיינען בלייך אלע שרעק־שילדערונגען אין דער אלוועלט־ליכער ליטעראטור. אין דער טראגעדיע זיינען ניטאָ קיין ניואנסען, קיין פילפארביגקייט, קיין גראדאציעס, — אלץ איז אין איר אזוי גלייך און איינארטיג שרעקליך, ווי עס קאָן נאָר שרעקליך זיין דאָס געבורט פון אַ זון דורך אַ פארוואונדעטער מוטער אין אַ צימער, וואו אויף דער פאָדלאָגע וואלגערען זיך די צעפליקטע קערפער

פון זיין פאָטער און זיידע; ווי עס קאָן זיין שרעקליך א קינד, וואָס איז משוגע געוואָרען, צוקוקענדיג דעם מאַרטירער־טויט פון זיינע נאָענטסטע; ווי עס איז שרעקליך, ווען א מוטער דערווערגט איר אייגען קינד, אום צו ראַטעווען די איבעריגע.

פון דער גרויסער מאַסע מאַטעריאַלען, פון די אויספאָרשונגען וועגען דער אוקראַינער טראַגעדיע, פון יעדער שורה, פון וועלכער עס שטראָמט אידיש בלוט און אידיש צער, וויל איך ארויסנעמען נאָר אייניגע שטריכען און פּרטים, דערציילט פון עדות, וואָס האָבען עס אליין געזעהן און איבערגעלעבט, וואָס האָבען זיך מיט נסים געראַטעוועט פון דעם גיהנום, נאָר וואָס האָבען דאָרט איבערגע־לאָזען זייערע נאָענטסטע און טייערסטע.

ווער עס האָט זיי געזעהן, אָט די טראַגישע עדות, וואָס האָבען אזוי גרויסמוטיג, עפּיש נעקאָנט איבערגעבען דעם איבערגעלעבטען שרעק, ניט פאַרגרעסערענדיג, ניט באַפּוצענדיג; ווער עס האָט געזעהן זייערע איינגעפאַלענע, ערד־קאָלירינע פּנימער, זייערע אוי־גען, וואָס קוקען מיט אזא טיפען יאוש און פאַרגליווערטען אומעט, און אין וועלכע עס בליצט אויף פון צייט צו צייט א וואַנזיניגער פייערל,—אויגען, וואָס רעדען און דערציילען אזוי פיל פון איבער־געלעבטען, אין וועלכע עס איז אָבער ניט צו באַמערקען קיין וואונש פון נקמה, קיין פונק פון האָפנונג און קיין פאַרלאַנג צו לעבען, — ווער עס האָט עס געזעהן, דער ווייס, ווי דער עוואַנגעלישער לאַזאַר, פאַרלירען יעדע פעהיגקייט צו שמייכלען, דער ווייס מיט א פאַר־סמ'טער נשמה זיך ארומטראָגען איבער דער ברייטער גרויסער וועלט, ניט געפינענדיג קיין אָרט און קיין רוה.

עס קומען אויפ'ן זין די ווערטער פון דיכטער:

אויף מיין בלוטיגען שיקזאל!
איך האָב שוין ניט קיין תפלה אין מיין ברוסט.
מיין הארץ איז טויט און פּוסט,
אין מיינע הענט
הימלען! אויב אין אייער טיפער בלויקייט —
אויף זיין טראָן דער אלטער גאָט נאָך זיצט,
און איך האָב ניט געפונען אים ביז איצט,
בעט איר צו אים פאַר מיר,

איז שוין די לעצטע קראַפט פאַרלענדט,
איז שוין קיין טראָפּען כח ניט פאַראַנען —
ביז וואַנען שוין, ביז וואַנען שוין, ביז וואַנען?

(„על השחיטה“, ח. נ. ביאַליק).
פריי איבערזעצט פון י. י. סיגאַל.

איך ברענג איינצעלנע שטריכען און עפּיזאָדען. איך נעם זיי כמעט ניט אויסקלייבענדיג, ווייל אין דער טראַגעדיע איז אַלץ טיפּיש, ניט קיין איינצעל־פאַל, נאָר אַלץ, וואָס איז איבערגעלעבט געוואָרען אין די הונדערטער פאַראומגליקטע שטעט און שטעטלעך פון אוקראַינע, איז מאָמענט־פאָטאָגראַפיעס, אילוסטראַציעס, וואָס זיינען ענליך איינע אויף די אַנדערע, ווי עס קענען נאָר ענליך זיין אַ קרעכץ און אַ יאָמער, אַ בר־מנן און זיין קבר. . . .
איך סיסטעמאַטיזיר זיי ניט — זיי שרייען אַלע גלייך וועגען איינס: וועגען דעם לעבענס־אומרעכט, וועגען דער עקעלהאַפטער, שענדליכער מענשליכער אכזריות, וואָס וויל זיך דערשלאָגען צו הערשאַפט און מאַכט דורך אַזעלכע מיטלען.

## די דערטרינקונגען אין דניעפּר

(פון די מאַטעריאַלען פון באַפולמעכטיגטען י. ס. ברוידא)

1. די שיף „באַראָן גינצבורג“ (דערטרונקען 40 אידען)

### די עדות פון שפרה שקלאַווסקאַ, 40 יאָר אַלט, אַלמנה, הענדלערין. די איינציגע לעבען־געבליבענע.

דעם 7־טען אַפּריל האָב איך זיך געזעצט אויפ'ן שיף „באַראָן גינצבורג“. די שיף האָט געדאַרפט געהן קיין דאָרף סוכאָוויטש מיט צוקער. איר האָבען אַרענדירט 3 סוכאָטשאָווער אידען, וואָס האָבען שוין אויפ'ן אייגענעם חשבון אָנגענומען די פּאַסאַזשירען. דעם אמת געזאָגט, בין איך אַרויף אויפ'ן שיף אַ פאַרשלאָפענע, אַ מידע, אָן אויסגעמאַטערטע און האָב זיך ניט אומגעקוקט, ווער

און וויפיל עס פאָרען צוזאמען מיט מיר. איך האָב זיך פאַר־קליבען אין א ווינקעל און האָב איינגעדרעמעלט. אויפגעכאפּט האָב איך זיך פון טומעל. די אידען זיינען געווען שרעקליך צע־טראָגען און איבערגעשראָקען. „וואָס טוט מען, מען שיסט!“ און ווירקליך, איך האָב דערהערט אַן אָפּטע שיסעריי פון ביקסען און די קלעפּ פון די קוילען, וואָס האָבען דורכגעלעכערט די ווענטלעך פון שיף. איך האָב אויפגעציטערט און זיך אינגאנצען פאַרלאָרען. דער גאנצער אומגליק, וואָס האָט נאָכדעם פּאסירט, האָט זיך כמעט ווי ניט אויפגעהאלטען ביי מיר אין זכרון. אַלץ, וואָס איך האָב געזעהן, געהערט און געטאָן, איז געווען ווי אין לעטארגישען שלאָף.

איך געדענק קוים, ווי די שיף איז צוגעשטאנען צום ברעג, ווי צו אונז האָבען זיך אריינגעריסען ווי ווילדע חיות 6־5 באנ־דיטען, באוואָפענטע מיט ביקסען. זיי האָבען אָנגעהויבען צו קלאפּען מיט די פיס אין פּאָדלאָגע און שרייען: „אידען — באַ־זונדער; רוסישע — באזונדער“. די רוסישע פּאסאזשירען זיינען אָפּגעגאנגען אַן א זייט. עס האָט זיך דערהערט א נייער באפעל: „פרויען — באזונדער.“ די מענער האָט מען ארויסגעפירט, ווייזט אויס, אויפ׳ן דעק. מיר זיינען געבליבען, דאכט זיך, 3 פרויען אונטער דער שמירה פון עטליכע באנדיטען. עס האָט ניט לאנג געדויערט, און די באנדיטען זיינען פון דעק געקומען נאָך אונז. מען האָט אונז ארויסגעשלעפּט אויפ׳ן דעק. מיר האָבען אָנגע־הויבען שרעקליך צו יאָמערען, צו חלש׳ען, פארלירען דעם באַ־וואוסטזיין. די מערדער האָבען זיך צוערשט גענומען צו א פרוי, א זקנה, און האָבען איר אריינגעוואָרפען אין טייך, ווי זי איז געווען, אין די קליידער. דערנאָך האָבען זיי מיך אריינגעוואָרפען. איך האָב גע׳חלש׳ט. ווי אַזוי איך בין דערשוואומען צום ברעג, ווייס איך ניט. מסתמא האָט מיך אוועקגעטראָגען מיט׳ן שטראָם, און איך האָב דערטאפּט מיט די הענט בלאָטיגע ערד. איך בין ארויסגעקראָכען אויף א קליינעם בלאָטיגען אינזעל, א פארוואק־סענעם מיט וויצעס. ווי לאנג איך בין דאָרט געלעגען, ווייס איך ניט. נאָר ווען איך בין אביסעל געקומען צו זיך און זיך אָנגע־הויבען ארומקוקען, האָב איך דערזעהן, אַז אויף דעם קעגענאיבער־דיגען ברעג טייך קומט פאָר עטוואָס אויסערגעוויינליכעס: מען

שיסט, מען ליאַרעמט, מען שרייט. איך האָב זיך טיפער איינגע־גראָבען אין די מונדרינעס און בין געבליבען ליגען. די קליידער האָבען זיך צוגעקלעפּט צום קערפּער, די גלידער זיינען ווי פאַר־שטיינערט געוואָרען, אין מויל איז געווען אזוי טרוקען. אזוי בין איך אָפּגעלעגען צוויי טעג און צוויי נעכט. אויפ'ן דריטען טאָג, אין דער פרי, האָב איך באַמערקט א קליין שיפעל מיט צוויי פויערים. איך האָב פאַרשטאַנען, אז ליגענדיג דאָ, וועל איך סיי־ווי־סיי אומקומען און האָב באַשלאָסען בעטען די פויערים, זיי זאָלען מיך אריבערפירען אויפ'ן צווייטען ברעג. זיי האָבען מסכים געווען און האָבען מיך אריבערגעפירט ביז'ן דאָרף מעזשינאָריע. איך בין אריין אין קאָרידאָר פון א פּרויען־מאָנאַסטיר און האָב זיך דאָרט באַהאַלטען אונטער די טרעפּלעך. ווי לאַנג איך בין דאָרט אָפּגעלעגען, ווייס איך ווידער ניט. ווען איך האָב אויפגע־עפענט די אויגען, האָב איך געזען מיר דערזעהן א באַרמהערציגע שוועסטער, וואָס האָט מיך אָפּגעמונטערט. זי האָט זיך צו מיר באַצויגען מיט גרויס מיטלייד, האָט מיך אריינגענומען צו זיך אין מאָנאַכען־צימער, האָט מיר געגעבען ווארימע מילך טרינקען, האָט מיר אראָפּגעצויגען די קליידער און זיי אויסגעטריקענט, האָט מיך אָוועקגעזעצט נעבען אויוועלע, געגלעט איבער'ן קאָפּ און געטרייסט מיט גרויס הארציגקייט און גוטסקייט. זי האָט מיך געהאַלטען נעבען זיך עטליכע שעה. דערנאָך האָט זי מיר געהייסען געהן, ווייל איבער מיר קאָן דעם קלויסטער טרעפען אן אומגליק. איך בין אוועק, נאָר געהן אין דאָרף האָב איך מורא געהאַט. האָב איך מיך באַהאַלטען אין קלויסטער־הויף אין א חזירים־שטאַל. די שטאַל איז געווען ליידיג. איך בין געלעגען אויף דער פייכטער, שמוציגער ערד. נאָר אויך דאָ האָב איך מיך ניט לאַנג אָפּגערוט. א פויער האָט געבראַכט חזירים. ער האָט מיר קיין שלעכטס ניט געטאָן, האָט זיך זעהר מיטפילענד צו מיר באַצויגען, נאָר ער האָט געבעטען, איך זאָל פון דאַנען אוועקגעהן, ווייל ער האָט מורא. אזוי האָב איך געליטען נאָך 5־6 טעג. פון שטאַל צו שטאַל, פון איין לאָך אין דער צווייטער. איך האָב זיך געשפייזט מיט כ'ווייס אליין ניט וואָס, און אויב איך ווייס, קאָן איך עס ניט אָנרופען. און אויף אזא אופן האָב איך זיך געראַטעוועט. אין דאָרף איז די גאַנצע צייט געשטאַנען א רעש און געפילדער פון די באַנדיטען.

מען האָט געשאָסען, געוואַלדעוועט, געשפּילט אויף האַרמאָניקעס און ביז שפּעט אין דער נאַכט געזונגען פריילליכע לידלעך.

(פאַר דער אַנאַלפאַבעטין אונטערגעשריבען — חסיא קאַרפּעראָווסקאַיא).

2. די שיף "קאָזאַק" (דערטרונקען 54 מאַן).

די עדות פון בער מאָגילעוויטש, 39 יאָר אַלט, אַ שוחט.

דעם 7־טען אַפּריל, דעם חגא־טאָג „בלאַגאָוועשטשעניע“, בין איך אויף דער שיף „קאָזאַק“ אַרויסגעפאָרען פון קיעוו קיין טשערנאָביל. מיט דער שיף זיינען געפאָרען 25 באַקאַנטע אידען און ביי אַ 20 רוסען. עס האָבען זיך דאַן שוין אַרומגעטראָגען קלאַנגען, אַז אויפ'ן וועג האָבען זיך באַוויזען באַוואָפענטע באַנדיטען. נאָר מיר האָבען זיך אויף דער שיף געפילט גאַנץ זיכער, ווייל דאָ זיינען אויך געפאָרען 15 רויט־אַרמייצעס מיט קוילענוואַרפער און מיט אַ גאַנצען קאַסטען ביקסען און קוילען. צופאָרענדיג צו מעזשיגאָר, איז אונזער שיף באַשאָסען געוואָרען. דער אָנפירער פון דער רויטער אַרמיי אין טשערנאָביל, וועלכער איז אויך געפאָרען מיט אונז, איז אַרויס אויפ'ן שיף־דעק און דערזעהן, ווי פון דאָרטען פאָכעט מען מיט אַ ווייסען פלאַג. ער איז געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז אַ קריגס־צייכען צו רעווידירען די שיף און האָט געהייסען דעם קאַפּיטאַן צושטעהן צום ברעג. ווען מיר זיינען צוגעקומען צום ברעג, זיינען אויף דער שיף אַרויפגעלאָפען ביי 6 אָדער 8 יונגע פויערים, באַוואָפענטע וועך מיט אַ ביקס, וועך מיט אַ שטעקען, אָנגעטאָן אין קורצע פעלצלעך. זיי האָבען באַפוילען, האַלטענדיג דעם ביקס, ווי צום שיסען: „רוסען אָן אַ זייט, און אידען הייבט אויף די הענט.“ די פּאַסאַזשירען רוסען און אויך די סאָלדאַטען האָבען זיך גלייך אָפּגעטיילט פון אונז, און מיר, אידען, זיינען תיכף אַרומגערינגעלט געוואָרען פון די באַנדיטען. מען האָט אונז אונטערזוכט; דערביי האָט מען אַראָפּגעריסען פון אונז די קליידער און אונז געקנייפּט. מען האָט פון אונז צוגענומען יעדען חפץ, וואָס האָט געהאַט עטוואָס ווערט, דאָס געלט, די זיינערס א. ד. ג. ביי די פרויען האָט מען אפילו

אויסגעטאָן די אוירינגלעך פון די אוירען. עס זיינען צוגעקומען נאָך אייניגע פויערים, אָנגעטאָן און באוואפענט דאָרפיש, האָבען אונז אויסגעשטעלט צו צוויי אין א ריי און אראָפּגעטריבען אויפ'ן ברעג. דאָרט האָבען מיר שוין געטראָפען כמעט די גאנצע אידי־שע באפעלקערונג פון דאָרף פעטראָוויטש, אלט און יונג, מיידלעך און פרויען מיט עופה'לעך אין די הענט.

אונז האָט מען צוזאמענגעטריבען אינאיינעם. פון די פעט־ראָוויטשער אידען האָבען מיר זיך דערוואוסט, אז מען האָט דער־טרונקען אלע אידען, וואָס זיינען געפאָרען מיט דער שיף „באראָן גינצבורג". אלע פעטראָוויטשער אידען האָט מען ארעסטירט ביי־נאכט און ערשט נאָר־וואָס געבראכט אויפ'ן ברעג, אום אויך זיי צו דערטרינקען. זיי האָבען דערציילט, אז אין אָוועגט האָט זיך צונויפגעקליבען די גאנצע דאָרפישע פויערשע געמיינדע, זיך צו בעראטען, וואָס צו טאָן מיט די אידען. די אלטע פויערים, וואָס זיינען געווען אָפטע איינגעהער ביי אידען, האָבען זיך אויסגעהאָ־דעוועט צוזאמען מיט זיי, האָבען גע'טענה'ט, אז דער דאָרף קאָן ניט נעמען אויף זיך אזא זינד, אז מען דאָרף די אידען נאָר ארויס־טרייבען פון דאָרף, און וואָס עס איז זיי באשערט, זאָל זיי טרעפען, אָבער מיר דארפען עס ניט צוקוקען. נאָר די אינגערע פויערים האָבען עקשנות'דיג גע'טענה'ט, אז איצט איז די פאסיגסטע צייט, מען טאָר ניט אָפלייגען אויף שפעטער, און די אידען טאָר מען פון די הענט ניט ארויסלאָזען. איצט דערטרינקט מען און מען הרג'עט אויס די אידען אין גאנץ אוקראינע, און פעטראָוויטשי טאָר ניט אָפשטעהן. א געוויסע צייט האָט מען אונז אָפגעהאלטען אויפ'ן ברעג, דערנאָך האָט מען אונז אוועקגעטריבען אין דאָרף. מיר האָבען זיך געפרואווט דערוויסען פון די באנדיטען, וואוהין זיי פירען אונז. אלס ענטפער אויף אונזער פראגע זיינען געווען קלעפ, מען האָט געהייסען שווייגען, און נאָר דורך די ציינער האָט מען דורכגעזייט: „אויף אַן אויספאָרשונג." מען האָט אונז גע־בראכט אין אַן אכסניא, וואָס געהערט צום פרויען־מאָנאסטיר. עס איז נאָך געווען גאנץ פרי, א זייגער זעקס־זיבען. מען האָט אונז אלעמען פארשפארט אין איין צימער און פארמאכט די לאָ־דענס. באלד זיינען צו אונז געקומען באוואָפענטע רויבער און פיל־באיאָרענטע פעטראָוויטשער פויערים. מען האָט אונז פון דאָס

ניי באַזוכט און אַראָפּגענומען פון אונז אַלץ, וואָס האָט נאָר גע־קראָגען חן אין זייערע אויגען. אַ קורצע צייט שפּעטער איז גע־קומען אַ צווייטע רויבער־באַנדע און איבערגע'חזר'ט די זעלבע אונטערזוכונגען; נאָך איר — אַ דריטע. אַזוי אַ ערך צוויי שעה נאָכאַנאַנד, ביז מיר זיינען אַלע ניט געבליבען אין איין אונטער־וועש, און אייניגע פון אונז, וואָס האָבען געהאַט דאָס אומגליק צו טראָגען בעסערע וועש, האָבען זיך אָפּגעשטעלט נאַקעט־הוילע.

צווישען די צוקומענדע פּויערים זיינען געווען פיל גוטע, נאָ־ענטע באַקאַנטע פון די פּעטראָוויטשער אידען. די לעצטע האָבען אָנגעהויבען צו בעטען זייערע באַקאַנטע זיי צו ראַטעווען. אנשטאָט אָן ענטפער, האָבען די פּויערים געזוכט מיט די אויגען עפּעס, וואָס איז נאָך ווערט צוצונעמען. צווישען די באַזוכער זיינען געווען אויך אַזוינע, וואָס האָבען זיך שטאַרק געהיצט: „זשידעס־קאָמוניסטען, איר האָט אונזערע הייליגסטע קלויסטערס (די לאַוור־רעס) אין שטאַלען פאַר פערד פאַרוואַנדעלט! איר טויטעט אין קיעוו אונזערע ברידער. וועלען מיר דאָ אייך אַזוי פּלאָגען און מאַטערען, ווי איר באַגעהט זיך מיט אונזערע דאָרט.“ עס זיינען געקומען אויך אַזעלכע, וואָס האָבען מיט אַ באַזונדער טעם, פּאַסמאַקעווענדיג זיך דערציילט, ווי מען קוילעט אומעטום די אי־דען, ווי מען שטעכט זיי אויס די אויגען, און די פרויען שניידט מען אָפּ די ברוסטען, א. ד. ג. מיר האָבען קלאָר פאַרשטאַנען, אַז מיר זיינען פאַרפאַלענע. מיר האָבען זיך געלייגט שטיל, אָן ווערטער, אויף דער ערד. ביי די פרויען האָבען אויסגעטריקענט די טרערען, נאָר ווען ניט ווען פלעגט פאַנאַנדערוויינען זיך אַ קינד און בעטען עסען.

ביי טאָג האָט מען צו אונז צוגעבראַכט נאָך 12 אידען, וועלכע מען האָט פאַרהאַלטען אויפ'ן טייך אין אַ שיפעל, און אַ אידישען קאָמוניסטישען אַגיטאַטאָר, שאַפּאַוואַל, וועלכער איז געפאָרען צו־זאַמען מיט אונז פון קיעוו און איז אַראָפּגענומען געוואָרען פון שיף צוזאַמען מיט די רויטע אַרמייצעס. שאַפּאַוואַלען האָט גע־בראַכט איינער אַ מאַן פון מיטעלע יאָרען, אַ געזונטער, שטאַרקער, אָנגעטאָן אין אַ רויטער מיליטערישער פאָרם. ווי איך האָב מיך נאָכדעם דערוואוסט, איז עס געווען דער אָנפירער פון דער באַנדע, קלימענקאָ. שאַפּאַוואַל האָט אונז בסוד דערציילט, אַז מיט

אים קאָן מען דורכקומען און זיך אָפּקויפען פאר געלט. מיר זיינען אים געפאלען צו די פיס, ארומגענומען, געקושט, געבעטען זיך רחמים, אונז צו שענקען דאָס לעבען, און דערפאר אים צו־געזאָגט גאָלדענע בערג. ער האָט אויף אונז קאלט א קוק געטאָן: „גיט 30,000 רובעל.“ די פעטראָוויטשער אידען האָבען געבעטען: „לאָזט אָפּ נאָר צווייען פון אונז אין דאָרף און מיר וועלען דיר ברענגען די געפאָדערטע געלט.“ „60,000“, איז געווען דער ענט־פער. „אפילו 100,000. האלט פאר ערבות אונזערע פרויען און קינדער, לאָזט אונז אָפּ אין דאָרף, מיר שאפען די געלט.“ קלימענקאָ איז אוועק, זאָגענדיג, אז ער וועט באלד צוריקקומען. און דער־ווייל זיינען ווידער געקומען פויערים. נאָר דערזעהענדיג נאָ־קעטע מענשען, פון וועלכע עס איז מער קיין זאך ניטאָ צו נעמען, פלעגען זיי זיך גראָב אויסזידלען און אוועקגעהן. קלימענקאָ איז ווידער געקומען. מיר האָבען אָנגעהויבען צו האָפען אויף א ישועה, האָבען אים געבעטען, קושענדיג די שטיוועל: „לאָז אָפּ צוויי פון אונז אין דאָרף, זיי וועלען ברענגען די געלט.“ קלימענקאָ האָט זיך אויסגעהערט אונזער יאָמערען, האָט גאַנץ גנעדיג צוגענומען די קושען און האָט געפאָדערט שוין 200,000 רובעל. מיר האָבען אים אויך דאָס צוגעזאָגט. ער האָט זיך דאַן באקלערט, מיר זאָלען אים אָנווייזען די אדרעסען, און ער וועט שוין אליין באקומען די געלט. מיר האָבען אָנגערופען עטליכע נעמען, און ער איז אוועק.

דער טאָג האָט זיך געצויגען אָן א שיעור. ס'איז צוגעפאלען נאכט. קלימענקאָ האָט זיך ניט צוריקגעקערט. אונז איז קלאָר געוואָרען, אז מיר מוזען אומקומען. מיר האָבען תפילה געטאָן, האָבען אָפּגעזאָגט וידוי, צעזעגענט זיך איינער מיט'ן צווייטען און זיך פארשלאָגען יעדער אין זיין ווינקעל, זיך פארנומען מיט די לעצטע רעיונות, מיט'ן חשבון הנפש. איך האָב געפונען א בלאָק נאָטיק מיט א בלייער, און מיר האָבען אָנגעהויבען שרייבען די צוואות. פאר אלעמען האָט קיין פאפיר ניט געקלעקט, און פיל האָבען אויסגעקריצט זייערע נעמען אויף די ווענט פון דער אכסניא. די צוואות האָבען מיר איבערגעגעבען אַן אלטיטשקער. מיר האָבען געגלויבט, אז אויף איר וועט מען רחמנות האָבען.

ארום איינס ביינאכט זיינען אריין צו אונז 6 באנדיטען, האָבען אָפּגעטיילט פון אונז 17 מאַן און זיי געהייסען געהן.

נאָך איצט איז מיר שווער איבערצוגעבען, וואָס עס האָט זיך דאָן אָפּגעטאָן. די 17 האָבען זיך אָפּגעזעגענט מיט אונז און זיינען אוועק. דורך אַ שפּאַלט אין לאָדען האָבען מיר געזעהן, אַז מען פירט זיי אין דער ריכטונג פון טייך. עס איז אוועק כמעט אַ שעה. די באַנדיטען האָבען זיך אומגעקערט און גענומען די צווייטע פּאַרטיע פון 15 מענשען. עס איז אַריבער נאָך אַ קורצע צייט, און די באַנדיטען זיינען געקומען נאָך די איבערגעבליבענע. יעדער האָט זיך געהאַלטען צוזאַמען מיט זיינע נאָענטע קרובים. ווען מ'האָט אונז אַרויסגעפירט, איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. איך בין געגאַנגען צוזאַמען מיט מיינע צוויי גוטע באַקאַנטע. מיר האָבען באַשלאָסען אומצוקומען צוזאַמען.

מען האָט אונז געבראַכט צוריק אויף דער שיף. דאָרט האָט מען אונז אָפּגעהאַלטען ביי אַ האַלבע שעה. מיר האָבען דערפילט, אַז די שיף געהט אָפּ פון ברעג. די באַנדיטען האָבען איינעם פון מיינע פריינד אַרויסגעפירט. איך האָב געוואָלט געהן נאָך אים, נאָר מען האָט מיך אַ וואָרף געטאָן צוריק.

אין עטליכע מינוט אַרום, איך הער זיך צו, אַרום איז שטיל, מיט אַמאָל "פּליוך", ווי מ'וואָלט אַ וואָרף געטאָן אַ קלאָץ אין וואַסער. נאָכדעם האָט מען אַרויסגעפירט מיין צווייטען באַקאַנטען. אין צוויי־דריי מינוטען אַרום ווידער „פּליוך". ענדליך האָט מען מיך אַרויסגעפירט. איך בין געווען אין צעריסענע אונטערהויזען און אין אַ טלית־קטן. איינער פון די באַנדיטען האָט מיר אַראָפּגעריסען דעם טלית־קטן. איך האָב אים געקושט, געבעטען רחמים, מיר אָפּגעבען צוריק. איך האָב געקלערט, דאָס וועט מיר אפשר העלפען קומען ווען צו קבורת ישראל. איך האָב אָבער ניט גע'פּועל'ט.

מען האָט מיך געבראַכט אויפ'ן דעק. די סאָלדאַטען האָבען מיך געהאַט שוין אָנגעכאַפּט, נאָר איך האָב פאַרמאַכט די אויגען, אַ געשריי געטאָן „שמע ישראל" און זיך אַליין געוואָרפען אין וואַסער. די כוואַליע האָט מיך אַרונטערגעוואָרפען אונטער דער שיף. די שיף איז אָפּגעשוואומען ווייטער. מיך האָט אוועקגעטראָגען מיט'ן שטראָם. איך בין נאָך געווען ביים פולען באַוואוסטזיין און האָב מיך געצויגען צום טשערניגאָווער ברעג. איך האָב קיין השגה ניט, ווי לאַנג איך האָב זיך געראַנגעלט מיט'ן

וואסער, וואָס פאר כחות עס האָבען מיך געטראָגען; מיר דוכט, איך האָב זיך אָנגעכאפּט אין טייך אָן א שווימענדען שטיק האָלץ און האָב מיך געטראָגען, איך וויים אליין ניט וואוהין. איך האָב זיך שוין גאָר געהאט ארויסגעשלאָגען פון די כחות, ווען איך האָב באמערקט, אז איך בין נאָענט פון ברעג. איך בין ארויסגעקראָכען אויפ'ן ברעג, האָב זיך אָפּגעטרייסעלט פון וואסער און זיך אביסעל דערוואַרימט. איך האָב מיך געלאָזען נאקעטערהייט אין א קאלטער פייכטער נאכט ווייטער אין וועג אריין. איך האָב באמערקט ערגעץ א פייערעל און האָב מיך געלאָזען צו אים. צו מיר זיינען צו־געלאָפען מיט שיף־רודערס אין די הענט צוויי פויערים, צושראָ־קענע און האָבען מיר געהייסען זיך אָפּשטעלען. איך האָב זיי אָנגעהויבען קליאנטשען, ניט אָפּשטעלען מיר, דערציילט זיי, אז איך בין דער שוחט פונ'ם נאָענטען שטעטעל, אז אין וועג זיינען מיך באפאלען רויבער און אלץ ביי מיר צוגענומען. די פויערים האָבען וועמען א רוף געטאָן. עס האָט זיך באוויזען איינער און האָט מיך א פרעג געטאָן אויף אידיש, ווער איך בין. צו מיין פרייד איז ניט געווען קיין שיעור. איך האָב זיך אָנגערופען. דער מענש האָט זיך מיר געוואָרפען אויפ'ן האלז קושען, — דאָס איז געווען מיינער א גוטער באקאנטער. ער האָט איבערגערעדט מיט די פויערים; זיי האָבען געפירט צום פארקויפען פיש. מען האָט מיך ארייגגענומען אין שיפעל, ארומגעדעקט מיט א פעלץ. ווען עס האָט אָנגעהויבען טאָגען, זיינען מיר פארפאָרען אין דערפעל ס ט ר א כ אָ ל ע ס י ע. מיר זיינען אריינגעקומען צו א פויער אין שטיבעל. ער האָט זיך ארויסגעוויזען פאר א זעהר גוטהארציגען פויער. ער האָט מיך באקוקט און מיטפילענד געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. ער האָט מיר געגעבען אלע צעריסענע בגדים און דערלויבט ארויפקריכען זיך ווארעמען אויפ'ן אויווען. איך האָב שוין גע־מיינט, אז מיין לעבען איז אויסער געפאר. עס זיינען אָבער אריין צוויי יונגע פויערים. „וואָס, דאָ זיינען פאראן זשידעס? מען האָט באפוילען אָפּפירען זיי אין שטאב. די טעג דארף מען אויס־קוילען און דערטרינקען אלע זשידעס." דער הויזווירט האָט זיי אָנגעהויבען בעטען אונז לאָזען צורו, ווייל גאָט אליין האָט אונז מציל געווען און עס איז אָן עבירה זיך אריינצומישען אין גאָטס השגחה. די יונגע פויערים האָבען אָנגעהויבען זיך וואקלען און

האָבען זיך צוגעזעצט. דער בעל־הבית האָט אונז אַרויסגעלאָזען דורכ'ן פענסטער פון אַ צווייטען צימער און אָנגעזאָגט, מיר זאָלען גיך אַנטלויפען. מיר האָבען זיך געלאָזט לויפען צום וואַלד און פון דאָרט אין אַ טיפזומפּיגען אָרט, וואוהין מענשען קומען געוויינליך ניט. מיר האָבען ביז'ן העלפט געזונקען אין זומפּ און וואַסער, זוכענדיג אַן אָרט, וואו עס איז ניטאָ קיין זכר פון אַ לעבעדיגען נפש. אָפּט האָבען מיר זיך באַהאַלטען אין די וועלדער, ווען מיר פלעגען באַמערקען באַוואָפּענטע מענשען.

פיל, זעהר פיל איז אונז נאָך אויסגעקומען איבערצולעבען. סוף כל סוף זיינען מיר דערקראָכען צו עפּעס אַ פאַבריק, אויף וועלכער די רוסישע אַרבייטער האָבען אונז אַביסעל אָנגעטאָן, אָנגעוואַרימט, אָנגעקאָרמעט און געקראָגען פאַר אונז אַ פור, מיט וועלכער מיר זיינען געקומען קיין קיעוו. דאָרט בין איך קראַנק געוואָרען און בין אָפּגעלעגען אַ גאַנץ היבשע צייט. איך עראינער זיך, אַז אין קלויסטער אכסניא האָב איך געפונען אַ צעטעל, וואָס איז געווען אַדרעסירט צום „סטאַראָסטע“ פון פּעטראָוויטש: „אומגעזאַמט צוצושטעלען הײנט אַלע אידישע איינוואוינער אין דאָרף.“ אונטערגעשריבען איז געווען לאַזאַרענקאָ.

דוב בער בן ברוך מאַגילעוויטש,
שוחט אין טשערנאָביל.

באַמערקונג: סטראַכאָלעסיע געפינט זיך זעקס וויאָרסט ווייט פון דאָרף פּעטשקי. דאָרט האָבען געוואוינט 9 אידישע משפחות. דער דאָרף באַשטעהט אַן ערך פון 300 הייזער. ס'רוב אידען זיינען בעלי־מלאכות. די באַציהונגען צווישען די אידען און קריסטען זיינען דאָרט געווען אַזוי ווייט גוט, אַז סטראַכאָלעסיע האָט גע'שמ'ט מיט איר אידען־ליבע. סטראַכאָלעסיע האָט ניט געגעבען קיין פּריוויליגיע אין סטרוקס באַנדע. בעת דער הערשאַפט פון סטרוק האָבען די פּויערים שוין אָנגעהויבען זיך צו קריגען מיט די אידען. איצט האָבען זיך די פּויערים צוריק אויסגעניכטערט.

## דאָרף „פעטשקי“ (ראַדאָמיסלער אויעזד)

(די עדות פון שמעון לייב ראַבינאָוויטש, 42 יאָר אַלט, א פישהענדלער.)

דעם 20־טען מערץ, גלייך ווי עס האָט זיך אָנגעהויבען די נאַווינאַציע, זיינען געקומען קיין פעטשקי 20 פון סטרוקס באַנדיטען. זיי זיינען געוועזען באַשטימט צו באַוואַכען דעם טייך, אפשר וועלען פאַרבייפאָרען שיפען, און „עס וועלען שוין זיין, — ווי די סאָלדאַטען האָבען זיך אַליין אויסגעדריקט, — גאָלדענע בראַסלעטען, זייגערס און גוטע שטיוועל.“ 10 פון זיי האָבען זיך באַזעצט אין דאָרף. דער רעשט טאָג און די נאַכט זיינען אריבער רוהיג. אויף מאָרגען, נאָך פרי באַגינען, זיינען אריין צו מיר 2 באַוואָפענטע „סטרוקאָווצעס“ און באַפוילען מיטגעהן מיט זיי. אויף מיין פראַגע, וואוהין מען פירט מיך, האָב איך באַקומען א תשובה: „אין שטאַב, צו סטרוקאָווען“. אויפ'ן וועג האָבען די באַנדיטען פאַרהאַלטען נאָך 3 אידען און אונז אַוועקגעפירט אין דער ריכטונג פון גאָרנאָסטאַיפּאָל. ווען מיר זיינען ארויס פון שטוב, האָבען די סאָלדאַטען אָנגעהויבען פאָדערען געלט. באַקומענדיג א פאַרהעלטניסמעסיג קליינע סומע געלט, האָבען זיי אונז אָפּגעלאָזען. מיר האָבען זיך אומגעקערט אין דאָרף. דאָרט האָט מיך באַגעגענט א „סטרוקאָוועץ“ און האָט מיר צוגעשריען: „דו ביזט א איד. די קאָמונע האָט זיך אייך פאַרוואָלט. איר וועט די קאָמונע געפינען אין וואַסער אָדער אונטער דער ערד.“ איך האָב אָנגעהויבען צו ענטפערען. ארום אונז האָבען זיך פאַרזאַמעלט פויערים. דער סאָלדאַט האָט זיך ארויסגעוויזען פאַר א קנאַפּען חכם און האָט ניט געהאַט וואָס צו ענטפערען אויף מיינע ראיות. און די פויערים האָבען אויף אים געקוקט מיט שפּאָט און איראָניע. דער באַנדיט האָט מיך אָפּגעלאָזען און איז אַוועק. (ווי איך האָב זיך נאָכדעם דערוואוסט, איז ער א איד. זיין פאַמיליע איז אָראָסקי, פון דאָרף האָראָדישטשע. קיינער ווייס ניט מיט וואָס ער האָט זיך פריער באַשעפטיגט.) אין דעמזעלבען

אָוועגט האָבען די באַנדיטען צונויפגעטריבען אַלע דאָרטיגע אידען, מיט די זקנים און פרויען, און אָנווייזענדיג אויף אַ קוילענוואַרפער, האָבען זיי געפאָדערט 4000 רובעל קאָנטריבוציע. מען האָט זיך אָנגעהויבען דינגען און מען איז דורכגעקומען אויף 1800. עס האָט זיך בארוהיגט. דעם 23־טען מערץ האָט זיך אויפגעהויבען אַ שיסעריי: די באָלשעוויסטישע אָפּטיילונגען פון אָסטרא האָבען אָנגעגריפען די „סטרוקאָוועצעס“. די אידען האָבען פאַרלאָזען דעם דאָרף און האָבען זיך ווי עס איז אויסבאהאַלטען אין אומגעגענט.

די „סטרוקאָוועצעס“ האָבען מנצח געווען און זיינען ווייטער געבליבען די אַליינהערשער איבער'ן גאַנצען געגענט. אין דריי טעג ארום האָבען זיך די אידען אומגעקערט אין דאָרף. אונזערע הייזער האָבען מיר געפונען חרוב. ביי מיר זיינען געווען ארויס־געשלאָגען די פענסטער און די טירען, די שטוב־ווירטשאַפט איז פאַרשוואונדען. ווי איך האָב זיך דערוואוסט, האָבען סטרוקס העלדען געמאַכט נאָר די התחלה, אַלע זאַכען האָבען צענומען די אָרטיגע פויערים. איך האָב שטאַרק אָנגעהויבען פאָדערען, אַז די פויערים זאָלען מיר צוריקגעבען דאָס אָנגעראַבירטע: דאָס האָט געהאָלפען. די פויערים האָבען מורא געקראָגען (אין דעם טאָג זיינען די סטרוקאָוועצעס ניט געוועזען אין דאָרף) און האָבען ביסלעכווייז מיר אָנגעהויבען אָפּטראָגען מיינע שטוביגע כלים. מען האָט מיר אָנגעוויזען, אַז מיינער אַ דערבייאיגער שכן האָט צוגענומען מיינע פערינעס און קישענס. בין איך געגאַנגען צו אים פאָדערען מיין בעטגעוואַנט. איז ער אָנגעפאַלען אויף מיר ווי אַ חיה: ווי אַזוי האָב איך דאָס די העזה צו פאָדערען פון אים, דעם דאָרפישען סטאַראָסטע. ער וועט מיך ארעסטירען און איבערגעבען סטרוק'ן אין די הענט, ווי אַ קאָמוניסט! איך האָב דערזעהן, אַז מיין שכן איז געוואָרען גאָר אַן אַנדערער. ער איז אַלעמאָל געווען אַזאַ רוהיגער, אין אַ געוויסען זין אַ געוויסענ־האַפטיגער, און מיט מיר האָט ער שטענדיג געלעבט גוט. איך האָב באַגריפען, אַז לענגער פאַרבלייבען אין דאָרף איז סכנת־הנפש, אַז איך דאַרף זיך ארויסקלייבען וואָס גיכער, אום זיך מציל צו זיין. איך בין מיר רוהיג און פאַמעליך ארויס פון שטוב, ווי אויף אַ שפּאַצירגאַנג, מען זאָל זיך ניט מערקען מיינע אַבזיכטען, און זיך אָנגעהויבען ארויסצוקלייבען פון דאָרף. אויפ'ן וועג האָב איך

פארבונדען א שמועס מיט די פויערים, וואָס איך האָב באַגעגענט, זיך געוויצעלט מיט זיי. איך האָב געפילט נאָך זייער פארהאלטען זיך, אז מיט מיר דאַרף וואָס באלד געשעהן.

איך בין אויף א מאָמענט אריין אין א פויעריש שטיבעל. אין א פאָר מינוטען ארום איז ארייננגעלאָפען אהין דער סטאַראָסטע מיט א ביקס אין האנט: „אהא, איך וועל דיך דאָ באלד דער־שיסען! האָסט געוואָלט מאכען פליטה?“ איך האָב אים קוים מיט צרות בארוהיגט. ער איז אוועק און האָט מיר באפוילען דאָ צו ווארטען אויף די דאָרפישע פּאָליציי, נאָך וועלכע ער האָט גע־שיקט. איך בין ווידער אומבאמערקט ארויס פון שטוב און זיך גנב'ענדיג איבער פלענקער, פעלדער, בראָדזשענדיג ביז'ן האלז אין וואסער, האָב איך זיך דערקליבען ביז'ן טייך און דאַן זיך אריבער־געשיפט אין אָסטיער.

ווי איך האָב זיך נאָכדעם דערוואוסט, זיינען די סטרוקאָווצעס אויף מאָרגען געקומען אין דאָרף, ארויסגעפירט די גאנצע אָרטיגע אידישע באפעלקערונג אויסער'ן דאָרף, אויפ'ן פעלד, און געפאָדערט געלט. די, וואָס האָבען ביי זיך געהאט געלט, האָבען זיך אויס־געקויפט, און נאקעטע (מען האָט אלעמען אויסגעטאָן און איבער־געלאָזען נאָר אין די אונטערוועש) האָט מען זיי אָפּגעלאָזט. מיין פאָטער, א 75־יאָריגער זקן, האָט ביי זיך קיין געלט ניט געהאט, און פאר די אויגען פון אלע אידען האָט מען אים דערמאָרדעט. איצט איז אין דאָרף קיין איינציגער איד ניט געבליבען. די פויערים באציען זיך צו אונז, ווען מיר באזוכען זיי, גאנץ פריינדליך. דער סטאַראָסטע, וואָס האָט מיך דעמאָלט געוואָלט דערשיסען, האָט ביי מיר געבעטען מחילה און געזאָגט, אז ער וויים אליין ניט, וואָס מיט אים איז דאַן געווען.

שמעון לייב ראבינאָוויטש.

## סמעלא (קיעווער גובערניע)

### דער פּאָגראָם 14־15 מאי 1919

(די עדות פון הערש זאסלאווסקי, 60 יאָר אלט, א חזן.)

דעם 16־טען מאי 1919, 7 א זייגער אין דער פרי, בין איך געקומען אין בית־המדרש דאווענען. ווען איך האָב געלייגט דעם

טלית, האָבען זיך אריינגעריסען צוויי באוואָפענטע סאָלדאַטען מיט
אַ געשריי: „זשידעס, פאַרזאַמעלט זיך!" און האָבען גלייך אונז
אָנגעהויבען שלאָגען און אַרויספירען פון בית־המדרש. (סך־הכל
זיינען מיר דאָרט געווען 8, שוין עלטערע, אידען.) ווען איך האָב
איינעם פון זיי געפרעגט: „וואוהין פירט מען אונז", האָט ער מיר
מיט אַן איראָנישען שמייכעל געענטפערט: „אייך, קאָמוניסטען,
פירט מען צום טויט." אין עטליכע מינוט אַרום האָב איך מיך
דערזעהן צווישען 42 אידען, וועלכע מ'האָט אויסגעשטעלט צו צוויי
אין אַ ריי. די ענוים, באַליידיגונגען, וואָס מיר זיינען אויסגע־
שטאַנען, לאָזען זיך ניט באַשרייבען. איינעם, אַ גראָען זקן, האָט
מען אַרויסגעריסען די באָרד. אַזוי האָט מען אונז געפירט איבער
דער גרויסער גאַס צו דער באַן־סטאַנציע „סמעלאַ". אויף דער
סטאַנציע האָט אויף אונז געוואַרט אַ וואַגאָן, אין וועלכען מען
האָט אונז געהייסען אַריינשפּרינגען. מיר האָבען זיך אַרויפגע־
שטעלט איינער אויף'ן אַנדערען און אַזוי אַרום אַריינגעשפּרונגען.
נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבען שיסען. ווען מיר זיינען ענדליך
אָפּגעפאָרען אַ דריי וויאָרסט, האָט מען געעפענט דעם וואַגאָן.
עס איז אַריינגעקומען צו אונז איינער און אָנגעהויבען וואַרפען
פון וואַגאָן און אין אַרויסגעוואָרפענע שיסען. די שרעקליכע גע־
שרייען אונזערע „שמע ישראל" האָבען זיך געהערט וויים־וויים.
איך בין געווען דער 18־טער און דורך אַ נס בין איך אַראָפּגע־
פאַלען אַ לעבעדיגער צווישען די דערשאָסענע. אויף מיר זיינען
געפאַלען נאָך טויטע, פאַרגיסענדיג מיך מיט זייער בלוט. נאָכדעם
ווי די שחיטה איז געווען געענדיגט, האָט זיך דערהערט אַ ווייל־
דער, שכור'ער געשריי: „הוראַ! אַלע זשידעס־קאָמוניסטען זיינען
טויט, חבר־מאַטראָס (אַן אָנפירער צווישען גריגאָריעווס באַנדעס).
וואָס זאָלען מיר איצט טאָן?" „אהיים," — איז געווען דער ענט־
פער, — „ס'לוינט מער ניט פאַרלירען קיין קוילען אויף די זשידעס."
פאַר'ן אוועקגעהן האָט איינער פון זיי געזאָגט, אַז ער האָט געזעהן
אויף איינעם פון די קאָמוניסטען אַ פּאָר גוטע שיך (דאָס האָט ער
געמיינט מיך). ער האָט אַראָפּגעצויגען פון מיר די שיך, און
אום צו איבערצייגען זיך, אַז איך לעב ניט, האָט ער מיר אַ שטאָך
געטאָן מיט דער פּיקע.

ווען די גריגאָריעווצעס זיינען פאַרשוואונדען, האָב איך זיך

מיט מאַטערניש אויפגעהויבען און זיך אָנגעהויבען ארומקוקען. און דאַן האָב איך דערזעהן אַן אימה'דיג בילד. די דערשאָסענע אידען האָבען זיך געוואַלגערט אויפ'ן פלאַץ, און זייער בלוט איז גערונען אין אַ טייכעל. דערשלאָגען, אָן כח, אָן מוט, האָב איך זיך געלאָזען געהן וואו די אויגען האָבען געטראָגען. איך האָב דורכגעבראָדזשעט דאָס טייכעל ביז'ן האַלז אין וואסער און בין אריין אין וואַלד. איך בין צוגעגאַנגען צו אַ בוים. ניט ווייט פון דאַנען איז געשטאַנען איינער און געשאָסען פון אַ קוילענוואַרפער אין דער ריכטונג פון בוים. איך האָב זיך געוואָרפען אויף דר'ערד און זיך צוגעדריקט צום בוים. אזוי בין איך אָפּגעלעגען צוויי מעת־לעת. אין אָוונט פלעגט איך זיך אָנטרינקען מיט וואסער פון טייכעל. עס איז פאַרבייגעגאַנגען אַ פויער, האָב איך ביי אים געבעטען אַ שטיקעל ברויט, האָט ער מיר אָפּגעזאָגט. אַ צווייטער פאַרבייגעהער האָט געגעבען. ווען איך האָב זיך, ענדליך, ארויס־געקליבען פון וואַלד, צו געהן אהיים, האָב איך באַגעגענט אַ סך פורען מיט געהיליז. איך האָב זיי געבעטען מיך נעמען אונטער זייער שויז. זיי האָבען זיך אַלע קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. זיי האָבען מיר אפילו ניט דערלויבט זיך אָנצוהאַלטען אָן די ברעטער, אום ניט אומצופאַלען פון שוואַכקייט. נאָר איך בין דאָך ווי עס איז דערקראָכען צו דער שטוב.

הערש זאַסלאַווסקי.

## סמעלאַ

(די עדות פון דינה ליוואָשיץ, 32 יאָר אַלט.)

דעם 13־טען מאַי, דריי אַ זייגער ביינאַכט, האָט מען אָנגע־קלאַפּט צו אונז אין טיר. עס זיינען אריינגעקומען דריי מענער, מיליטעריש אָנגעטאָן, און האָבען געפאָדערט געווער. זיי האָבען אונטערזוכט די גאַנצע דירה און האָבען קיין געווער ניט געפונען. דאַן האָבען זיי אַלעמען צונויפגעטריבען אין איין צימער צו די קוואַרטיראַנטען. זיי האָבען אַלץ געפאָדערט געווער. יחיאל ליוואָ־שיץ, מיין שווער, האָט אויף די קני געשוואָרען פאַר די באַנדיטען, אז ס'איז ניטאָ קיין געווער. שלמה ליוואָשיץ, זיין זון, האָט גע־

וויזען אַ דאָקומענט, אַז ער האָט זיך אָקאָרשט אומגעקערט פון דייטשער געפאַנגענשאַפט. לכתחילה האָט עס ווי געהאָלפען. נאָר אין עטליכע מינוט אַרום האָבען זיי אַלעמען געהייסען זיך שטעלען ביי דער וואַנט. איינער פון די מערדער האָט קאָמאַנדירט: „שיסען! דער ערשטער איז געפאַלען טויט שלמה ליוושיץ, יחיאל ליוושיץ איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרען. מען האָט גע־וואָלט טייטען אויך מיך, אָבער איינער האָט רחמנות געקראָגען אויף מיין 5־חדשים'דיגען עופה'לע, וועלכע איז געווען ביי מיר אויף די הענט און האָט ביטער געוויינט. איך האָב זיך אָפּגע־שטעלט איינע אַליין אין צימער, וועלכער איז פאַרלאָפען געוואָרען מיט בלוט פון די דער'הרג'עטע. עס האָט זיך אַריינגעריסען אַ צווייטע באַנדע און דערזעהענדיג דעם שווער־פאַרוואונדעטען יחיאל ליוושיץ, האָט זי אָנגעהויבען שיסען אויף אים און אין טויטען קערפּער פון שלמה ליוושיץ. איך בין אַ געוויסע צייט געזעסען פאַרשטיינערט. ווען איך בין עטוואָס געקומען צו זיך, האָב איך באַמערקט, אַז שלמה ליוושיץ לעבט נאָך. איך האָב זיך געווענדעט צו דאָקטוירים נאָך מעדיצינישע הילף, אָבער זיי האָבען זיך אָפּ־געזאָגט צו העלפען, און איך בין געצוואונגען געווען אים אָפּצו־פירען אין לאַזאַרעט, וואו ער איז אין דריי שעה אַרום, נאָך אַן אָפּעראַציע, געשטאָרבען.

ד י נ ה ל י ו ו ש י ץ.

## צום טשערקאַסער פּאָגראָם, 16־20 מאַי 1919

(די עדות פון געצעל ראַטמיסטראָווסקי, וואַלד־סוחר, 59 יאָר אַלט.)

פרייטאָג און שבת, דעם 16־טען און 17־טען מאַי, זיינען אין זיין גאַס קיין עקסצעסען נאָך ניט געווען. מען האָט נאָר געקאָנט באַמערקען, ווי די פּאָרשטאָט־איינוואוינער האָבען געטראָגען די אָנגעראַבירטע חפצים. מען האָט געוואוסט וועגען אַ צוויי־דריי הריגות, נאָר מען האָט זיי דערקלערט ווי צופעליגע אָנפאַלען. די שטימונג איז געוואָרען אַלץ אומרוהיגער. מען האָט זיך אָנגע־הויבען באַהאַלטען אין די זיכערערע ערטער.

זונטאָג דעם 18־טען זיינען אין קעלער פון ראטמיסטראָווסקים הויז, וואו עס האָבען זיך באהאלטען פון דער שיסעריי עטליכע שכנים זיינע, אריינגעקומען 4 מיליטערלייט, ארומגענומען ביי אלע־מען די געלט, די רינגען, פון אייניגע האָט מען אראָפּגעצויגען די שיך און מען איז אוועק, וואָרנענדיג ניט אויפצוהייבען קיין טומעל. אין א האלבער שעה ארום זיינען זיי ווידער געקומען און באפוילען די מאַנסלייט געהן מיט זיי צום וואָקזאל. די וויינענדע פרויען האָבען זיי בארוהיגט, זאָגענדיג אז אויפ'ן וואָקזאל וועט מען די ניט־קאָמוניסטען קיין זאך ניט טאָן. די מענער, 9 אין צאָל, זיינען אוועק. אויפ'ן ראָג האָבען זיי דערזעהן נאָך 11 אידען, געפירט פון א מיליטערישען עסקאָרט. אזוי ארום האָבען זיך צונויפגע־קליבען 20 מאַן, אין עלטער פון 19 ביז 60 יאָר, נאָר ס'רוב זיינען געווען שוין עלטערע מענשען. אויפ'ן וועג האָבען זיי זיך אָנגע־ליטען כל'ערליי ענוים. מ'האָט זיך איבער זיי לוסטיג געמאכט, געשלאָגען מיט די פריקלאדען, אויסגעטאָן זיי ביז די וועש, גע־צוואונגען זינגען לידער, א. ד. ג. ווען מען האָט זיי פארבייגעפירט פאר דעם וואָקזאל, איז פון דאָרט ארויסגעשפּרונגען איינער אַן אומבאקאַנטער צו ראטמיסטראָווסקין און א געשריי געטאָן: „וואָס פאר א קאָמוניסט איז ראטמיסטראָווסקי? נאָך וואָס האָט איר אים אהער געבראכט?“ ער האָט אים א כאַפּ געטאָן פאר'ן האַנט און מיט גרויס שוועריגקייטען אים צוגענומען פון דער וואך, וואָס האָט אים ניט געוואָלט אָפּלאָזען. ראטמיסטראָווסקי האָט געוואָלט בעטען פאר זיינע קינדער, 19 און 33 יאָר אלט, נאָר זיין רעטער האָט אים געזאָגט, אז איצט איז ניט די צייט צו בעטען פאר וועמען ניט איז, ווייל זיין אייגען לעבען איז אין א סכנה, און ער האָט אים אריינגעשטופּט אין א ליידיגען וואגאָן. די טירען פון וואגאָן האָט ער פארשלאָסען און האָט צוגעזאָגט אים ווי עס איז צו ברענגען אהיים. פארבלייבענדיג אליין און זיך עראינגע־רענדיג אָן די ווערטער פון זיין רעטער, האָט ראטמיסטראָווסקי ערשט דאן באגריפען, אין וואָס פאר א סכנה עס געפינען זיך די איבעריגע 19 און צווישען זיי אויך זיינע קינדער. ער האָט ארויס־געקוקט דורכ'ן אויבערשטען פענסטערל, זיך צוגעהערט, נאָר דאָס רווישען פון דער שכור'ער באנדע האָט אלץ פארטויבט. אין א פּאָר שעה ארום האָט ער ביים ליכט פון א לאמטערן דערזעהן

זיינעם אַ באַקאַנטען פון אַ שכנות'דיגען דאָרף, רוסקאַיאַ פּאָליאַנאַ, טקאַטשענקאָ. ער האָט זיך צו אים געווענדט, ער זאָל אים העלפען זיך באַפרייען. דער האָט אים אויך באַמערקט, נאָר ער האָט אים געדראָט באַלד צו דערשיסען. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ראַטמי־סטראָווסקי דערזעהן אַ פויער, שוין אַ באַיאָרענטען, אין פויערים־זיך גערירט און באַוועגט זיך אין דער ריכטונג פון סמעלאַ. אויף די סטאַנציעס האָט דער צוג זיך אָפּגעשטעלט און אויסגעלאָדען און אָנגעלאָדען פּאַרוואונדעטע. אין בעלאָאָזערע האָט ראַטמי־סטראָווסקי דערזעהן אַ פויער, שוין אַ ביאָרענטען, אין פויערים־קליידער, נאָר באַוואָפּענט מיט אַ ביקס. ער האָט ביים פויער גע־בעטען הילף, נאָר יענער האָט זיך צו די בקשות אפילו ניט צו־געהערט. באַגינען זיינען זיי אָנגעקומען קיין סמעלאַ. ער האָט אָנגעהויבען זוכען באַקאַנטע צווישען די מאַסען נייגעריגע, וואָס האָבען זיך צונויפגעקליבען אויפ'ן וואָקזאַל, נאָר ער האָט קיינעם ניט געפונען. פּלוצלונג האָט זיך נעבען זיין וואַגאָן אָפּגעשטעלט אַ מיליטער־מאַן. ער איז, קענטיג, שטאַרק ערשטוינט געוואָרען, דערזעהענדיג ראַטמיסטראָווסקין, האָט אים געבראַכט קליידער, איינגעוויקעלט אים און צוגעזאָגט, אום יערען פּרייז אים צו ברענ־גען אַהיים. דאָס איז געווען אַ קאָמיסאַר, וואָס איז פריער געווען אַ ברעג־אַרבייטער און האָט גוט געקענט ראַטמיסטראָווסקין. באַלד איז אויך צוגעקומען צום וואַגאָן אַ רוסישער סמעלער איינוואוינער, אַ שוסטער, און געזאָגט ראַטמיסטראָווסקין, אז ער האָט אים נאָך פריער דערקענט און אים געוואָלט העלפען, נאָר מען האָט אים ניט געלאָזען, ווייל „די זשידעס טאָר מען ניט שוינען." אויף דער סטאַנציע באָברינסקאַיאַ האָט מען ראַטמיסטראָווסקין געבראַכט אַ רעקעל, אַ פּאָר הויזען, אַ פּאָר קאַלאָשען, און אַרויסגעגעבען אַ דערלויבניש־שיין זיך אומצוקערען קיין טשערקאַס. נאָר מען האָט אים געראַטען נאָך אָפּצוואַרטען אַ פּאָר טעג אין סמעלאַ, ווייל אין טשערקאַס איז איצט סכנת נפשות צו זיין. אַזוי האָט ער אויך געטאָן.

פון די איבעריגע 19, וואָס מען האָט צוזאַמען מיט אים גע־בראַכט אויפ'ן וואָקזאַל, איז געבליבען לעבען נאָר איינער, אַ פּאַר־וואונדעטער. ער איז ביינאַכט שטילערהייט דערקראָכען אַהיים. אַלע איבעריגע, צוזאַמען מיט ראַטמיסטראָווסקים ביידע זין, ישראל,

33 יאָר, און שניאור, 19 יאָר, האָט מען אויפ'ן וואָקזאַל דערשאָסען.
געצעל בן ישראל ראטמיסטראָווסקי.

## טשערקאַס

## די עדות פון איינעם, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון דערשאָסען ווערען

דאָס איז געווען דינסטאָג, דעם 20־טען מאַי, א זייגער פינף אין אָוועגט. איבער'ן גאַס האָט דורכגעמאַרשירט אַן אָפּטיילונג סאָלדאַטען און ציווילע מערדער, און ווען זיי האָבען נאָר באַגעגענט האָבען זיי אָפּגעשטעלט און אים פאַנאַנדערגעפרעגט, צי זיינען דאָ ניטאָ קיין קאָמוניסטען, און וואו זיי האָבען זיך באַהאַלטען. איך בין געלעגען אין א קעלער. צו מיר איז צוגעלאָפען א מיידעל און מיט שרעק נאָר באַוויזען אַרויסצורעדען: „סאָלדאַטען געהען", ווי עס זיינען צוגעקומען צוויי סאָלדאַטען און מיר אָנגעהויבען אַיינרעדען אַרויסצוגעהן פון קעלער, ווייל דער פּאָגראָם האָט זיך שוין געענדיגט, און לויט א באַפעל פון קאָמאַנדאַנט דאַרפען אַלע מענער זיך קומען רעגיסטרירען צום וואָקזאַל, און נאָך דער רעגיסטרירונג ווערען זיי תיכף ומיד אָפּגעלאָזען אַהיים. איך בין אַרויס. נעבען טויער זיינען שוין געשטאַנען 16 אידען פון פאַרשידענעם עלטער, צווישען זיי איינער א בכבוד'יגער, אָנגעזעהענער זקן פון א יאָר 60. מען האָט אונז אָוועקגעפירט צום וואָקזאַל. אויפ'ן וועג האָבען מיר אַלע צוגעגרייט די דאָקומענטען, נאָר קיינער האָט אויפ'ן וואָקזאַל אונז ניט אויסגעפרעגט. א גרופּע סאָלדאַטען האָט אונז אָפּגעפיהרט הינטער די באַן־ליניעס, אונז אויסגעטאָן און געלאָזען אין איינע וועש און געגומען אונז צעשיסען. דער ערשטער איז דערשאָסען געוואָרען קאַנעווסקי, נאָכדעם ראטמיסטראָווסקי דער עלטערער. וואָס ווייטער איז געשעהן, ווייס איך ניט. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט א זייגער צען אין אָוועגט. דער ווייטאָג אין בויך און אין גאַנצען קערפּער איז געווען אַזאַ שאַרפער און שניידענדער, אַז איך האָב באַלד פאַרלאָרען דעם באַוואוסטזיין, נאָר באַלד בין איך ווידער צו זיך געקומען. אַרום מיר זיינען געלעגען בר־מנן'ס

איך האָב זיך אַנידערגעשטעלט. מיינע וועש זיינען געוועזן דורכ־געווייקט אין בלוט. ניט ווייט האָט זיך געהערט דאָס כאָרכלען פון אַ גוסס׳ען. איך האָב אָנגעשטרענגט אַלע מיינע כחות צו־צוגעהן צו אים. אַרום איז קיינער ניט געוועזן. אַ טויטע אימה׳־דיגע שטילקייט. די קרעכצען הערען זיך נאָך דייטליכער. איך האָב דאָך ניט געקאָנט זיך דערשלעפּען און האָב פון דאָס ניי פאַרלאָרען דעם באַוואוסטזיין. ווי לאַנג איך בין אַזוי געלעגען, וויים איך ניט, נאָר ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך דערזעהן נעבען מיר קאַנעווסקין, דאָס האָט ער געקרעכצט. „קאַ־נעווסקי", האָב איך מיך געווענדט צו אים, „איר קאָנט, אפשר, אויפשטעהן, וועלען מיר צוזאַמען פּרואווען אַוועקקריכען אַהיים." — „ניין", האָט ער געענטפערט, „איך שטאַרב. זייט מוחל, גע־פינט דאָ מיין זון און לייגט אים לעבען מיר, איך וויל אים פאַר׳ן טויט אַרומנעמען." מיר האָט זיך איינגעגעבען צו געפינען דעם זון. ער איז געוועזן טויט. איך האָב דעם פאָטער צוגערוקט צום זון. ער האָט אים אַרומגענומען, זיך פאַנאַנדערגעוויינט, האָט אַ זיפץ געטאָן און איז אויסגעגאַנגען. עס איז מיך באַפאַלען אַן אימה, איך האָב מיך געלאָזט לויפען. וואוהין — האָב איך ניט געוואוסט, נאָר איך בין אַ לאַנגע צייט געלאָפען. דורך עפּעס אַ נס בין איך מיט צרות געקומען אַהיים, קוים לעבעדיג. אין דער פרי האָט מען מיך אַוועקגעפירט אין קראַנקען־הויז. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די קויל איז געפלויגען מיר פאַרביי און האָט נאָר אָנגערירט מיין לייב.

## טשערקאַס

(די עדות פון ניונע קראַסנאָפּאָלסקי, 9 יאָר אַלט, דעם איינציגען לעבען־געבליבענעם פון אַ גאַנצער פאַמיליע.)

„שבת דעם 17־טען מערץ, 4 אַ זייגער, איז אונזער גאַנצע משפּחה געוועזן אין דערהיים. ביי אונז איז אויך געוועזן אונזער שכן מאיע לייס מיט זיין פרוי, מיין מוטער, מיינע אַ שוועס־טערל, אַ ברודער און איך. צו אונז איז אַריינגעלאָפען אַ צווייטע שכנ׳טע אונזערע, ביי וועלכער מען האָט נאָר־וואָס דערה׳רג׳עט

דעם מאַן, און האָט אָנגעהויבען צו בעטען אונז איר ערגעץ אָפּ־צופירען. אונזער שכן און איך זיינען אוועק מיט איר. מיר האָבען נאָך ניט באַוויזען צו עפענען די טיר, ווי ס'האָבען זיך אריינגעריסען א מאַן 15־17 באַנדיטען. „וואו געהסטו?“ האָט געפרעגט איינער פון זיי און צוויי מאָל אויסגעשאָסען. דער שכן איז אומגעפאַלען אַן אונטערגעשאָסענער. איך בין אַנטלאָפען אין איין צימער, אונזער שכנ'טע—אין א צווייטען. דאָרט האָט מען איר דער'הרג'עט. איך בין די גאַנצע צייט געזעסען אונטער'ן בעט. פון דאָרט האָב איך געזעהן, ווי איינער א מערדער האָט צעשאָסען אַלעמען. ער איז געווען אין א מאַטראָזען־פאָרם. אַלע סאָלדאַטען האָבען געשוויגען. זיי האָבען ניט געפאָדערט קיין געלט, ניט גע־שריען, זיינען אָפּגעווען סך־הכל א מינוט פינף. ווען זיי זיינען אוועק, בין איך ארויס פון אונטער'ן בעט און האָב דערזעהן, אַז אַלע זיינען טויט. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אין שטוב. באַלד האָט זיך אריינגעריסען א נייע באַנדע. איך בין ארויסגעשפּרונגען דורכ'ן פענסטער, זיך געלאָזט לויפען, און בין געקומען אויפ'ן וואָקזאַל. דאָרט האָב איך געזעהן ווי מען האָט צעשאָסען אידען, געהערט זייערע אימה'דיגע קולות, נאָר איך האָב ניט געוויינט.“

ווען איך האָב דאָס 9־יאָריגע אינגעל אָנגעהויבען בעטען, ער זאָל מיר דערציילען, וואָס ער האָט געזעהן אויפ'ן וואָקזאַל, האָט ער געענטפערט: „איך קאָן ניט . . . דאָס איז געווען צו שרעק־ליך . . .“ און ער האָט דערציילט ווייטער: „איך האָב גע־קליבען די קוילען־הילזעס, ווי ס'וואָלט קיין זאַך ניט געטראָפען, ווי מ'וואָלט די מוטער ניט דער'הרג'עט . . . איך האָב אָן אַלץ פארגעסען. איך בין געלאָפען איבער'ן שטאָט, איבער'ן ברעג גע־שפּאַצירט. מען האָט מיך ניט גערירט, מיינענדיג, אַז איך בין א רוסישער. צו מיר איז צוגעגאַנגען א סאָלדאַט, מיר געגעבען א זעקעל און געזאָגט: „געה, ראַביר.“

איך האָב אָנגעהויבען לויפען צו די קרובים. ביי זיי איז אַלץ געווען צעראַבירט. זיי אַליין האָב איך אין דערהיים ניט געפונען.

אַזוי בין איך לעבען געבליבען.

נ י ו נ ע  ק ר א ס נ אָ פּ אָ ל ס ק י.

## טשערקאס

### (די עדות פון טערפיאנסקי.)

שבת 9 א זייגער אין דער פרי האט מען אנגעהויבען קלאפען ביי באגדאנאווסקין אין טיר. מען האט זיי ניט געעפענט. האבען זיי אנגעהויבען ברעכען די טירען. דערזעהענדיג דאס, האט באג־דאנאווסקי זיי געעפענט די טיר. אין צימער זיינען אריין 6 סאל־דאטען און האבען געפאדערט געלט. נאך איידער זיי זיינען אריין, האבען די פרויען זיך באהאלטען אונטער'ן בעט. די סאלדאטען האבען זיי באמערקט און פאר די פיס אנגעהויבען ארויסשלעפען פון אונטער'ן בעט. זיי האבען אלעמען באפוילען ארויסצוגעהן אויפ'ן הויף. דארט האבען זיי די פרויען געהייסען זיך לייגען אויף דר'ערד, און ביי די מענער האבען זיי אנגעהויבען אפנעמען די געלט. צוגענומען די געלט, האבען זיי באגדאנאווסקין אוועק־געשטעלט צום וואנט און צוויי מאל אין אים אויסגעשאסען. איין קויל האט דורכגעהאקט די האנט, די צווייטע האט אנגערירט דעם קאפ. די פרויען האבען אנגעהויבען שרעקליך שרייען. דאן האבען די מערדער זיך געווארפען אויף זיי און אנגעהויבען אין זיי צו שיסען, און באגראנאווסקין האבען זיי צורו געלאזען. ער איז גע־לעגען א גע'חלש'טער און זיי האבען אים גערעכענט פאר טויט.

טייטענדיג די פרויען, האבען זיך די באנדיטען גענומען פאר מאנדעל און כאזאנאוו. מען האט זיי ארויסגעפירט אויפ'ן גאס. איינער האט מאנדעלן א שליידער געטאן אויף דער ערד און אים דערשאסען.

כאזאנאוו איז אליין אנידערגעפאלען. ער האט, ווייזט אויס, גע'חלש'ט. א ליגענדיגען האט מען אים אויך דערשאסען.

עס איז לעבען געבליבען כאזאנאוס א איינגעל, וואס איז אונטער'ן איינדרוק פון די געשעהענישען אראפ פון זינען. ער איז די גאנצע צייט געלעגען אונטער'ן בעט, און די סאלדאטען האבען אים ניט באמערקט.

טערפיאנסקי.

## עמילשטיין, וואָלינער גובערניע

### דער פּאָגראָם פון 1־טען אפּריל, 1919

(די עדות פון ווערא ראָזענשטיין.)

דאָס שטעטעל עמילשטיין, נאָוואָגראָד־וואָלינער קרייז, געפינט זיך 15 וויאָרסט ווייט פון דער באַן־סטאַנציע יאַבלאָנצע, פּאָדאָליער באַן־ליניע.

די באַפעלקערונג ציילט 4־5 טויזענט, צווישען זיי 2000־2500 אידען. פאַר דער מלחמה האָבען אין שטעטעל גופא און אין אומגעגענט געוואוינט א גרויסע צאָל דייטשע קאָלאָניסטען, וואָס זיינען ביים אויסברוך פון דער מלחמה ארויסגעשיקט געוואָרען אין די מזרח'דיגע גובערניעס פון רוסלאַנד. אַן אומבאַדייטענדע צאָל פון די קאָלאָניסטען האָט זיך צוריקגעקערט אין 1918 און זיך באַזעצט אויף די פריערדיגע ערטער.

די באַציהונגען צווישען די אידען און די קריסטען זיינען פון אַלעמאָל געווען גוטע; עס זיינען ניט געווען קיין שום רייבונגען אָדער סכסוכים.

די אידישע באַפעלקערונג, עקאָנאָמיש שטאַרק אָפּגעשטאַנען, איז אין פּאָליטישער הינזיכט, איבערהויפּט דער יונגער דור, געווען דורכגעדרונגען מיט ציוניסטישע און העברעאיסטישע אידעאַלען.

די קריסטליכע באַפעלקערונג, א באַזיצענדע און פאַרמעגליכע, האָט געלעבט אין שטאַרקער פריינדשאַפט מיט דער אידישער.

אַזאַ מין באַציהונג, וואָס האָט זיך איבערהויפּט בולט ארויסגעוויזען אין דער צייט פון פּאָגראָם, איז געווען צו באַמערקען אויך מצד דער אָרטיגער קריסטליכער אינטעליגענץ: דעם גלח און די אָרטיגע שול־לערער.

דעם 9־טען אַפּריל, 12 א זייגער ביינאַכט, האָט זיך באַוויזען אין שטעטעל פּעטליוראַס אַן אָפּטיילונג פון 5־6 הונדערט רייטער, וועלכע האָבען געריטען, ווי מיר האָבען זיך שפּעטער דערוואוסט, פון אָלעווסק קיין נאָוואָגראָד־וואָלינסק. ראשית כל האָבען זיי צעטריבען די אידישע נאַכטוואַך. די אידישע וואַכען

זיינען געווען אַ געוויינליכע ערשיינונג אין די שטעטלעך פון יענעם טייל אוקראַינע. אָרגאַניזירט האָבען זיי זיך נאָכ'ן אומשטירצען פון העטמאַן און זיינען פון אָנפאַנג באַשטאַנען פון 30 מאַן. דאָס פעלען פון אַ שטאַרקער באַשטימטער מאַכט, און דער בירגער־קריג, וואָס האָט זיך שוין דאַן אָנגעהויבען פאַנאַנדערפלאַקערען, האָט געוויזען דער אידישער באַפעלקערונג, ווי נייטיג ס'איז צו בילדען אַן אייגענע וואַך, אָדער כאָטש אַ סימן פון אַזאַ וואַך.

לויט דעם ווילען פון דער אידישער באַפעלקערונג גופא איז די וואַך געווען אַן אומבאַוואָפענטע. און אַזוי איז זי פאַרבליבען די גאַנצע צייט פון איר עקזיסטענץ.

חוץ דער „בורזשואַזער" וואַך, האָט עקזיסטירט אין שטעטעל אויך אַ באַוואָפענטע וואַך פון 10 מאַן, — געדונגענע, אויס־שליסליך פון רוסישע, און עס זיינען נאָך געווען 15 מיליציאָנערען.

אין איין מאָמענט האָט זיך די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג פונ'ם קליינעם שטעטעל דערוואוסט וועגען די אורחים און איז, ניט קוקענדיג אויף דער שפּעטער שעה, בייגאַכט ארויסגעגאַנגען אויפ'ן גאַס. מען האָט באַשלאָסען צו שיקען אַ דעלעגאַציע פון די אָנגעזעהענסטע פאַרשטעהער פון דער אידישער באַפעלקערונג, בראש מיט'ן פאָרזיצענדען פון דער קהלה, שניידערמאַן. אויף דער פראַגע פון דער דעלעגאַציע, ווער זיי זיינען, פון וואַנען און וואו זיי געהען, האָט דער קאָמאַנדיר געענטפערט, אַז זיי זיינען פּעטליוראַס אַן אָפּטיילונג, און זיי געהען פון אָלעווסק קיין נאָוו־גראָד־וואָלינסק, און אַז מאָרגען פרי לאָזען זיי זיך ווייטער אַוועק; ער האָט דערביי געבעטען די דעלעגאַציע צו באַזאָרגען פאַר'ן מי־ליטער נאַכטלעגערס און פּראָוויאַנט. די דעלעגאַציע האָט אָט דעם באַרוהיגענדען ענטפער איבערגעגעבען די דערוואַרטענדע גרופּעס אידען, און מען איז גלייך צוגעטראָטען צונויפצוזאַמלען ברויט. פלוצלונג זיינען פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי די אידישע געזעמלעך עט־ליכע סאָלדאַטען און אויסגעשריען: „העי, זשידעס, אַהיים אָדער מיר שיסען באַלד!" אָט די התראה, און נאָך איינינגע ענליכע, האָבען איבערצייגט די אידען, אַז קיין גוטעס האָבען זיי ניט צו דערוואַרטען דאָ. מען האָט קודם כל אָפּגעשיקט די מיידלעך אין פאָלקס־שול אונטער דער השגחה און שוץ פון די קריסטליכע לערער און צום אָרטיגען פרידענס־ריכטער. די איבעריגע זיינען אַנט־

לאָפען זיך אויסבאהאלטען צו די פויערים, נאָר די, וואָס האָבען עס ניט באוויזען צו טאָן, האָבען זיך אָפּגעשטעלט אין די הייזער.

ביי אונז האָבען זיך באזעצט צוויי פון דעם אָטריאד און האָבען זיך פאָרגעשטעלט ווי „קאָמענדאנטען". מיר האָבען גע־קלערט, אז מיר זיינען אויסער וועלכער עס איז סכנה, ווייל די „קאָמענדאנטען" וועלען געוויס ניט לאָזען קיין שלעכטס טאָן. באלד איז אריינגעלאָפען א בחור און אונז דערציילט, אז ביי זיי האָבען זיך אויך אָפּגעשטעלט „קאָמענדאנטען", וואָס בארימען זיך מיט זייער אנטייל נעמען אין אידישע פּאָגראָמען.

מיר האָבען נאָך ניט באוויזען צו פאסען א באשלוס, ווי מיר האָבען דערהערט קולות און א שיסעריי. אין דער פרי האָבען מיר זיך דערוואוסט, אז דאָס האָבען סאָלדאטען געשאָסען אין דער לופט, זיך אריינקלייבענדיג אין אידישע הייזער מיט דער פאָדערונג פון געלט. דערביי האָבען די סאָלדאטען, וואָס זיינען ניט געווען קיין אָרטיגע און האָבען קיינעם דאָ ניט געקענט, דאָך אָנגערופען יעדערען מיט זיין נאָמען.

מיר האָבען באשלאָסען זיך צו באהאלטען און זיינען אריינ־געלאָפען צו א שכן, א דייטש, וועלכער האָט אונז אָפּגעפירט אין א דירה פון א פּאָליאַק, וואָס איז געלעגען טיף פאררוקט אין הויף, און וואָס איז ענליך געווען גיכער צו אן אייגעפאלענע קליים, ווי צו א הויז.

מיר האָבען זיך דערוואוסט, אז די סאָלדאטען אינטערעסירען זיך איבערהויפּט מיט יונגע מיידלעך, און מיר האָבען זיך שטארק געשראָקען, מען זאָל אונז ניט אויסגעפינען.

אויף מאָרגען אין דער פרי זיינען אָנגעשוואומען פון דער סביבה אן אומגעהייערע מענגע פויערים, איבערהויפּט „קאצאפּעס", די סאָלדאטען האָבען אויפגעריסען די קראָמען און צוזאמען מיט די פויערים ארויסגעטראָגען אלץ, וואָס דאָרט האָט זיך געפונען. דאָס האָט געדויערט ביז 2 בייטאָג. דערביי איז געטייט געוואָרען איין איד, דער ערשטער קרבן פון עמילטשינער פּאָגראָם, — ער איז געלאָפען פון שטוב צום קראָם, אָפּצוראטעווען זיין סחורה.

ביז 2 א זייגער זיינען שוין געווען צעראבירט איבער הונדערט קראָמען, און די סאָלדאטען מיט גאנצע מחנות פויערים לאָזען זיך

איבער די הייזער. פון די אָרטיגע פויערים האָבען נאָר זעהר א קליינע צאָל אנטייל גענומען אין די רויבערייען.

אזוי האָט געדויערט א גאַנצען טאָג. אין אָוונט איז די לאַגע געוואָרען נאָך אָנגעשטרענגטער. עס האָבען זיך פארשפּרייט קלאַנגען, אז די סאָלדאַטען האָבען צוגעזאָגט אויסצוקוילענען די גאַנצע באַפעלקערונג. די נאַכט אין דאָך אריבער רוהיג.

אין דער פרי, דעם 11־טען, איז דער אָטריאַד ארויסגעריטען קיין נאָוואָגראָד־וואָלינסק. די אידען האָבען געמיינט, אז אַלץ איז געענדיגט, און געוואָלט שוין אומקערען זיך אין די פאַר־לאָזענע הייזער. נאָר פּלוצלונג איז דער אָטריאַד געקומען צוריק. ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזען, האָבען די סאָלדאַטען, זיך אָנ'שכור'ענדיג, צעקריגט און צעשלאָגען זיך, און דערביי איז איינער פאַרוואונדעט געוואָרען. דעם אינצידענט האָבען די סאָלדאַטען באַשלאָסען ווי געהעריג אויסצונוצען, און זייענדיג שוין 3 וויאָרסט פון שטעטעל, האָבען זיי זיך צוריקגעקערט און אריינגעריסען זיך אין שטעטעל, אום צו פאַרענדיגען דעם פּאָגראָם. די פויערים האָבען זיי אויך דעם טאָג באַגלייט. מען האָט פאַנאַנדערגעעפענט די רעשט נאָך גאַנץ־געבליבענע קראָמען און צום סוף זיי אונטערגעצונדען. די סאָלדאַטען האָבען אַוועקגעשטעלט נעבען די קראָמען קוילענוואַרפער, דראָענדיג צו שיסען יעדערען, וואָס וועט פּרוּווען לעשען די שרפה. ווען דאָס פייער פון די קראָמען האָט זיך פאַרשפּרייט אַלץ מער און מער און האָט זיך אריבערגעוואָרפען נעענטער צום קלויסטער, איז ארויס דער גלח מיט א צלם אין די הענט און האָט זיך געווענדעט צו די סאָל־דאַטען: „איך האָב ניט פאַרטיידיגט די אידען, ניט באַשיצט זיי און זייער פאַרמעגען. אָבער איר האָט שוין גענוג בלוט פאַר־גאָסען, אָנגעראַבעוועט זיך. געדענקט, אז עס קאָן איצט אויך ליידען פון דער שרפה די פּראַוואָסלאַווע קירכע." דאָס האָט געווירקט און מער האָט מען שוין ניט אונטערגעצונדען. דאָך האָט מען אין די הייזער די צעשטערונגס־ארבייט ניט אָפּגע־שטעלט.

אין דער פרי האָבען די סאָלדאַטען ענדליך פאַרלאָזען דאָס שטעטעל, א חרוב'ען און פאַרוויסטען.

פאַר די צוויי טעג האָט מען דערמאָרדעט 11 אידען, פאַר־

ברענט 18 קראָמען, צוגענומען געלט 300,000 רובעל און צערא־בירט אין סחורה און שטוב־זאכען אויף 21—23 מיליאָן רובעל. דאָס איז אַ ניט איבערטריבענע אָפּשאַצונג פון די היזיקות.

**ווערא ראָזענשטיין.**

## סלאָוועטשנאָ, וואָלינער גובערניע

(די עדות פון ישראל בער בירגער, 53 יאָר אַלט.)

דינסטאָג אין דער פרי און בייטאָג האָבען זיך אָנגעהויבען טראָגען קלאַנגען, אַז עפּעס גרייט זיך, אַז אונז, אידען, דראָט אַ געפאהר. איך האָב זיך מיט מיין גאַנצער פאמיליע אריבער־געצויגען אין עק שטעטעל, וואו עס וואוינט די אידישע אָרעמ־קייט, אָפּטמאָל צוזאַמען אין איין הויז מיט די פויערים. דאָרט האָבען מיר פארבראַכט די נאַכט פון דינסטאָג אויף מיטוואָך. ווען אין הויז פון דעם אידען, וואו מיר האָבען זיך באהאַלטען, פלעגען אריינקומען פויערים, פלעגט ארויסגעהן צו זיי דער איד אַ באָרוועסער, פארוואקסענער, צעכליאשטשעטער, אָנגעטאָן אין טראַנטעס, און עס פלעגט ביי די גראָמירער אָפּנעמען די לוסט צו ראַבירען און הרג'ענען. מיטוואָך, דעם טאָג און די נאַכט, בין איך דאָרט פארבליבען. איך פלעג אָפּט ארויסגעהן אַ הארך טאָן, וואָס עס הערט זיך אין שטעטעל. מיין פרוי, דערוויסענדיג זיך וועגען דער אומרוהיגער שטימונג, האָט ניט געוואָלט מער דאָ פארבלייבען, נאָר דערווייל זיינען מיר דאָך דאָ פארבליבען. פון שטאָט פלעגען דערגרייכען קלאַנגען וועגען הריגות. דאָנערשטאָג האָט מען זיך צונויפגעקליבען אין בית־המדרש, צונויפגעלייגט זיך געלט, אום צו באַגיטיגען די פויערים, זיי זאָלען אָפּשטעלען דעם פּאָגראָם. מיר האָבען צונויפגעזאמעלט 50,000 רובעל, און אין ראַטנערס הויז האָט מען אריינגערופען די יונגע שקצים, וועלכע האָבען אָנגעפירט מיט דער באַנדע. אַ גאַנצען טאָג האָט מען זיי געגעבען עסען און טרינקען, פאנאנדערגעגעבען געלט. די נאַכט פון דאָנערשטאָג אויף פרייטאָג האָבען מיר נאָך פאר־בראַכט ביים אידען אין עק שטעטעל.

אין דער פרי זיינען מיר ארויסגעקראָכען פון אונזער קאַנורע

און האָבען זיך דערוואוסט, אַז אין שטעטעל איז אַן אומרוהיגקייט און אַ פּאַרוּוירטקייט. בלייבען לענגער האָט ניט געהאַט קיין זין; מיר האָבען באַשלאָסען אַרויסצוגעהן פון שטעטעל, און איך, די ווייב און די קינדער (10 פּערזאָן) זיינען אַרויס אין דער ריכטונג צו אוורוטש. מיר האָבען באַשלאָסען: וואָס ס'איז באַשערט, דאָס זאָל זיין.

עס האָבען זיך געהאַט פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אין אוורוטש זיינען שוין די באָלשעוויקעס ניטאָ, און דערפאַר האָבען מיר זיך ביז פרייטאָג ניט באַשלאָסען צו געהן אַהין. פרייטאָג אין דער פרי זיינען מיר דאָך אַרויס.

אונז האָבען באַגעגענט מיט אַ שיסעריי די פּויערים און מיר אַלע (ביי 80 אידען) האָבען זיך געלאָזט לויפען צוריק. מען האָט אונז אַלעמען אַריינגעטריבען אין איין הויז און פאַרשפּאַרט אין צוויי קאָמפּאַניעס אין צוויי קליינע צימערען. די טיר פון שטוב איז געווען פאַרשלאָסען. באַלד איז צוגעקומען אַ קאָמפּאַניע פּויערים, האָט אָנגעהויבען ברעכען די פענסטער און שיסען דורך זיי. מיר האָבען זיך אַלע אויסגעלייגט אויפ'ן פּאָדלאָגע איינער אויפ'ן אַנדערען צו 11-15 מענשען אין אַ קרואַווע. אין צימער זיינען אַריין עטליכע פּויערים בראש מיט אַ פּויער קאַסענקאָ. קאַ־סענקאָ האָט אונז גלייך געמעלדעט, אַז ער האָט ברעה אונז אַלע־מען צו טייטען. זיי האָבען אָפּגענומען ביי אַלעמען די געלט, און דערנאָך האָבען זיי אָנגעהויבען קוילענען בוכשטעבליך כסדר, אַלעמען, צעהאַקען מיט העק, שאַשקעס. די, וואָס זיינען געלעגען פון אויבען, זיינען אומגעקומען; די, וואָס פון אונטען, זיינען ניצול געוואָרען. איבער דער פּאָדלאָגע האָבען גענומען רינען שנירעלעך בלוט. די קרעכצען מיט די קולות זיינען ניט צום באַשרייבען.

איך האָב זיך געמאַכט כלומר'שט ווי טויט, האָב איינגע־האַלטען דעם אָטעם, ניט גערירט זיך. אין דער צייט האָבען די, וואָס זיינען געווען אין אַנדערען צימער, אָנגעהויבען צו אַנט־לויפען. וואָס איז מיט די ווייב און קינדער ווייס איך ניט.

די שחיטה איז געענדיגט. איך ליג נאָך אַלץ ווי טויט. עס זיינען צו מיר צוגעגאַנגען די באַנדיטען, אויסגעפּרואווט צי איך לעב נאָך און מיך אַרומגערויבט, צונעמענדיג אַלץ, ווי פון אַ

טויטען. נאָר ווען איך האָב דערהערט רעדען אידיש, האָב איך אויפגעהויבען דעם קאָפּ, — דאָס זיינען געקומען אידען צונויפ־נעמען די בר־מנן׳ס. איך האָב געפרעגט, צי קאָן איך אויפשטעהן. די אידען האָבען מיר אַן עצה געגעבען צו פארקאשערען די אר־בעל, ווי איך וואָלט כלומר׳שט העלפען צונויפנעמען די מתים. ארום איז בלוט, בלוט אָן אַן עק און קרעכצען פון די פאר־וואונדעטע.

איך האָב ארויסגעטראָגען די טויטע קערפּער און זיי צונויפ־געלייגט אין וואָגען. איך האָב מיך צוגעקוקט און דערקענט אויפ׳ן וואָגען דעם בר־מנן פון מיין פרוי. ווי עס האָט זיך ארויסגע־וויזען, איז מיין פרוי מיט די קינדערלעך ארויסגעלאָפען דורכ׳ן פענסטער, נאָר איר האָט דערביי אַ יונגער פּויער אַ שטאָך געטאָן מיט אַ שפּיז (אזוי האָט מיר דערציילט מיין קליין אינגעלע — אַ 6־יאָריגער). די פרוי מיינע איז גלייך אַנידערגעפאַלען, זיך פאר־גיסענדיג מיט בלוט. נעבען איר זיינען געזעסען די קינדער, די קלענסטע. די פרוי האָט נאָך געלעבט, און זאָרגענדיג וועגען די קינדער, האָט זי זיי געזאָגט, זיי זאָלען אַוועקגעהן, מען זאָל זיי אויך ניט דערהרג׳ענען. די פרוי האָט ניט איבערגעטראָגען די ווייטאָגען און איז געשטאָרבען, און די קינדער האָבען זיך גע־לאָזט לויפען מיט׳ן וועג ארויס פון שטעטעל. די אידען, וואָס זיינען געלאָפען פון שטעטעל, האָבען דערקענט מיינע קינדער און זיי מיטגענומען מיט זיך. איך האָב לאַנג ניט געוואוסט, וואָס מיט זיי איז געוואָרען, און נאָר אין אָוורוטש האָבען מיר זיי גע־בראַכט די אנטלאָפענע פון סלאָוועטשנע. וועגען דעם, ווי עס האָט זיך געמאַטערט מיין פרוי, ווי מען האָט איר געמינטערט, געגאָסען אויף איר וואסער, וועגען איר גסיסה, — האָט מיר דערציילט מיין 6־יאָריגער זון.

און די אַלע געוואַלטיגע מעשים אין סלאָוועטשנע האָט אָפּ־געטאָן אַ קליין הייפעל פּויערים בראש מיט קאסענקאָ. זיי זיינען געווען שלעכט באוואפענט, און מען האָט זיי נעקאָנט לייכט אנטוואפנען.

דעם גאַנצען פּאָגראָם האָט אָרגאַניזירט דער נאטשאַלניק פון דער מיליץ, וואָס האָט גענומען געלט ביי די אידען, כלומר׳שט אויף צום פאַרהיטען אונז פון פּאָגראָם, נאָר האָט דערנאָך לויט אַ באַ־

זונדערען אָפּגערעדטען סיגנאַל ארויסגערופען די באַנדיטען און האָט זיי באַוואָפּענט מיט די רעגירונגס־געווער, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין רשות.

ישראל בער בירנער.

## דובאָווע

(די עדות פון בעני סוקערניק, 65 יאָר אַלט, אַ שענקער.)

ביי טאָג דעם 17־טען יוני האָט זיך דורכ'ן פענסטער פון מיין בירעלע אריינגעריסען איינער קאָזאַקעוויטש, פון פּאָפּאָווס אָט־ריאַד, מיט אַ ביקס אין האַנט און געפאָדערט געלט. נאָך ביים אָנקומען פון דעם אָטריאַד האָב איך באַהאַלטען מיין פאַמיליע אין קעלער און אַליין, אַן אַלטער און שוואַכער, האָב איך זיך אָפּגע־שטעלט אין שטוב. אויף זיין פאָדערונג, האָב איך דעם סאָלדאַט תיכּף דערלאַנגט 100 רובעל. באַלד איז אָנגעקומען אַ צווייטער סאָלדאַט, וואָס האָט זיך אָנגעגעבען פאַר אַן עלטסטען און האָט באַפוילען דעם, וואָס האָט ביי מיר גענומען די געלט, ער זאָל זיי מיר אומ־קערען צוריק. דערווייל זיינען אָנגעקומען נאָך סאָלדאַטען און האָבען לויט'ן ספּעציעלען באַפעל פונ'ם עלטסטען גענומען ביי מיר ראַבירען. זיי האָבען ווידער געפאָדערט געלט. צונעמענדיג דאָס לעצטע ביסעל בעבעכעס, האָבען זיי געהייסען מיר, דעם „קאָ־מוניסט", ווי זיי האָבען מיך אָנגערופען, צוזאַמען מיט מיין פּלי־מעניק מענדעל ווינאָקור, 50 יאָר אַלט, געהן אין שטאַב. דער „שטאַב" האָט זיך געפונען אין אונטערשטען קעלער־וואוינונג פון פעלדמאַנס שטוב. דאָרט האָבען מיר שוין געפונען אַ סך אידען אָנגעבראַכטע צו דער שחיטה. איינעם נאָך דעם צווייטען האָט מען אַראָפּגעפירט אונטען אין קעלער צום שטאַב. די פאַראָרדע־נונגען האָט געגעבען פּאָפּאָווס אַדיוטאַנט, שעווטשענקאָ. דער באַפעל איז געווען פאָלגענדער: „נאָר צושניידען און צוהאַקען, קוילען איז אַ שאָדען צו פּטר'ן."

ביי די טירען זיינען געשטאַנען צוויי תליונים, איינער אַ רוס, דער צווייטער אַ מאָלדאַוואַן, מיט בלויזע שווערדען אין די הענט. די קאָמאַנדע פלעגט געגעבען ווערען: „איינס, צוויי, דריי, האַק!"

ווי מיין פוס האָט זיך נאָר צוגערירט צום אונטערשטען טרעפּעל פון׳ם קעלער — האָב איך באַקומען צוויי שרעקליכע קלעפּ מיט א שאַשקע, וואָס האָבען מיך איננאַנצען פּאַרטויבט: איין קלאַפּ איבער׳ן האַנט און איינעם איבער׳ן קאָפּ. און כאָטש איך האָב געפילט, אַז איך קאָן נאָך שטעהן אויף די פיס, האָט מיר דער אינסטינקט אונטערגעזאָגט, אַז עס איז בעסער ארונטערצוואַרפען זיך אין דער נידעריג, אין פינסטערען אָפּגרונד ווייטער פון די הענקער. איך בין אַנידערגעפאַלען אויף א גליטשיגער, נאַסער פּאָדלאָגע, אויסגעשמירט דער גאַנצער אין אייגענע און פרעמדע בלוט. מיינע פיס האָבען פּאַרטשעפּעט אימיצענס א צעהאַקטעו, צעפּליקטען טויטען קערפּער. איך האָב אָנגעהויבען צו טאַפּען ארום זיך — אומעטום בר־מנג׳ס. נעבען מיר זיינען געווען 12 מתים. ערגעץ־וואו האָבען זיך געהערט שטילע קרעכצען. באַלד איז א נייער קערפּער ארויפגעפאַלען אויף מיר. אין דער פינסטער האָב איך זיך צוגעקוקט און האָב דערקענט מיין גוטען פריינד, שמואל פּאַסטערנאַק, א זקן פון 63 יאָר. ער האָט געקרעכצט און האָט אין דערזעלבער צייט מיך שטיל בארוהיגט, שעפּטשענ־דיג „שאַ־שאַ."

פּויזשענדיג, מיטציענדיג אויך מיין פריינד מיט זיך, בין איך דערקראָכען ביז א ווינקעל אין צימער און האָב זיך באַ־האַלטען הינטער א דייזשקע. אויף דעם קורצען וועג ביז׳ן ווינקעל האָב איך אָנגעטאַפּט און מיט שרעק אָפּגעוואָרפען פון זיך אָפּ־געהאַקטע מענשליכע הענט און אַנדערע טיילען קערפּער.

אין א שעה ארום, וואָס האָט מיר אויסגעדוכט שרעקליך לאַנג, ווי אַן אייביגקייט, האָב איך דערהערט געשרייען: „ווער איז דאָ לעבעדיג, געה ארוים!" איך האָב מורא געהאַט זיך אָפּ־צורופען. נאָר בעסער איינהערענדיג זיך, האָב איך דערהערט די טענות פון אונזערע פרויען און מוטערס אויף אידיש און האָב פּאַרשטאַנען, אַז די באַנדע איז שוין אַוועק.

די באַנדע איז שוין טאַקע געווען אַוועקגעגאַנגען, און דאָס זיינען די פּויערים פון אונזער שטעטעל, מיטפילענדיג אונז, גע־קומען ארויסציען אונז פון גרוב. מיט גרויס מאַטערניש, ארויפ־נעמענדיג אויף די פּלייצעס מיין פריינד פּאַסטערנאַק, בין איך צוגעקראָכען צום אויסגאַנג און נענעבען פון זיך צו וויסען. מען

האָט אונז אַרויסגעצויגען. איך האָב זיך געראַטעוועט ניט אַנ־דערש ווי דורך אַ נס. מיין פריינד איז נעשטאָרבען. מיין פלי־מעניק, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, האָבען זיי פאַרפייניגט אוממענשליך און מיט די שאַשקעס צעשניטען. איך דערמאָן זיך, אַז ווען מען האָט מיך אַריינגעפירט אין שטאַב, האָבען מיר די הענקער געזאָגט, אַז באַלד באַלד וועל איך זיין צעשניטען. איך האָב זיך אָנגעהויבען צו בעטען, מען זאָל מיך בעסער דערשיסען, נאָר זיי האָבען געענטפערט: „מען טאָר ניט. מיר האָבען אַ באַפעל נאָר צוצעהאַקען מיט די שווערדען.“ ביי די ווערטער האָבען זיי אויפגעהויבען אַ מענשליכע האַנט, וואָס האָט זיך דאָ געוואַלגערט, און מיר ווייזענדיג, געזאָגט: „זעהסט, עס איז אַ שאָדען די קוילען.“ נאָך די ווערטער האָב איך עס באַקומען די קלעפּ איבער'ן קאָפּ און האַנט.

בעני סוסערניס.

## די טראַגעדיע פון שטעטעל טראָסטיאַנץ (פּאָדאָליער גוב.)

(דערציילט פון ב. סאַנדלער, פּאָרזיצער פון טראָסטיאַנצער ראַט.)

אין מיין געבורט־שטעטעל, דעם פון איצט אָן פאַראומגליקטען און אויף אייביג חרוב־געמאַכטען טראָסטיאַניז, האָט עקזיסטירט אַ פאָלקס־לעגענדע, נאָך וועלכער אונזער שטעטעל איז אַמאָל גע־בענשט געוואָרען פון אַ גרויסען צדיק, אַז אין איר זאָל קיינמאָל ניט זיין קיין פּאָגראָם אָדער שפיכת דם. דאָס פאָלק האָט שטאַרק געגלויבט אין זיין צדיק און האָט געהאָפט, אַז אייביג וועט עס אַזוי זיין. דאָס פאָלק איז נאָך שטאַרקער געוואָרען אין זיין גלויבען און האָפנונג אין די לעצטע חדשים. פּעטליוראַס באַנדעס האָבען פאַרניכטעט און פאַרוויסטעט און ווי מיט אַ בעזים אָפּ־געקערט אַלע שטעטלעך, וואָס זיי האָבען נאָר אָנגעטראָפען אויפ'ן וועג פון זייער צוריקטריט. דאָך האָט אַזוי אָפּגעגליקט אונזער שטעטעל, וואָס איז אויסגעשטאַנען נאָר אַ טיילווייזען פּאָגראָם און איז אָפּגעקומען נאָר מיט מאַטעריעלע היזקות, — קיין בלוט־פאַרגיסונג איז ניט געווען. עס איז אַריבער אַ קורצע צייט. דער עולם האָט שוין אָנגעהויבען קומען צו זיך פון די שאָרענס, וואָס

די פּעטליוראָווצעס האָבען דאָ אָנגעטאָן. זיי האָבען נאָר ניט געקאָנט נענוג אָנלויבען זיך פון גוטען צדיק ז"ל, וואָס האָט זיי אָפּגעהיט פון יערער צרה און לייד. דאָס לעבען אין שטעטעל האָט גענומען פליסען נאָרמאַל און פרידליך, ווען ס'האָט זיך איינגע־שטעלט די ראַטען־מאַכט, און ס'האָט זיך געבילדעט דער קרינס־רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט, אין וועלכען דאָס שטעטעל האָט גע־שיקט איר פאָרשטעהער. נאָר אָט איז אָנגעקומען דער 9־טער מאַי, און אין אונזער שטעטעל האָט זיך אָפּגעשפּילט איינע פון די גרעסטע, שרעקליכסטע וועלט־טראַגעדיעס, אין וועלכער עס איז אויף דעם גרויזאַמסטען אופן אומגעקומען כמעט די גאַנצע מענ־ליכע באַפעלקערונג פונ'ם שטעטעל.

עס כאַפּט מיך אַ גרויל, ווען איך הייב אָן דערציילען וועגען די בלוטיגע געשעהענישען, פון וועלכע איך בין געווען אַ צושויער פון אָנהייב ביז'ן סוף. עס לעבט אויף פאַר מיינע אויגען, איך לעב עס איבער פון דאָס ניי. וואו איך גיב זיך אַ קער אַרום מיר און אומעטום, זעה איך נאָר איינס: בלוט און בלוט. ווי מען זאָל ניט צוגעהן צו דער טראַגעדיע, פון וועלכער זייט מען זאָל איר ניט באַטראַכטען, איז זי אַ שרעקליכער, ווילדער קאָשמאַר, סײַ נאָך דער טעטיגקייט פון דער אָרטיגער סדום־אינטעליגענץ, סײַ נאָך דעם מאַטערען און פּייניגען די קרבנות, נאָך דעם חוזק־מאַכען איבער זיי, נאָך דעם כאַראַקטער פון דער אָרגאַניזירטקייט און דעם שטח, וואו עס זיינען פאָרגעקומען די הריגות, נאָך דער טייוועלשער חיה'שער בלוט־דורשטיגקייט, וואָס דער המון האָט אַרויסגעוויזען, נאָך דער שלויקייט און געמיינקייט פון פּלאַן, וואָס איז דאָ פאַרטראַכט און אויסגעאַרבייט געוואָרען נאָך לאַנג פאַר דעם אומגליקליכען טאָג און איז דורכגעפירט געוואָרען מיט אכזריות און עקשנות, ביז צו די קלענסטע פּרטים.

באַשרייבען דאָס אַלץ איז אַזוי שווער! מיר קומט אויס, ווי איך וואָלט אַליין הרג'ענען מענשען. מיר, צושויער, וואָס האָבען געזעהן אָט די רינעס בלוט, געהערט די קרעכצען פון די מאַר־טירער, דעם האַרצרייסענדען, דערשיטערענדען קלאַנג און יאָמער פון אַ טויזענט אַלמנות און יתומים, שוועסטער און מוטערס, און וואָס האָבען אין משך פון 8 לאַנגע מעת־לעת געהערט דעם אומ־אויפהערליכען אַלאַרם־קלינגען פון די גלעקער אין אַלע קירכען, וואָס

האָבען גערופען די מערדער, די הענקער מיט ווידלעס, רידלען, גראָב־אייזענס און העק, — מיר, וואָס האָבן דאָס אַלץ געהערט און געזעהן, זיינען שוין פאַר׳משפּט׳ע, אָפּגעלעבטע מענשען.

איך געה איבער צו די געשעהענישען גופא.

(דאָ ווערען געבראַכט די פאָלגענדע אויסצוגען.)

דעם 9־טען מאַי

עס באַווייזען זיך די באַנדעס. פון אַלע קירכען הייבט זיך אויף אַן אַלאַרם־געקלאַנג אין אַלע גלעקער. איך בין אַרויסגעלאָפען אויפ׳ן גאַס צוצוקלייבען די רויטע אַרמייצעס, נאָר דאָ האָב איך דערזעהן אַ שרעקליך בילד פון פאַרלאָרענקייט און פאַרווירטקייט. עס האָבען אַ פלייץ געטאָן גאַנצע מחנות באַוואָפענטע אויפשטאַנדיגע פויערים, וואָס האָבען אָנגעגריפען די רויטע אַרמייצעס, אַ טייל פון וועלכע איז אַנטלאָפען צום וואָקזאַל, און דער אַנדערער טייל איז צוגעשטאַנען צו די באַנדיטען. דעם שטעטעלשען אידישען עולם האָט אַרומגעכאַפּט אַ ווילדער פּאַניק. עס הערען זיך פון אַלע זייטען קולות. אין דער לופטען טראָגט זיך דער אומאויפהערליכער בייזער גלאָקען־קלאַנג, וואָס ווארפט אָן אַ פחד און דערמאָנט אָן דעם אָנקומענדען שטורם.

אין שטאָט קומט פאָר אַ געוויינליך באַקאַנט פּאָגראָם־בילד: עס לויפען פון אַלע זייטען מיט כל׳ערליי געווער באַוואָפענטע פויערים, ראַבירען, שרייען, רופען דערביי אויס שפּאָטיש: „אהא, וואו זיינען אייערע רויטע אַרמייצעס? גיט אָפּ די געווער, אויב ניט ווען מיר אייך דער׳הרג׳ענען!" די ווילדע וואַקכאַנאַליע דויערט איינעגע שעה, ביז וואַנען מען נעמט זיך ניט אַרויסשלעפּען פון אומעטום אַלע מענער, אומגעאַכט אויף עלטער, אפילו קליינע קינדער־איינגלעך. מען שלאָגט זיי, און נאַכהער פירט מען זיי ערגעץ וואו אַוועק; איינינגע זאָגען — אַרויפצוליינען קאָנטריבוציע, די אַנדערע מיינען — צום אַרעסטירען און דערשיסען.

ביז ביינאַכט איז שוין די גאַנצע מענליכע באַפעלקערונג געוועזען אויסגעכאַפּט, וואָס מען האָט נאָר געקענט געפינען, מיט איינינגע אויסנאַמען פון די, וואָס האָבען באַוויזען זיך גוט צו באַהאַלטען.

דאָס שטעטעל איז ווי אויסגעשטאָרבען.

די צונויפגענומענע מענער און עטליכע פרויען, וואָס זיינען פּריווילעגירט געווען, ניט געווען ווילענדיג זיך שיידען מיט זייערע פּאַטערס, ברידער און מענער, — האָט מען אָפּגעפירט אין בנין פון געוועזענעם קאָמיסאַריאַט.

עס קומט אָן אַן אומרוהיגע שרעקליכע נאַכט. דאָס שטעטעל טונקט זיך איין אין אַ טיפער שטילקייט, וואָס ווערט ווען ניט ווען איבערגעריסען פון אַ שאָס, אַ האַרץ־רייסענדען יאָמער. אין דער פרי דערוויסט מען זיך, אַז איבער נאַכט האָבען די באַנדיטען דער־מאָרדעט אין די הייזער 18 מענשען, פון זיי 2 פרויען.

## דעם 10־טען מאַי

אויף מאָרגען, דעם 10־טען מאַי, האָבען די באַנדעס מיט אָפּ־געפרישטער ענערגיע און נאָך גרעסערען פלייס גענומען זיך פאַר זייער פּאָגראָם־אַרבייט. זיי ראַבירען. דערביי קומען פאָר איינ־צעלנע הריגות. זיי זוכען די פאַרבאַהאַלטענע מענער און שיקען זיי אָפּ אין די זעלבע קאָמיסאַריאַט־געביידע, וועלכע איז צוזאַמען מיט דער גאָס, אויף וועלכער זי געפינט זיך, אָפּגעשניטען פונ'ם שטעטעל. מען לאָזט קיינעם פון די איינוואוינער ניט דורך, ניט אַהין און ניט צוריק. וואָס ערוואַרט די אַרעסטירטע? וואָס האָט מען פאַרקלערט צו טאָן מיט זיי? וואָס גרייט מען פאַר זיי צו אין דער שטיל? מען הייבט אָן גראָבען דעם שרעקליכען קבר, 35 אַרשין די לענג, וואָס האָט אַריינגענומען אין זיך אָט די אַלע מאַרטירער. זיי האָבען זיך געפּייניגט און געקוועלט 30 שעה נאָכאַנאַנד, אין שווערען פאַרגעפיל פון זייער טרויעריגען גורל, אין דורשט און הונגער, אין פרעסעניש און דריקעניש. וואָס דאָרט איז געשעהן הינטער די ווענט, אָפּגעשלאָסענע פון שטעטעל, — וועגען דעם שווייגען די ווענט, די איינציגע עדות. און אַזוי איז אַלץ געבליבען אַ שרעקליכער, ניט אויפגעדעקטער סוד.

עס איז נאָר צו באַמערקען אַ שטאַרקע באַוועגונג פון די באַ־וואָפענטע מאַסען פון די שכנות'דיגע דערפער. און אין האַרץ ביי יעדען איינעם פון אונז, געבליבענע אין שטעטעל, לעבט נאָך די האָפנונג, אַז מען וועט דאָך ניט טייטען אַלע די, וואָס זיינען דאָרט צונויפגעקליבען, — ווייל אַזאַ שרעקליכער געדאַנק האָט קיינעם אויפ'ן זין גיט געקאָנט קומען. דאָס איז אָבער געווען

באַשלאָסען. דער קבר זייערער האָט זיי דערוואַרט פון אין דער פרי דעם 10־טען מאַי.

די מאָנאַרכיסטען און קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען פון אַלע ראַנ־גען און ריכטונגען האָבען פלייסיג געאַרבייט און באַמיט זיך אַ גאַנצע נאַכט און אַ גאַנצען טאָג און האָבען צוגעגרייט די בלוטיגע געשעהענישען, וואָס זיינען פאָרגעקומען 5 אַ זייגער בייטאָג, דעם 10־טען מאַי, דער זכר וועגען וועלכע עס וועט אויף אייביג פאַר־בלייבען אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק.

עס איז געווען 2 אַ זייגער בייטאָג, ווען די גאַנצע פויערשע עדה האָט זיך צונויפגעקליבען אין וואָלאָסט, צו באַשליסען, וואָס צו מאַכען מיט די „זשידקעס". מען האָט אַרויסגעזאָגט פאַרשי־דענע מיינונגען. די פאַרזאַמלונג האָט זיך צעטיילט אויף גרופּען. איניגע האָבען געשריען: „טייטען, קוילענען אַלע זשידעס, זיי־ערע פרויען און קינדער, עס זאָל ניט בלייבען פון זיי קיין גע־דעכנים." די אַנדערע האָבען געוואָלט, מען זאָל אַ סוף מאַכען נאָר מיט די יונגע און אויף דעם איבעריגען טייל זאָל מען אַרויפ־לייגען אַ קאָנטריבוציע; די דריטע האָבען גע'עצה'ט אויסצוראָטען די רוימע אַרמייצעס. נאָר איניגע האָבען איינגע'טענה'ט מיט דער באַנדע אָפּצוהאַלטען זיך פון דער עקעלדיגער, שענדליכער אַרבייט, אָנווייזענדיג זיי, אַז עס איז שוין גענוג בלוט פאַרגאָסען געוואָרען. מען האָט אָנגעהויבען אָפּשטימען. די גאַנצע עדה האָט זיך צעטיילט, ווי עס האָט דערציילט אַ פויער, וואָס איז געווען דערביי, אויף צוויי „טאַבאָרעס", מיט איניגע, וואָס האָבען זיך אָפּגעהאַלטען פון שטימען. קיין אויבערהאַנט האָט ניט באַקומען ניט דער איינער, ניט דער צווייטער צד.

פּלוצלונג האָט זיך באַוויזען דער בלוטיגער שליח, וואָס האָט געשפּילט די באַשליסענדע ראָלע אין דער טראַגעדיע. ער איז גע־קומען רייטענדיג אויף אַ פערד און האָט אַ געשריי געטאָן צום פויערים־עולם: „די זשידעס פאָרען אָן אויף געפּאַנצערטע אויטאָ־מאָבילען צו אונז. צו די געוועהר!"

דער שליח איז געווען פּעטליוראַס אַ געוועזענער אָפיציר, דרעווינסקי. ער האָט זיך נאָך דעמזעלבען טאָג דערקלערט פאַר דעם קאָמענדאַנט פון די אויפשטאַנדיגע. עס האָט זיך אויפגע־הויבען אַ רעש, אַן אויפרעגונג. צווישען דעם געפילדער האָבען

זיך דערהערט שטימען: „לאָמיר געהן, ברידער, אויסשלאַכטען פון ערשטען ביז'ן לעצטען, ניט איבערלאָזען קיין איינעם פון זיי!“ די „טאַבאָרעס“ האָבען זיך צונויפגעמישט. אַלע האָבען זיך מיט אַ ווילדען ברומען אַ לאָז געטאָן פייל אויס'ן בויגען אין קאָמי־סאַריאַט, האָבען אים אַרומגערינגעלט און אָנגעהויבען אַ געוואַל־טיגע שיסעריי זאַלפּענווייז.

די אומגליקליכע קרבנות, — עטליכע הונדערט מענער און יונגע אינגלעך, — זיינען אין שרעק צוגעפאַלען צו דער ערד, אָנ־געהויבען וויינען, שרייען, רופען, בעטען רחמים, — אָבער אומ־זיסט! אין דער פויערים־מאַסע האָט מען געוואָרפען דעם בלו־טיגען לאָזונג — קיין לעבעדיגען ניט איבערלאָזען! — און די מאַסע האָט אים אויפגענומען. די הענקער האָבען זיך באַלד איי־בערצייגט, אַז ס'איז ניט אַזוי לייכט אומצוברענגען עטליכע הונ־דערט לעבענס, שיסענדיג דורך פענסטער און טירען. זיי רייסען זיך אריין אין געביידע, ווארפען באָמבעס און גראַנאַטען אין דער מאַסע פון זינען גערירטע, פון שרעק און קאָשמאַר ווילד געוואָ־רענע מענשען, וועלכע שטיקען און ווערגען איינער דעם צווייטען...

עס הייבט זיך אָן אַ בלוטיגער טאַנץ פון מלאך־המות. עס באַווייזען זיך מעסערס, מען הייבט אָן ארבייטען מיט העק. עס ווערען אויסגענוצט אַליין צוגעריכטע כלי־זין, אום דורכצושטעכען דורך און דורך די אומגליקליכע קרבנות. מען מאָרדעט מיט סער־פען, מיט גראָבאַייזענס, מען טרעט מיט די אָפּסאַצען, די קרבנות שווימען בוכשטעבליך אין אַ טייך פון בלוט.

דאָ ווערען אָפּגעטאָן גרויליכע נגישות, ענוים, מערדערליכע, ווילדע פייניגונגען און אַ לוסטיג מאַכען זיך איבער די קרבנות,— מען וויצעלט זיך איבער טויטע און נאָך האַלב לעבעדיגע, גוסס'ע, מען טשעפּעט זיי צו צום האַרצען רויטע, אין זייער איינענעם בלוט דורכגעווייקטע, בענדלעך, און מען שרייט דערביי: „אָט האָסטו דיר קאָמונע!“

דאָ זיינען פּאַרפּייניגט און אַכזריות'דיג צעשניטען געוואָרען דער פאָטער בערמאַן מיט זיינע 2 טעכטער, וועלכע האָבען זיך אָנגעהאַנגען דעם פאָטער אויפ'ן האַלז און זיך געבעטען, מען זאָל זיי טייטען צוזאַמען מיט אים. אויף אַזאַ אופן זיינען אויך אומ־

געקומען מאָגיליעוו און זיינע 2 טעכטער, וועלכע האָבען זיך מקריב געווען, ווי יענע צוויי. דאָ קומט אום דייטשמאַן מיט זיינע 4 זין, פון וועלכע דעם עלטסטען איז 28 יאָר, דעם אינגסטען 15. דאָ קומען אום 5 ברידער קאַפּלאַן, וועמעס פאָטער איז מיט א יאָר פריער אומגעבראַכט געוואָרען פון באַנדיטען. דאָ געפינען זייער מאַרטירער־טויט אויך א פאָטער מיט 3 זין: 10, 12 און 13 יאָר אַלט; 2 פאָטערס מיט זייערע בני־יחידים; דאָ פאַרענדיגען זייער לעבען 80־יאָריגע זקנים, און דאָ איז אויך אומגעקומען באַ־סאַקאָווסקי, וואָס האָט זיך ניט לאַנג צוריק ארויסגעריסען פון קאָזובסקים הענט, — אומגעקומען אויף די הענט פון זיין יונגער פרוי, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט פון דעם גיהנום דורך א נס.

פרעגט אָט ביי דער לעבעדיגער עדות, און זי וועט אייך דער־ציילען אָט די גאַנצע שרעקליכע געשיכטע, וועלכע ניט יעדערער קאָן באַגרייפען און פאַרשטעהן, נאָר וועלכע קלינגט פאַר אונז אַלעמען ווי א טויט־אורטייל.

אַזוי האָט מען אין פאַרלויף פון 5 שעה, פון 5 ביז 10 אין אָוועגט, אָפּגעפּטר'ט עטליכע הונדערט לעבענס.

זיך אָפּגעפּאַרטיגט מיט זייער בלוטיגער מלאכה, האָט איין טייל באַנדיטען זיך געוואָרפען מאָביליזירען פורען, אום ארויס־צופירען די פאַרפּייניגטע צו די וואַסער־בעקענס ביים צוקער־פאַב־ריק, וואו מען ווארפט יעדען שמויז און אָפּוואורף. דאָרט, א וויאָרסט פון שטעטעל, האָט מען צוגערייט די גרוב נאָכ'ן מוסטער פון די מיליטערישע פראָנטאָווע ברידער־קברים, וואוהין מען האָט אריינגעוואָרפען די גאַנצע צעקאַליעטשעטע, צעפּליקטע מענשען־מאַסע. דער אַנדערער טייל האָט זיך געוואָרפען אויפ'ן שטעטעל און אָנגעהויבען ארויסכאַפּען פון די הייזער די מאַנסלייט, וואָס מען האָט פריער איבערגעלאָזען, ווי, למשל, די קראַנקע אויף טי־פוס, אָפּגעשוואַכטע נאָך א קראַנקהייט, און מען האָט זיי אויף אָן אָרט געטייט פאַר די אויגען פון זייער משפחה. מען האָט מאַנס געווען מיידלעך און געראַבירט, ביז וואַנען עס האָט זיך ניט באַ־וויזען אויף די גאַסען די אין איילעניש פאָרמירטע וואַך, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרען פון דיזעלביגע אויסוואורפען, די פּאָג־ראָם־אָנפירער, וואָס האָבען זיך אַליין דערשראָקען פאַר דער פון זיי אויפגעוועקטער און צערייצטער ווילדער חיה.

## 11—17־טען מאי

וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין שטעטעל אויף מאָרגען פרי, דעם 11־טען מאי, ווען אַלע האָבען זיך דערוואוסט, אַז די צונויפ־געטריבענע אין קאָמיסאריאַט מענער און קינדער זיינען אויסגע־שאָכטען געוואָרען, — דאָס לאָזט זיך גאָר ניט באַשרייבען.

אַ געוויין, יאָמער, היסטעריקעס, חלשות, משוגעת און פּלוצ־לונגע אַפּאָפּלעקטישע טויט־פאַלען. אַ ים טרערען און אומענדליכע פאַרצווייפלונג.

די אויף אייביג פאַראומגליקטע, צו גרונד אומגעבראַכטע אַלמנות און יתומים שיקען זייער קללה דער גאַנצער וועלט. אין אויסגאַנגסלאָזען טרויער און פאַרצווייפלונג פאַלען זיי צו צו דער ערד און בעטען אויף זיך דעם טויט.

די אין דער פרי פאָרמירטע וואך פון צווישען די הענקער לאָזט אפילו זייערע קרבנות ניט באַוויינען, — מען טרייבט צוריק אין די הייזער.

אין די הייזער וואוינען איצט צוזאַמען די עטליכע משפחות, וואָס באַשטעהען נאָר פון ווייבער און פון קינדער. די איבעריגע הייזער זיינען איבערגעלאָזען אויף גאָטס בעראָט, און די בולי־גאַנעס און דאָרפישע באַבעס טראָגען ארויס פון דאָרט, „אונטער'ן אויפזיכט פון דער וואך", די לעצטע זאַכען און פּראָדוקטען.

דאָס שטעטעל איז אָפּגעשטאָרבען. זי איז ווי אַ לעבעדיג־באַגראָבענע.

אַלע לעבעדיגע זיינען פאַרשוואונדען, קיינער בעט ניט קיין עסען, קיין הילף. די קינדער שטאַרבען שטיל ביי די בריסט פון זייערע האַלב־טויטע מוטערס. נאָר ווען ניט ווען דערטראָגט זיך אַ געוויש פון די פאַרלאָזענע הייזער, וואו עס באַלעבאַטעווען איצט די רויבער.

דעם 17־טען קומט אָן דאָס ראַטען־מיליטער. זיי צעטרייבען די באַנדעס און פאַריאָגען זיי אין די וועלדער.

דאָס אָבגעשטאָרבענע שטעטעל טשוכעט זיך אָפּ, קריכט ארויס פון די קאַנורעס. אין שטעטעל איז אַ שרעקליכער הונגער, די רויט־אַרמייצעס גיבען אָפּ זייער אייגען שטיקעל ברויט דער באַ־פעלקערונג.

מיט'ן אוועקגעהן פון דער רויטער ארמיי האָט זיך דאָס שטע־טעל ווידער פּאַרוואַנדעלט אין בית־עלמין.

צוויי טרויעריגע דענקמעלער האָבען זיך אָפּגעשטעלט אין דעם פּאַראומגליקטען שטעטעל: דער בלוטיגער בנין פון קאָמיסאַריאַט און דער שטומער קבר, אין וועלכען עס האָבען געפונען אייביגע באַרוהיגונג די צעפּליקטע גלידער פון איבער פיר הונדערט אומ־שולדיגע קרבנות.

ב. סאַנדלער,

פּאָרזיצער פון צייטווייליגען אַרבייטער־ראַט פון שטעטעל טראָסטיאַנץ.

29־טער מאַי, 1919.

.8

# דער סך-הכל פון דער מאַסען-שחיטה אין אוקראַינע

עס איז ביז איצט ניט מעגליך אונטערצופירען א ציפער־סך־הכל פון די קרבנות. דער בירגער־קריג געהט ווייטער אָן. טיילען אוקראַינע זיינען אָפּגעשניטען איינער פונ'ם צווייטען, פארנומען פון די שטרייטענדע קרעפטען. און איבער אַלעמען דער אינער־ליכער פראָנט פון דער „באטקאָווטשינע", וועלכער האָט צעטיילט אוקראַינע אויף אַן אומגעהייער גרויסער צאָל „זעלבסטשטענדיגע" חלקים, מאכט אוממעגליך יערע פארבינדונג צווישען איינצעלנע ערטער.

לויט די אָנגאבען פון דעם הילפס־קאָמיטעט פאר די פּאָגראָ־מירטע ביים רויטען־קרייץ, איז צום 22־טען סעפּטעמבער 1919, ווען די כוואַליע פון דעניקינס פּאָגראָמען האָט נאָך געהאַלטען אין רעכטען שטייגען, געווען פאררעגיסטרירטע פונקטען, וואו עס זיינען פאָרגעקומען פּאָגראָמען, 372. אָבער די צאָל פּאָגראָמען אין די פונקטען איז געווים ניט ווייניגער פון 700, ווייל פיל ערטער, ווי למשל ראדאָמיסל, טשערניאכאָוו, קאָרניפּ, וואלאָדארקע, יעליסא־וועטגראד, וואסילקאָוו, האָבען איבערגעלעבט צו 4, 5, און אנדערע אויך צו 10, פּאָגראָמען. אנדערע פונקטען לעבען איבער אַן אומ־אויפהערליכען פּאָגראָם, ביז וואנען עס פארשווינדען ענדגילטיג אַלע אידען פון דאָרטען און יעדער זכר פון אידישען פארמעגען.

פון די פאררעגיסטרירטע צעגראָמירטע פונקטען פאַלען אויס:

### אויף קיעווער גובערניע:

אין ראַיאָן פון טשערנאָביל (סטרוקס באַנדעס), 43 פונקטען
" " " טריפּאָליע (זעליאַנים באַנדעס), 9 "
" " " טשערקאַס־טשיגירין
(גריגאָריעווס באַנדעס), 21 "
" " " בערדיטשעוו . . . . . . . . 5 "
" " " טאַראַשטשע . . . . . . . . 20 "
" " " אומאַן . . . . . . . . . 12 "
" " " סקוויר און פּאָגרעבישטשע . . 30 "
" " " קיעוו . . . . . . . . . . 16 "
" " " ראַדאָמיסל־זשיטאָמיר
(סאָקאָלאָווסקים באַנדעס), 52 "

סך־הכל . . . . 208 "

### אין וואָלינער גובערניע:

אין ראַיאָן פון אוורוטש . . . . . . . . . . 26 פונקטען
" " " זשיטאָמיר . . . . . . . . . 20 "
" " " ראָוונע . . . . . . . . . 10 "

סך־הכל . . . . . . . . . 56 "

### אין פּאָדאָליער גובערניע:

אין ראַיאָן פון הייסין . . . . . . . . . . 29 פונקטען
" " " באַלטע . . . . . . . . . 8 "
" " " ווינניצע . . . . . . . . . 16 "
" " " פּראָסקוראָוו . . . . . . . 1 פונקט
" " " קאַמענעץ־פּאָדאָלסק . . . . 1 "

סך־הכל . . . . . . . . . 55 "

| | | |
|---|---|---|
| אין כערסאָנער גובערניע | . . 23 | פונקטען |
| " פּאָלטאַווער | " . . 15 | " |
| " טשערניגאָווער | " . . 7 | " |
| " יעקאַטערינסלאַווער גוב. | 1 | פונקט |
| סך־הכל | . . . . . . . 46 | " |

אין אַלגעמיין זיינען פאַררעגיסטרירט 372 פונקטען.

לויט דעם צוזאַמענשטעל פון די גראַמירער באַקומט זיך פאָל־גענדער בילד פון די פּאָגראָמען:

פּעטליוראַס רעגולערע אַרמיי און מיליטער אָפּטיילונגען:

| | די צאָל פאַר־רעגיסטרירטע פונקטען | לערך די צאָל פון די דער'הרג'עטע |
|---|---|---|
| אין זשיטאָמיר, פּראָסקוראָוו, אוורוטש, פעלשטין, קאַראַסטין, באַלטע, ראָוונע, ליטין, קרעמע־ניץ־קאָדימאַ, טראָסטיאַנעץ, קריוואָיע אָזערא, טעאָפּיפּאָל, קאַטעלנאָיע, זשמערינקע, פּיקאָוו, יאַנאָוו, הייסין, סעטשערא, טולטשין, ראַדאָ־מיסל, וואַסילקאָוו, ראַסאָווע, סקווירא, באָ־גוסלאַוו, יעליסאַוועטגראַד, נאָוואָמירגאָראָד, פּאָלטאַווע, קאַבעליאַק, ראַמאָדאַן, פּיריאַטין, בערדיטשעוו, זנאַמענקאַ און פיל אנד. ערטער | 120 | 15,000 |

סאָקאָלאָווסקיס באַנדעס (ראַ־דאָמיסל, זשיטאָמירער גוב.):

| | | |
|---|---|---|
| מאַקאַראָוו, ראַדאָמיסל, ברוסילאָוו, קאַרניין, כאָדאָרקאָוו, קאַראַסטיישעוו, יאַסנאָגראָדקע, און אַנדערע . . . . . . . . . . | 70 | 3,000 |

זעליאָנייס באַנדעס (טריפּאָ־ליער ראַיאָן):

טריפּאָליע, רזשעישצעוו, וואַסילקאָוו, אַבוכאָוו,

פּערעיאַסלאַוו, פּאָגרעבישטשע, ביעלאָצער־קאָוו, טעטיעוו, פּליאַסקאָוו, רוזשין און אַנ־דערע ערטער . . . . . . . . . 15 2,000

סטרוקס באַנדעס (טשערנאָבילער ראַיאָן):

אין טשערנאָביל, הארנאָסטייפּאַל, איוואַנקאָוו, כאַבנאָ, מעזשיגאָריע, ווישגאָראָד, און אַנד. 41 1,000

סאָקאָלאָווס באַנדעס (אומאַן, סקווירער־פּאָגרעבישטשער ראַיאָן):

אין אומאַן, דובאָווע, טאַלנע, כריסטינאָווקע, לאַדייזשענקאַ, סקווירא, וואָלאָדאַרקע, נאָוואָ־פּאַסטאָוו, פּאָגרעבישטשע, דזשונקאָוו, באַר־שצאַגאָווקע, פּרילוקי, טורבאָוו, וואַכנאָווקע, ליפּאָוויץ, גאָלאָוואָנעווסק און אַנדערע . . 38 2,000

גריגאָריעווס באַנדעס (טשערקאַס־יעליסאַוועטגראַדער ראַיאָן):

אין טשערקאַס, בעלאָזערע, סמעלא, ראָטמיסט־ראָווקע, זלאָטאָפּאָל, טשיגירין, האָראָדישטשע, מאַטוסאָוו, יעליסאַוועטגראַד, נאָוואָמירגאָראָד, זנאַמענקאַ, אַלעקסאַנדריע און אַנדערע . . 40 6,000

יאַצענקאָס, גאָלובס און אַנ־דערע באַנדעס:

אין טאַראַשטשע, באָגוסלאַוו, מיראָנאָווקע, ראַ־סאָווע, סטעפּאַנצי, סטאַווישטשע, און אַנד. 16 1,000

ד ו ר ך  ד י  א ז ו י ־ ג ע ר ו פ ע נ ע  ר ו י ט ע
ב א נ ד ע ס :

| | | |
|---|---|---|
| אין וואסילקאָוו, זאָלאָטאָנאָשע, אבוכאָוו, ראסאָ־ וועו, פּאָגרעבישטשע, וואָלאָטשאנסק, קאראס־ טען, בראילאָוו, קארסען, קלעוואַן, ראָווגע, הייסין, און אנדערע . . . . . . . . | 13 | 500 |
| סך־הכל . . . . . .. . . | | 30,500 |

דאָ איז ניט אריינגערעכענט די קאטעגאָריע פּאָגראָמען, וואָס עס האָט געמאכט די פּרייוויליגע אַרמיי.

די ציפערען זיינען וויִיט, זעהר וויִיט פון דער ריכטיגער צאָל, וואָס איז אומגעקומען. אין דעם סך־הכל זיינען אויך ניט אריין די פונקטען פון כערסאָנער, וואָלינער, פּאָדאָליער און אנדערע גע־ גענטען, וועלכע מען האָט ניט געקאָנט רעגיסטרירען, ווייל זיי זיינען געוועןן אָפּגעשניטען פון די איבעריגע.

דאָ זיינען ניט אריינגערעכענט די אומבאקאנטע אידישע משפחות אין די אומצאָליגע דערפער און ישובים, וועלכע מען האָט אויסגעקוילעט ביז צום לעצטען אין דער משפחה. דאָ זיינען ניט אריינגערעכענט די קרבנות, וואָס זיינען אומגעקומען אין וועג, אנטלויפענדיג פון זייערע חרוב׳ע, פּארברענטע שטעטלעך, ארומ־ וואנדערענדיג פון אָרט צו אָרט; די, וואָס מען האָט דערטרונקען אויף די שיפען, דער׳הרג׳עט אין די וועלדער, אין די זייטיגע שטעגלעך און וועגלעך; די פּילע, וואָס זיינען געשטאָרבען פון די וואונדען; די, וואָס זיינען געשטאָרבען פון אָנשטעקענדע און אנ־ דערע קראנקהייטען, וועלכע זיי האָבען אָנגעלעבט, זייענדיג וואָכען־ לאנג פארשפּארט אין ענגע, שמוציגע חדרים, אָן עסען, אָן טרינקען, אָן קליידער.

אין אלגעמיין זיינען אין דעם „ערשטען פּעריאָד" פון דער שחיטה, — ביי דער דירעקטאָריע און באטקאָוושטשינע, — אומ־ געקומען ניט ווייניגער ווי 70,000 מענשען.

קיין אָנגאָבען וועגען דער צאָל קרבנות פון דעניקינס פּאָגראָמען האָבען מיר ניט. אין דעם פריער דערמאָנטען מעמאָראנדום, וואָס

איז דערלאַנגט געוואָרען דעם ציוניסטישען אקציאָנס־קאָמיטעט אין לאָנדאָן און דר. מארגאָלין, ווערט אָנגעוויזען 167,000, וואָס איז בלי שום ספק שטארק גוזמא'דיג פארגרעסערט. לויט דעם, ווי עס גיבען איבער פערזאָנען, וואָס זיינען די לעצטע צייט געקומען פון אוקראַינע, דערגרייכט די צאָל קרבנות פאר דעם צווייטען פעריאָד אן ערך 50,000 מאן.

בכלל, אויב מיר זאָלען אָננעמען די צאָל פון די אוממיטעלבאר אומגעקומענע פון די פּאָגראָמען פאר 120,000, וועט דאָס געווים ניט זיין קיין גוזמא. דערצו דארף מען נאָך צורעכענען די אומ־געהייערע צאָל פארוואונדעטע, צעקאַליעטשעטע, קראַנקע, פסיכישע און נערווען־קראַנקע, פארגוואַלטיגטע פרויען.

צוליב דעם גרויסען פארנעם און שטורמישען כאראקטער פון דער מאַסען־שחיטה האָט מען ביז איצט ניט געקאָנט דורכפירען אזא סטאטיסטיק, וואָס זאָל אַלזייטיג באַלייכטען דעם אומגליק; אָבער מען קאָן מיט זיכערהייט פאָראויסזאָגען, אז די צאָל פון די פאראומגליקטע פון די אויבען־אָנגעוויזענע קאטעגאָריעס דער־גרייכט געווים אין די פילע צענדליגער טויזענטער.

קאָלאָסאַל, אומגעהייער איז די צאָל פון די, וואָס האָבען גע־ליטען מאטעריעלע היזקות. אין דעם פרט קאָן מען זאָגען, אז אין די הונדערטער צעגראָמירטע שטעט און שטעטלעך איז פון אידי־שען פארמעגען אפילו קיין זכר ניט געבליבען.

א טיפּיש, כאראקטעריסטיש בילד גיט אונז די מיטטיילונג פון אָרלאָוועץ (קיעווער גוב.): „די באנדיטען האָבען זיך א וואָרף געטאָן צו די אידישע הייזער. זיי איז געקומען צו הילף די גאנצע אָרטיגע באפעלקערונג; אלץ ווערט ארויסגעפירט אויף פורען. ווען די הייזער זיינען שוין אינגאנצען אויסגעליידינט, ווען מען האָט מיט דער הילף פון כל־ערליי נגישות שוין צוגענומען ביי די אידען זייער געלט, — דאן ערשט טרעט מען צו צו דער פולקומער פארניכטונג פון די הייזער און קראָמען — מען נעמט אראָפּ די לאָדענס, די טירען, די פענסטער, די בלעך פון די דעכער, א. אז. וו., א. אז. וו. געלט זוכט מען פלייסיג, אויף אלערליי אופנים — מען האָט אויפגעריסען די פּאָדלאָגעס, אויפגעגראָבען די ערד אין די קלייטען, אין די קעלערס, אויפ'ן הויף, — געבראָכען די אויוועגס."

דאָסזעלבע ווערט מיטגעטיילט פון זלאַטאָפאָל: „די מאַגאַ־זינעס ראַבירט מען און דערנאָך צינדט מען זיי אָן. בסך־הכל איז געווען אין שטעטל 285 קראָמען. האָט מען פון זיי 275 צעראַבירט און פאַרברענט. מען נעמט צו אַלץ, אָנהייבענדיג פון אַ קאָטשערע און אַ הילצערנעם לעפל און ענדיגענדיג מיט אַ פּיאַנינע. פון די ווענט האָט מען אַרויסגעריסען די טשוועקעס. מען נעמט אַרויס די טירען, די פענסטער־ראַמען, די שויבען פון די פענסטער, דעם איינציגען בלינדען פערדעל האָט מען צוגענומען ביי אַן אָרימען וואַסער־פירער. פון 1100 הייזער האָט מען צעראַבירט ביז אַ פאָדים 1065. די סחורה און די שטוביגע זאַכען האָט מען אַרויסגעפירט אויף טויזענטער וועגען. דאָס אַלץ דויערט 3 וואָכען נאָכאַנאַנד."

נאָך דעם אויסדרוק פון דאָרטיגען דאָקטאָר איזאַקסאָן, „האָט דער פּאָגראָם אויפגעהערט פון זיך אַליין, — ווייל אַלץ איז געווען צעראַבירט, און די איינוואוינער — צעלאָפען אין נאָוואָמירגאָראָד."

די צעגראָמירטע פון אַלע שטעט און שטעטלעך האָבען גע־וואָרפען אַלץ און געלאָפען, געלאָפען אָן אַ ציל, אָן אַ זין, וואו די אויגען האָבען געטראָגען, געצויגען זיך צו די גרעסערע שטעט און פאַרזייט די וועגען מיט די בר־מיננ'ס פון די זקנים, פרויען און קינדער, וואָס האָבען ניט אויסגעהאַלטען די לײדען; און אַליין איז מען געלאָפען ווייטער אין די גרויסע צענטרען, אום דאָרט אומצוקומען . . .

און דאָרט אין די גרויסע צענטרען, אין די גובערניע־שטעט, איז די לאַגע אַ שרעקליכע, אַ פאַרצווייפעלטע, אַן אויסגאַנגסלאָזע.

דער באַפולמעכטיגטער פון הילפס־קאָמיטעט פון רויטען־קרייץ טיילט מיט פון יעליסאַוועטגראַד: „עס איז נייטיג אַן אַלעראָרטיגע הילף, אויב ניט, וועט די גאַנצע היגע אידישע באַ־פעלקערונג אויסשטאַרבען. דאָס איז ניט קיין איבערטרייבונג: מענשען האָבען ניט קיין איינציגע העמד אויף איבערצובייטען, און ס'איז גיטאָ וואו עס צו באַקומען. אויב עס וועט ניט קומען צו דער צייט די נויטיגע הילף, זיינען עפידעמיעס אומפאַרמיידליך, עסענוואַרג איז פאַראַן וויניג, און די פויערים קומען ניט אויפ'ן מאַרק, ווייל זיי האָבען ניט וואָס צו קויפען. קיין צופּאָר פון עסענוואַרג איז גיטאָ און דער הונגער רוקט זיך אָן."

אַ צווייטער באַפּולמעכטיגטער טיילט מיט: „איבער טויזענט לאַדייזשענסקער אידען זיינען ביז איצט אין גאָלאָוואָנעווסק, אַרומ־געריסענע, באָרפּיסע, מיט צעפּוילטע העמדער אויפ'ן קערפּער, אָדער גאָר אָן העמדער, נאַקעטע, — פרויען און מענער. געזונטע און אָנשטעקענדע קראַנקע וואַלגערען זיי זיך אין די ווייבערשע שולען, אין די שטאַלען און קלייטען, אָדער פּשוט אויפ'ן גאַס.

„איין גאָט, אָדער זייערע בלוי־געוואָרענע, אויסגעטריקענטע, שטאַרק־צונויפגעדריקטע ליפּען, וואָלטען קאָנען דערציילען, ווי עס לעבען אָט די מענשען, ווי זיי קומען דורך אַ טאָג.

„אָפּט, אָפּט ציט זיך דער אָרון איבער די קרומע געסלעך פון גאָלאָוואָנעווסק, און אָפּט, זעהר אָפּט, געהט מען צונויפקלייבען פאַר לאַדייזשענער אויף תכריכים . . .“

אין אויגוסט 1919 האָבען אין איין קיעווער גובערניע געהאַט מאַטעריעלען שאָדען 150,000 אידען. בלי שום ספק איז ניט קלענער די צאָל געליטענע אין די נאָך מער חרוב געוואָרענע פּאָדאָליע און וואָלין. מען קאָן אָננעמען אָן אַ גוזמא, אַז מאַטע־ריעלע היזקות האָבען אין קיעווער, וואָלינער, פּאָדאָליער און כער־סאָנער גובערניעס געליטען ביז 600,000 מאַן. אזוי האָט גערע־כענט דער הילפס־קאָמיטעט ביז דעניקינס פּאָגראָם־כוואַליע.

פאַר דעם איצטיגען מאָמענט מוז מען די צאָל געליטענע פאַר־דאָפּלען, אזוי אז מען קאָן רעכענען לערך ביי אַ איינס און אַ פערטעל מיליאָן געליטענע. די היזקות דורכ'ן איצטיגען רובעל־קורס ווערען געשאַצט אין מיליאַרדען.

ווען מען זאָל נאָך צו דעם אַלעם צוגעבען די מערערע צענד־ליגער טויזענטער פאַראומגליקטע יתומים (50,000—60,000), וועל־כע זיינען געבליבען אָן אַ שפּייזער, פאַראומגליקטע אויף איביג, — דאַן וועט דאָס בילד פון דער פאַרניכטונג פונ'ם אידישען לעבען אין אוקראַינע זיין פולקום.

דאָס איז די מאַרטירער־כראָניק אין עפּיזאָדען און ציפערען. אָבער וואו נעמט מען אַ מאָס פאַר די ליידען און פּיין פון דעם פאַראומגליקטען אוקראַינישען אידענטום! אויפ'ן גאַנצען אוקראַי־נישען אידענטום האָט זיך ווי פאַרשפּרייט אַ שוואַרצע כמארע. צענדליגער, הונדערטער טויזענטער קרבנות און הונדערטער טוי־זענטער, וואָס האָבען דאָס אַלץ איבערגעלעבט, ביי וועמען דער

שרעק און גרויל וועלען זיך קיינמאָל ניט אָפּווישען פון זכרון, הונדערטער טויזענטער צעבראָכענע, דערמידעטע מענשען־שאָטענס.

די מאסען־שחיטה אין אוקראינע פון 1919 וועט אריינגע־טראָגען ווערען אין דער גראָער געשיכטע פון פיל־געליטענעם אי־דישען פאָלק, ווי איינער פון די טראגישסטע קאפּיטלען.

# ביילאַגע

## רעגיסטראַציע פון פּאָגראָמירטע פונקטען אין אוקראַינע, פון וועלכע דער אַלאוקראַינער פּאָגראָם-הילפס-קאָמיטעט פון רוטען-קרייץ האָט געהאַט מודעות צום סוף סעפּטעמבער 1919

### 1. קיעווער גובערניע

#### א) טשערנאָבילער ראַיאָן

(סטרוקס באַנדעס)

1) טשערנאָביל, 2) גאָרנאָסטאַיפּאָל, 3) איוואַנקאָוו, 4) כאַבנאָיע, 5) מעזשיגאָריע, 6) ווישגאָראָד, 7) אפּאַנאָוויטשי, 8) טשערוואַטשי, 9) איווינצײ, 10) זאַלאָשי, 11) קאַבאַנײ, 12) נאַגאָרצײ, 13) קראַסנאָ, 14) טשינקאָוו, 15) קאָשעווקא, 16) דאָמאַנעווקאָ, 17) אָרנײ, 18) סטראַכאָלעסיע, 19) סוכאָלוטשע, 20) ראָדניקי, 21) פּעטראָוויטשי, 22) סוואַריליא, 23) דעמידאָוו, 24) באַראַוויטשי, 25) מאַרטינאָוויטשי, 26) בורא, 27) פּאַוולאָוויטשי, 28) מאַקסימאָוויטשי, 29) קאַראַגאַדי, 30) ריטיאַטקי, 31) פּעטשקי, 32) אָראָנײ.

#### ב) טריפּאָליער ראַיאָן

(זעלעניס באַנדעס)

1) טריפּאָליע, 2) רזשישצעוו, 3) קאַגאָרליק, 4) קאָזין, 5)

גריגאָריעווער צוקער־פאַבריק, 6) וואַסילקאָוו, 7) אָבוכאָוו, 8) דאָרף אָלשאַנקא, 9) דאָרף פּליסעצקאָיע.

### ג) טשערקאַס־טשיגירינער ראַיאָן (גריגאָריעווס באַנדעס)

1) טשערקאַס, 2) מאָשניי, 3) בעלאָזעריע, 4) גאָראָדישטשע, 5) אָרלאָוועץ, 6) סמעלא, 7) ראָטמיסטראָווקא, 8) באָברינסקאַיא, 9) צוועטקאָוואָ, 10) מעדוועדעווקא, 11) גאַי־גאָראָד, 12) מאַטו־סאָוואָ, 13) שפּאָלאָ, 14) טעלעפּינאָ, 15) קאַמענקא, 16 אַלעק־סאַנדראָווקא, 17) פּונדוקלייעווקא, 18) לעבעדין, 19) זלאַטאָפּאָל, 20) טשיגירין.

### ד) בערדיטשעווער ראַיאָן

1) בערדיטשעוו, 2) קאַזאַטין, 3) מאַכנאָווקא, 4) סאַמגאָראָד.

### ה) טאַראַשטשער ראַיאָן

1) טאַראַשטשא, 2) באָגוסלאַוו, 3) מיראָנאָווקא, 4) ראָסאַוואַ, 5) סטעפּאַנציי, 6) טאַגאַנטשא, 7) אָלשאַניצא, 8) ראַכיטנאָ, 9) פּאָשעוואַטאָ, 10) סטעבלעוו, 11) קאָרסון און ארומיגע דערפער, 12) סטאַרישטשע, 13) באָיאַרקי, 14) רייזשאַנאָווקע, 15) סטע־פּאַנאָווקא, 16) ניעבעלעווקא.

### ו) אומאַנער ראַיאָן

1) אומאַן (19 יוני), 2) דובאָוואָ (13, 14 יוני), 3) טאַלנאָיע, 4) כריסטינאָווקא, 5) לאַדייזשענקא, 6) וויאַזאָוואָק, 7) מאַניקאָווקא, 8) איוואַניקא, 9) בוקי, 10) פּאָטאָשי.

### ז) סקווירער און פּאָגרעבישטשענער ראַיאָן

1) סקווירא, 2) וואָלאָדאַרקא, 3) פּאַוואָלאָטש, 4) נאָוואָ־פּאַסטאָוו, 5) פּאָגרעבישטשע, 6) דזיונקאָוו (5 יולי), 7) באָר־שטשאַגאָווקא, 8) סמאַזשינציי, 9) שירמאַווקא, 10) באַלאַשקי, 11) באַראַזאַווקי, 12) לעשטשינציי, 13) סאַראַזשינציי, 14) קאַ־לינאָווקא, 15) פּרילוקי (4 יולי), 16) טורבאָוו, 17) וואַכנאָווקא (8 יולי), 18) ליפּאַוועץ, 19) טעטיעוואָ (6 יוני), 20) דאַשעוו.

### ח) ראַדאָמיסלער־זשיטאָמירער ראַיאָן (סאָקאָלאָווסקים באַנדעס)

1) ראַדאָמיסל, 2) מאַקאַראָוו, 3) ראָזשעוו, 4) ברוסילאָוו, (15 יולי), 5) יאַסנאָגאָראָדקא, 6) קאַרנין, 7) חאָדאָרקאָוו, 8) קאָ־ראָמיישעוו, 9) רוסאַנאַווקא, 10) מירטשי, 11) קאָראָלעווקא, 12) פּוטיעווקא, 13) גאָרבולעוו, 14) ווערבי, 15) וועפּרין, 16) ווײַשע־ווייטש, 17) אַליעווקא, 18) נאָוואַיאַ בודא, 19 איטקי, 14) ליע־סאָפּילניא גולעווקא, 21) סווידי, 22) טריקאָוויטשי, 23) וואָראָוו, 24) ווידייבאַר, 25) קאַמענניי בראָד (יולי), 26) קאַמענניי בראָד, פּאַסטאָוועך וואָלאָסט, 27) סאַלי, 28) סאַדייבאַ, 29) אוסניק, 30) קראָשי, 31) ניעקראַשי, 32) בעראָזאָווקא, 33) סלאַבאָדקא, 34) זאַבאַריי, 35) ווייסאָקאָיע, 36) מאָקרענשטינא, 37) וואַראַוו־סקא, 38) רודניא, 39) טאָפּאָרישטשע, 30) באָבריק, 41) שיר־שיניי, 42) דוברין, 43) בוקי, 44) ריישקי, 45) גאָלאָוויק, 46) גאַליעווקא, 47) טראָקאָוויטשי, 48) קראַיעוומשין, 49) קסאַוו־ראָווקא, 50) נירא־שקא, 51) פּעוונא.

## 2. וואָלינער גובערניע

### א) אורוטשער ראַיאָן

1) אורוטש, 2) פּאָטאַפּאַוויטשי, 3) גאָשעווא, 4) כריסטי־

נאָווקא, 5) באסקאָוויטשי, 6) קסאוועראָוו, 7) לושניי, 8) סלאָ־וועטשנאָ, 9) אושאָמיר, 10) נאָוואטשקאָ, 11) בעלאָשטשיצאַ, 12) קאָראסטין, 13) אָלעווסק, 14) זמילטשינאָ, 15) טכאָרין — א דאָרף 2 ווערסט פון סלאָוועטשנא, 18) שערשני — א דאָרף 4 ווערסט פון סלאָוועטשנא, 19) דאָברינא — 4 ווערסט פון סלאָ־וועטשנא, 20) גאָרשיק — 4 ווערסט פון סלאָוועטשנא.

ב) זשיטאָמירער ראַיאָן (זעה קיעווער גוב. ראַיאָן פון סאָקאָלאָווסקים באנדעס)

1) זשיטאָמיר, 2) טשערניאכאָוו (20־25 יוני—8 פאָגראָמען), 3) קאָטעלניא, 4) אנדרושעווקא, 5) גאָראשקי, 6) פולין, 7) יאנוש־פאָל, 8) טשודנאָוו, 9) ראָמאנאָוו, 10) מיראָפאָל, 11) פאָלאננאָיע, 12) שעפעטאָווקא, 12) נאָוואָגראד־וואָלינסקי, 14) אינדראשקי (יולי), 15) איווינציי.

ג) ראָוונער ראַיאָן

1) ראָוונע, 2) קלעוואן, 3) דובנאָ, 4) קרעמענעץ, 5) טעאָפי־פאָל, 6) בערעזין, 7) מיראָפאָל, 8) לושיניי, 9) וואסילקאָוויטשי.

3. פאדאָליער גובערניע

א) האַיסינער ראַיאָן

א) האיסין (ענדע יולי), 2) גראזנאָוו, 3) קיטאַי־גאָראָד, 4) קובליטש, 5) טעפליק (יולי), 6) זלאטקאָווציי, 7) טערנאווקא, 8) לאדייזשין, 9) סאָבאָלעווקא, 10) מיכאלעווקא, 11) מיכאילאָוו־קא, 12) קוזמינציי, 13) בראילאָוו, 14) ראיגאָראָד, 15) אָבאָדין (10 יולי) 16) נעמיראָוו, 17) פעטשאָריי (די גאנצע אידישע בא־

פעלקערונג, 100 מענשען, אויסגע'הרג'עט), 18) שינקאָוו, 19) טול־טשין (14 יולי), 20) טראָסטיאַנעץ (3 יולי), 21) וואכאָווקא, 22) וואפניארקא, 23) זשאבאָקריץ, 24) סיטאָוויצי, 25) בערשאדאָ, 26) קאַלינאָווקא, 27) מעזשיבאָזש, 28) אָבאָדאָווקא, 29) ווער־כאָווקא, 30) גאָלאָוואַנעווסק.

### ב) באַלטער ראַיאָן

1) באַלטא, 2) קאָדיימא, 3) אָלגאָפּאָל, 4) טשעטשעלניק (יוני), 5) גאָלאָסקאָווא, 6) קריוואָיע אָזעראָ, 7) יאמפּאָל, 8) סטאנ־ציע אולאדאָווקא.

### ג) וויניצער ראַיאָן

1) ליטין (14 מאי און 18 יולי), 2) פּינקאָוו (10 יולי), 3) יאַנאָוו (15 יולי), 4) כמעלניק (יוני), 5) נאָוואָ־קאָנסטאַנטינאָוו, 6) סטאַראַיאַ סיניאַווא, 7) לעטישטשעוו, 8) בראַצלאָוו, 9) זשמע־רינקא, 10) וואָראָנאָוויצי (10 יולי), 11) שענדעראָוו, 12) באר, 13) יאלטושקאָווא, 14) סטריזשאַנקא.

### ד) פּראָסקוראָווער ראַיאָן

1) פּראָסקוראָוו (14 און 15 פעברואר), 2) פעלשטין (16 פעב־רואר), 3) דעראַשניא, 4) גרזשיבאָוו, 5) לעטיטשעוו, 6) זינקאָוו, 7) ראַינאראד, 8) סטריזשעווקא.

### ה) קאַמענעץ־פּאָדאָליער ראַיאָן

קאַמענעץ־פּאָדאָלסק.

### 4) כערסאָנער גובערניע

1) יעליסאַוועטגראד, 2) באָגאָדוכאָוו, 3) אַנאַפּאָל, 4) גאָל־טאַ, 5) אַנאַניעוו, 6) סטאַנציע איוואַנאָווקא, 7) זנאַמענקאַ, 8)

אַלעקסאַנדריאַ, 9) סאַבלינאָ־זנאַמענער צוקער־פאַבריק, 10) קאַסעל, א דייטשע קאָלאָניע, 11) טאָמאַשאָוו, 12) וועסיאָלייקוט, 13) גראָסולעווא, 14) סעמיאָנאָווקא.

## 5. פּאָלטאַווער גובערניע

1)פּאָלטאַווא, 2) קאָבעליאַקי, 3) קרעמענטשוג, 4) ראָמאָדאַן, 5) פּיריאַטין, 6) לובניי, 7) זאָלאָטאָנאָשא, 8) סעמיאָנאָווקא, 9) פּערעיאַסלאַוו, 10) גלאַבין (קרעמענטשוגער אויעזד), 11) וועסיאָליי פּאָדאָל.

## 6. טשערניגאָווער גובערניע

1) בראָוואַריי, 2) איטשניא.

